אַווגוסט סטרינדבערג

# חתונה־האָבן

צוואַנציק חתונה־געשיכטעס

יידיש מ. זילבורג

תרפ"ד — ווילנע — 1924
ווילנער פאַרלאַג
פון ב. א. קלעצקין

# אַ ז ר אַ.

אַז זיין מאַמע איז געשטאָרבן, איז ער געווען דרייצן יאָר אַלט. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט פאַרלאָרן זיין בעסטן פריינד, ווייל אין משך פון דעם יאָר, וואָס די מאַמע איז גע־לעגן צו בעט, האָט ער זיך מיט איר נעענטער באַקאַנט און באַ־פריינדט, וואָס עס טרעפט זייער זעלטן צווישן עלטערן און קינדער. ער איז געווען אַנטוויקלט ניט נאָך זייגע יאָרן און האָט געהאַט אויף זיך אַ וואוילן קאָפּ. אַחוץ זיינע שולביכער, האָט ער נאָך געלייענט אַ סך אַנדערע ביכער, ווייל זיין טאַטע, וואָס איז געווען פּראָפעסאָר פון באָטאַניק ביי דער אַקאַדעמיע פון וויסנ־שאַפטן, האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק. די מאַמע אָבער איז פון דער היים אויס ניט געווען קיין איבעריקע משכלת און נאָך דער חתונה איז זי אינגאַנצן אַריין אין דער באַלעבאַטישקייט און שפּעטער אין דער טעגלעכער זאָרג פאַר אירע קינדער. איצטער, צו ניין־און־דרייסיק יאָר, נאָכדעם ווי זי האָט אינגאַנצן געפּטרט אירע כּוחות פון אַ סך קינדער־האָבן און פון שטענדיקן אויף־זיין ביינאַכט, (פאַר די זעכצן יאָר, זינט זי האָט חתונה גע־האַט, האָט זי זיך קיין איין נאַכט ניט אויסגעשלאָפן ווי געהעריק). איצטער, ווען זי האָט זיך געלייגט קראַנק צום בעט און האָט זיך מער ניט געקענט פאַרנעמען מיט דער באַלעבאַטישקייט, האָט זי זיך נעענטער באַקאַנט מיט איר צווייטן זון; דער עלטסטער איז געווען אַ קאַדעט און פלעגט נאָר די זונטאָגס פאַרברענגען אין דער היים.

און היות ווי זי האָט אויפגעהערט צו זיין די טרייע, אי־בערגעגעבענע עקרת הבית און איז פון איצט אָן געווען ניט מער

ווי אַ חולה, איז דער אַלטמאָדישער גייסט פון דיסציפלין, וואָס ליגט אין דער פאַרהעלטעניש צווישן עלטערן און קינדער, אינגאַנצן פאַרשוואונדן. דער דרייצניעריקער זון איז כמעט שטענדיק, ווען ער איז נאָר פריי געווען פון שול און שול־אַרבעט, געזעסן בײַ איר בעט און האָט איר פאָרגעלייענט. זי האָט געהאַט אַ סך פראַגן צו שטעלן, און ער — אַ סך צו דערקלערן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די מחיצה פון מצב און עלטער צווישן זיי זאָל פאַלן. אויב ווער פון זיי איז געווען שטאַרקער, איז דאָס אַוודאי געווען דער זון. די מאַמע אָבער האָט אים געהאַט אַ סך צו באַלערנען פון אירע נסיונות און דערפאַרונגען אין לעבן. אַזוי־אַרום האָט זיך די ראָלע פון לערער און תלמיד שטענדיק געביטן צווישן זיי. און לסוף האָבן זיי געקענט אָפן מכוח אַלץ צווישן זיך ריידן. מיטן פיינעם טאַקט פון אַ מאַמען פאַרן בושה־געפיל פון איר זון, וואָס איז שוין באַלד געווען אַ רייפער מאַנסביל, האָט זי אים קורץ אויפגעקלערט וועגן סוד פון פריה ורביה. ער איז נאָך געווען אַ תמים, אָבער ער האָט שוין אַ סך געהערט און געזען אין שול, וואָס עס האָט אים אויפגעבראַכט און אָפגעעקלט. די מאַמע האָט אים אַלץ דערקלערט, וואָס עס האָט זיך געלאָזן דערקלערן; זי האָט אים אָבער אויך געוואָרנט צו היטן זיך פאַרן געפערלעכן שונא, וואָס לויערט אויפן יונגן מענטשן און האָט בײַ אים גענומען אַ הבטחה, אַז ער וועט זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון זינדיקע פרויען, אַפילו פון בייגעריקייט וועגן ניט, דען אין אַזעלכע פאַלן איז קיינער קיינמאָל ניט זיכער מיט זיך. און זי האָט אים באַלערנט, ווי אַ מענטש דאַרף זיך פירן אין לעבן און ווי גאָט צו בעטן, ווען דער נסיון קומט.

דער טאַטע האָט זיך אינגאַנצן אָפגעגעבן דער אייגענער הנאה פון זיין וויסנשאַפט, וואָס איז פאַר זיין ווייב געווען ווי אַ פאַרחתמעט בוך. פונקט דאַמאָלסט, בשעת די מאַמע האָט געהאַלטן בײַ דער גסיסה, האָט ער געמאַכט אַן אַנטדעקונג, וואָס האָט געזאָלט פאַראייביקן זיין נאָמען אין דער געלערנטער וועלט. עס איז אים געלונגען, ערגעץ־וואו אויף אַ לאַגער־פּלאַץ בײַ שטאָקהאָלם, צו געפינען אַ נייעם אַרט בלימל פון דעם מין־„גאַנזנפוס", ניט

ווי געוויינלעך מיט אויפגעשטעלטע הערעלעך אויף זיין בעכערל׳ נאָר מיט געבויגענע. ער האָט גראָד דאַמאָלסט פאַרהאַנדלט מיט דער בערלינער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן אַריינצונעמען זיין בלימל אין דער „גערמאַנישער פלאָרע״. איטלעכן טאָג האָט ער געוואַרט אויף אַ תשובה, מיט דער האָפענונג, אַז די אַקאַדעמיע וועט זיין בלימל געבן דעם נאָמען רענאָפאָביאום וועגערשטראָ־מיאַנום און דערמיט פאַראייביקן זיין נאָמען. ביי זיין ווייבס גסיסה־בעט איז ער געווען צעטראָגן, ניט ביי זיך, כמעט אָנגע־ברוגזט. מחמת פונקט דאַמאָלסט האָט ער דערהאַלטן די פריילעכע בשורה פון דער אַקאַדעמיע און ער האָט געהאַט קלעמעניש, וואָס ער האָט זיך אַליין, און אַ פשיטא שוין דער ווייב ניט געקענט דערפרייען מיט דער גרויסער בשורה. זי איז געווען מיט אירע מחשבות ביי גאָט און ביי אירע קינדער, און די בשורה פון אַ קרומהאָריקן בלום־בעכערל פאַר איר, האָט אים אַליין עפעס לעכערלעך אויסגעוויזן, הגם ער האָט מלמד זכות געווען אויף זיך, אַז דאָ איז באמת ניט דער עיקר פון אַ קרומהאָריקן אָדער גלייכהאָריקן בלום־בעכערל, נאָר דער פאַקט אַליין פון אַ וויסנ־שאַפטלעכער אַנטדעקונג. אָבער נאָכמער: ס׳האַנדלט זיך וועגן זיין צוקונפט, וועגן דער צוקונפט פון זיינע קינדער, וואָרעם אין תוך גענומען, איז דאָך דער כבוד פון טאַטן זייער ברייט געווען.

ווען זיין ווייב איז אינאָוונט געשטאָרבן, האָט ער ביטער געוויינט. שוין לאַנג, זייער לאַנג אַז ער האָט ניט געוויינט. ער האָט זיך געקוועלט פון חרטה פאַר דעם אומרעכט — און זאָל אַפילו זיין ניט קיין גרויס אומרעכט—וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זיין ווייב, ווייל לויט זיין כאַראַקטער איז ער געווען אַ מוס־טער פון אַ מאַן. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין נעכטיקע אומ־פריינדלעכקייט און צעשטרייטקייט, און אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט דערפילט אַ פוסטקייט אַרום זיך, האָט ער דייטלעך דערזען, ווי קליינלעך און עגאָאיסטיש זיין וויסנשאַפט איז, וועלכע, ווי ער האָט זיך איינגערעדט, אַרבעט פאַר דער מענטשהייט. אָבער דידאָזיקע געפילן האָבן לאַנג ניט געדויערט; אַזוי ווי אַ טיר אויף פרוזשינעס, ווי נאָר מ׳עפנט זי, אַזוי פאַרהאַקט זי זיך תיכף

צוריק. אויף מאָרגן, נאָכדעם ווי ער האָט עפּנטלעך מודיע גע־
ווען פון זיין ווייבס פּטירה, האָט ער זיך געזעצט גלייך שרייבן
אַ דאַנק־בריוו צו דער בערלינער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן. און
איז ווידער אַריין אין זיין טעגלעכער אַרבעט.

ווען ער איז געקומען אַהיים צו מיטאָג, האָט ער, פאַרגעסנ־
דיק, געוואָלט אַריינגיין צו זיין ווייב אָנזאָגן איר פון זיין שמחה.
איז זי דאָך געווען זיין איינציקע טרייע פריינדין, וואָס האָט אים
אין זיין צער געטרייסט, דער איינציקער מענטש, וואָס האָט אים
זיין ערפאָלג ניט מקנא געווען. איצטער ערשט האָט ער דערפילט
ווי עס פעלט אים אָט די טרייע פריינדין, וואָס האָט אויף אַלץ
מסכים געווען וואָס איז נאָר געלעגן אין זיין טובה. זי האָט אים
קיינמאָל ניט סותר געווען זיינע רייד, הגם זי האָט ניט געוואוסט
מיט וואָס צו סותר זיין, דען ער האָט איר דאָך תמיד מודיע גע־
ווען בלויז די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען. איין
רגע האָט ער געהאַט בדעה צו דערנענטערן זיך צו זיין זון, אָבער
זיי זיינען געווען פאַרפרעמדט און די האַלטונג פון טאַטן אַנט־
קעגן זיין זון איז געווען ווי די האַלטונג פון אַן אָפיציר צום
סאָלדאַט. זיין הויכער מצב האָט אים ניט דערלויבט צו איבעריקע
התקרבות. אַ חוץ דעם האָט ער עפּעס ניט געהאַט קיין איבעריקע
אמונה אין זיין זון, ווייל יענער האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפערן קאָפּ
פאַרן טאַטן און ווייל ער איז געווען באַהאַוונט און אָנגעלייענט
אין אַ סך נייע ביכער, פון וועלכע דער טאַטע האָט קיין ידיעה
ניט געהאַט. עס האָט זייער געקענט געמאָלט זיין דער פאַל, אַז
דער טאַטע, דער פּראָפעסאָר, זאָל ביי זיין זון, דעם גימנאַזיסט,
אַ פּנים האָבן פון אַן עם־הארץ. אין אַזאַ פאַל האָט דער טאַטע
געמוזט איינס פון די ביידע, אָדער מבטל זיין פון זיין געלערנטער
הייך די אַלע מאָדערנע נאַרישקייטן, אָדער פּשוט באַנוצן זיך מיטן כּוח
פון אַ טאַטן און אָפּשיקן אים צו זיינע לערנביכער. דערביי איז אָבער
אויך געמאָלט געווען, אַז דער זון זאָל זיך אין זיין תּשובה סומך
זיין אויף אַ לערנבוך און פון דאָרט ברענגען אַ ראיה. דאַמאָלסט
וואָלט דער פּראָפעסאָר אַרויס פון די כּלים און געשיקט די נייע
לערנביכער צו אַלדי רוחות.

אַזוי־אַרום האָט זיך דער טאַטע צוריק פאַרטיפט אין זיינע הערבאַריען און דער זון איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם וועג.

זייער הויז, אַ קליין איינגאָרנדיק שטיינערנער מויער, אין דער נאָרדצאָלגאַס, לינקס פון אָבסערוואַטאָריום, איז געשטאַנען אין מיטן אַ ווייט־אויסגעשפּרייטן גאָרטן. דערדאָזיקער גאָרטן האָט אַמאָל געהערט צו דער גערטנעריי־געזעלשאַפט און איז איבערגעגאַנגען בירושה צום פּראָפעסאָר. היות אָבער ווי דער פּראָפעסאָר האָט שטודירט נאָר באַשרייבנדיקע באָטאַניק און האָט זיך ווייניק אינטערעסירט מיט דער פּסיכאָלאָגיע און מאָרפאָלאָגיע פון געוויקסן — אַזוינע וויסנשאַפטן, וואָס זיינען אין זיין יוגנט נאָך פון די וויקעלעך ניט אַרויס — איז אים די לעבעדיקע נאַטור מיט איר שיינקייט כמעט פרעמד געבליבן. דעריבער איז דער פּראַקטיקער גאָרטן אינגאַנצן פאַרוואַקסן און פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. שפּעטער האָט ער אים אָפּגעגעבן אין אַרענדע צו איינעם אַ גערטנער מיטן תּנאַי פון באַזונדערע הנחות פאַר זיך און זיינע קינדער. דער זון האָט באַנוצט דעם גאָרטן פאַר זיין שפּאַציר־אָרט, האָט געשעפּט נחת פון דער נאַטור, אָט אַזוי ווי זי איז, אָן שום וויסנשאַפטלעכע חקירות.

זיין כאַראַקטער האָט אין זיך געהאַט צופיל פון דער מאַמעס ווייכקייט און צו ווייניק פון טאַטנס האַרטקייט. דעריבער איז ער געווען אַזוי ניט גלייכמעסיק און פול מיט סתירות. דאָ סענטימענטאַל אָן אַ ברעג און דאָ האַרט און סקעפּטיש. דער מאַמעס טויט האָט אים שטאַרק דערנומען. ער האָט אָפּט נאָך איר געטרויערט און אין זיין זכרון האָט ער געהיט איר אָנדענק, ווי אַ סימבאָל פון אַלדאָס גוטע, שענסטע און העכסטע אין דער וועלט.

דעם זומער, וואָס נאָך דער מאַמעס טויט, האָט ער פאַרבראַכט אין גריבלערישע מחשבות און אין לייענען ראָמאַנען. אָבער דער טרויער, און נאָכמער דאָס אַרומגיין פראַנק און פריי, האָבן צעטרייסלט זיין נערוון־סיסטעם און צערייצט זיין פאַנטאַזיע. זיינע פאַרגאָסענע טרערן זיינען געווען פאַר אים, ווי דער וואַרעמער אַפּריל־רעגן, וואָס וועקט אַזוי פריי אויף די אייבסט־ביי־

מער און פאַרנאַרט זיי צו בליען, כּדי נאָכדעם, נאָך איידער די פולע באַפרוכטונג איז געענדיקט, צו פאַלן אַ קרבן פון פראָסט.

ער איז געווען פופצן יאָר אַלט. אין יענעם עלטער, ווען דער היינטיקער מענטש איז שוין אַ מאַנסביל און איז שוין רייף צוזושטעלן אַ נייעם דור, און די איינציקע מניעה באַשטייט נאָר דערין, וואָס ער איז נאָך ניט בכּוח צו דערנערן זיינע קינדער. ער האָט אַלזאָ געמוזט נאָך אַ יאָר צען אויסהאַלטן און גובר זיין אין זיך דעם נאַטור-אינסטיקט, איידער ער וועט זיין ביכולת דעם געבאָט פון דער נאַטור מקיים צו זיין.

---

עס איז געווען שבועות-צייט אין אַ וואַרימען נאָכמיטאָג. די עפּל-ביימער זיינען געווען איינגעטונקט אין ווייסן בליעכץ, וואָס די נאַטור האָט מיט פּזרנות אויף זיי אויסגעשאָטן. דער ווינט טרייסלט די שפּיצן פון די ביימער און טרייבט אַרום די בליטן-שטייבעלעך אין דער לופט. אַ טייל פון זיי איז מקיים זיין תּכלית אויף דער וועלט און שאַפט לעבן, און אַ טייל פאַלט אויף דער ערד און גייט לאיבוד. וואָס פאַר אַ ווערז'ע האָט ביי דער רייכער נאַטור אַ הויפן מער אָדער ווייניקער בליטן-שטייבעלעך! און אַז דאָס בליעכץ ווערט באַפרוכט, לאָזט עס אָפּפאַלן פון זיך זיינע צאַרטע בלעטעלעך, וואָס פאַרוויאַנען שוין פאַלנדיק און פאַרפוילן פון רעגן, ווערן צו בלאָטע, אום ווידער אַמאָל מיטן זאַפט אין די ביימער אַריין און ווידער בליעכץ צו ווערן און, אפשר, דאָס מאָל שוין צו פרוכט. נאָר דאָ ערשט הייבט זיך אָן דער קאַמף. יענע, וואָס האָט אָפּגעגליקט צו קומען אין דער זייט פון דער זון, געדייען. דער שפּראָץ גייט אויף, אַנטוויקלט זיך. און ווען עס פאַלט ניט צו קיין פראָסט, ברענגט ער פרוכט. יענע אָבער, וואָס זיינען צום צפון זייט, די אָרעמע נפשות געבעך, ווען עס איז באַשערט צו לעבן אין צווייטנס שאָטן, ניט אָנזעענדיק די שיין פון דער זון, יענע פאַרוויאַנען און פאַלן אָפּ. דער גערטנער שאַרט זיי צוזאַמען און פירט זיי אַוועק אין שטאַל.

און אָט שטייט שוין דער עפּל-בוים, די צווייגן אָנגעפּי-

קעוועט מיט האַלב־צייטיקע פּירות, קליינע, רונדע עפּעלעך מיט ראָזעווע בעקלעך. און איצט קומט צו אַ נייער שטרייט: זאָלן אַלע עפּל לעבן בלייבן, מוזן די צווייגן איינברעכן פון דער משא און דער בוים מוז אָפּשטאַרבן. דעריבער ווערט געשיקט דער שטורעם. און דאָ מוז מען שטאַרקע שטעקעלעך האָבן, מיט וואָס צו האַלטן זיך פעסט. ווײ איז צו די שוואַכע — זיי זיינען צום אונטערגאַנג פאַרמשפּט.

און אָט איז דער עפּל־וואָרים! אים האָט אויך גאָט גע־שענקט לעבן, און ער טראָגט אויף זיך אויך די אַחריות פאַר זיין מין! און די ווערים פרעסן דורך דעם עפּל ביז צום שטענגל און ער פאַלט אַראָפּ צו דער ערד. אָבער דער וואָרים האָט דער־צו געשמאַק אויך און קלייבט דווקא אויס די געזינדסטע און שטאַרקסטע, אפנים, כּדי די קאָנקורענץ זאָל ניט זיין אַזוי פאַר־ביטערט פאַר די שוואַכע.

אין אָוונט־צייט, אין די טונקעלע שעהן, כאַפּן זיך אויף די טונקעלע תּאוות פון די בעלי־חיים. דער נאַכט־פויגל בעט זיך אויס אויף דער פריש אויסגעגראָבענער בייט פון גאָרטן און לאָקט צו צו זיך דעם „ער". וועלכן? דאָס זיינען שוין מכריע צווישן זיך די „ערן" אַליין.

די קאַץ גנבעט זיך אַרויס אַ זאַטע און אַן אויסגעוואַרעמטע פון אונטערן אויוון, און גייט מיט אָפּגעהיטע טריט איבערן גראָז צווישן נאַרציסן און ווייסע ליליען, זי זאָל חלילה ניט נאַס און צעשויבערט ווערן פון טוי איידער איר געליבטער קומט אָן. זי שמעקט פון דער ערשט פונאַנדערגעעפנטער לעוואַנדע און לאָקט מיאַוקענדיק צו זיך דעם קאָטער. פון איבער דעם שכנס פּלויט קומט דער שוואַרצער קאָטער, ברייט אין רוקן ווי אַ מאָרדער, און ענטפערט אויף דעם צורוף; דערווייל קומט צו פון שטאַל דעם גערטנערס געפלעקטער קאָטער און עס פּאַרקאָכט זיך אַ קאַמף, די שוואַרצע, ווייכע בייטן־ערד ווערט צעשליידערט אין דער לופט און די אײַנגעזייטע רעטעכלעך און שפּינאַט־זוימען ווערן אויפ־געוועקט פון זייער זיסן שלאָף און צוקונפט־חלומות. דער שטאַר־קערער איז מנצח, און די נקבה וואַרט אָפּ נייטראַל אָן אַ זייט,

ביז זי גיט זיך אָפּ די היציקע אומאַרמונגען פון דעם זיגער. דער באַזיגטער אַנטלויפט אָנצוהויבן ערגעץ אַ נייעם קאַמף, וואו עס איז אים אפשר באַשערט דער זיגער צו בלייבן.

און די נאַטור שמייכלט צופרידן. ווייל פאַר איר איז ניטאָ קיין אַנדער אומטרייקייט אויסער די אומטרייקייט צו איר געבאָט. און זי האַלט מיט דעם שטאַרקערן, ווייל זי באַדאַרף געזונטע קינדער, און זאָל אַפילו זיין איבער די קערפּערס פון שוואַכע. און דערביי קיין אָנשטעל פון בושה, קיין איבעריקע קווענקלעניש, קיין מורא פאַר די רעזולטאַטן, ווייל זי האָט פאַר יעדערן אָנגעגרייט זיין שפּייז — אַחוץ פאַרן מענטשן.

נאָכן אָוונט־ברויט איז ער אַרויס אין גאָרטן שפּאַצירן. דער טאַטע האָט זיך צוגעזעצט צום פענסטער פון שלאָפצימער אויסצורויכערן זיין לולקע און איבערלייענען זיין אָוונט־צייטונג. ער האָט שפּאַצירט איבער די וועגן און איינגעאָטעמט אין זיך יענע אַלערלייאיקע ריחות, וואָס די געוויקסן לאָזן אַרויס פון זיך נאָר אין דער צייט פון בליען; דאָס פייַנסטע און שטאַרקסטע דעסטילאַט פון די עפּירנע איילן, וואו יעדער קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אינדיווידועלע קראַפט, כדי צו דערגרייכן די מדרגה פון אַ פאָרשטייער פון זיין מין. ער האָט געהערט דעם חתונה־געזשום פון די קאָמאַרעס אַרום די ליפּעס, וואָס קלינגט פאַר אונזער אויער ווי אַ קלאָג־ליד. ער האָט געהערט דעם רופנדיקן געשריי פון די נאַכט־פייגלען, דעם תאווהדיקן יאָמער פון די קעץ, דעם געזשום פון די מיסט־זשוקעס, דעם געפלאַטער פון די שמעטערלינגען און דעם פּיפּס פון די פלעדערמייז.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ בייט מיט נאַרציסן, האָט אָפּגעפליקט אַ בלימל און איינגעאָטעמט אין זיך זיין ריח, ביז עס האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שלייפן. ער האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט צוגעקוקט געניי צו אָט דעם בלימל. אָבער אין לעצטן קלאַס האָט ער געלייענט אין אָוויד ווי אַזוי דער שיינער יינגל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נאַרציס. וואָסער עס איז טיפערע כוונה האָט ער אין דעדאָזיקער מיטאָלאָגישער מעשה ניט אַרויסגעפונען. עס איז אַ מעשה מיט אַ יינגל, וואָס האָט קיין

ענטפּער אויף זיין ליבע ניט געפונען און טראָגט אַריבער אָט די תאווה אויף זיך אַליין, ביז ער ווערט לסוף פאַרברענט פון ליבע צו זיין אייגן פנים, וואָס דער קוואַל שפּיגלט אים אָפּ. און באַקוקנדיק דאָ איצטער אָט די בעכער־בלעטער, געלע ווי וואקס, ווי די באַקן פון אַ חולה, אָט מיט דיראָזיקע איידעלע, רויטלעכע אָדערלעך, ווי מ׳זעט עס ביי אַ לונגען־קראַנקן, ביי וועמען דאָס בלוט ווערט פון ווידערהאָלטן הוסטן אַרויפגעטריבן אין די אייבערשטע איידעלע געפעס פון דער הויט—טראַכט ער פון זיינעם אַ שול־חבר, אַ יונגן אַריסטאָקראַט, וואָס איז געווען אַ ים־קאַדעט: אַזאַ אויסזען האָט ער געהאַט.

נאָכדעם ווי ער האָט אַ היפּשע צייט איינגעאָטעמט דעם ריח פון בלום, האָט זיך דער זיסער אַראָמאַט אויסגעוועפּט, לאָזנדיק נאָך זיך אַ מיאוסן־גערוך פון זייף, פון וואָס אים האָט געכאַפּט ניט־גוט ווערן.

ער האָט ווייטער געוואַנדערט ביז ער האָט פאַרקערעוועט אין אַ געוועלבטער אַלעע. אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט האָט ער דערזען פון ווייטן, ביים סאַמע עק פון דער אַלעע, די גרינע שטריק־הוידע, ווי זי וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ. אויף דעם הינטערשטן ראַנד פון ברעט, האָט אַ מיידל פונאַנדערגעוויגט די הוידע, זי האָט אונטערגעבויגן די קני און פאַרוואָרפן דעם קערפּער אויף פאָרנט, אָנהאַלטנדיק זיך דערביי מיט אויפגעהויבענע אָרעמס ביי די זייטיקע שטריק. דאָס איז געווען דעם גערטנערס טאָכטער, וואָס איז פּסח־צייט קאָנפירמירט געוואָרן און דעריבער שוין באַקומען לאַנגע קליידער. אָבער היינטיקן פאַרנאַכט האָט איר די מאַמע געגעבן אָנטאָן אַ קורץ קליידל, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט אויסטראָגן אין דער היים.

ווי זי האָט דערזען דעם יונגן בחורל, האָט זי זיך לכתחילה אַ ביסל פאַרשעמט פון געדאַנק, אַז ער זעט אירע זאָקן ביז איבער די קני, איז אָבער געבליבן שטיין. טעאָדאָר האָט זיך דערנעענט צו איר און האָט זיך צוגעקוקט.

— זייט מוחל, טרעט אָפּ פון דאַנען, הער טעאָדאָר, האָט די מיידל געזאָגט, פונאַנדערוויגנדיק די הוידע.

— פאַרוואָס עפּעס? האָט געענטפערט דער ייִנגל, פילנדיק ווי דער ווינט פון אירע פלאַטערנדיקע קליידלעך ווייט אים אויף זיינע צעהיצטע שלייפן.

— ניין, איך בעט אייך! האָט געזאָגט די מיידל.

— לאָזט מיר, כ'וועל אַרויף און וועל אייך הוידען, אויגוסטע, האָט געזאָגט טעאָדאָר און פלינק אַרויפגעכאַפּט זיך אויף דער הוידע.

און ער שטייט אויפן ברעטל פונקט אַנטקעגן איר. ווען די הוידע איז אַרויף אין דער הויך, האָט זיך איר פלאַטערנדיק קלייד געוויקלט אַרום זיינע פיס, און בשעת זי איז אַראָפּ אין דער טיף, איז ער געווען אָנגעבויגן איבער איר און האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, וואָס האָבן פאַר מורא און נחת גע־פינקלט. דאָס ענגע קאַרטונענע בלוזקעלע האָט גלאַט אַרומגעכאַפּט אירע יונגע בריסט, וואָס האָבן זיך פון אונטערן דינעם שטאָף שאַרף אָפּגעצייכנט. איר מויל איז געווען האַלב־אָפן און די ווייסע ציינער האָבן צו אים צוגעשמייכלט, אָט ווי זיי ווילן אים ביסן אָדער קושן.

די הוידע האָט זיך אַלץ העכער אויפגעהויבן, ביז זי האָט זיך איינמאָל אָנגעשלאָגן אָן די צווייגן פון אַ קלען. די מיידל האָט אַרויסגעלאָזן אַ געשריי און איז צוגעפאַלן צו אים. ער האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן אויפן ברעטל. בשעת ער האָט דערפילט איר ווייסן וואַרימען קערפּער ווי ער צוקט אין זיינע אָרעמס, איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַריבער איבער זיינע נערוון; עס איז אים טונקל געוואָרן פאַר די אויגן, און ווען ער וואָלט ניט געפילט איר ברוסט צוגעדריקט צו זיין אָרעם, ווער ווייס צי וואָלט ער זי ניט אַרויסגעלאָזט פון די הענט.

די הוידע איז אַוועק פאַמעלעכער. זי איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך געזעצט ביים אַנדער ברעג פון ברעטל, אַנטקעגן אים. אַזוי זיינען זיי געזעסן און האָבן אַראָפּגעקוקט אַרונטער, שעמענדיק זיך צו קוקן גלייך אין די אויגן.

ווי די הוידע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז די מיידל אַראָפּ און דערביי געמאַכט אַן אָנשטעל ווי זי ענטפערט עמיצן, וואָס

רופט צו איר פון ווייטן. טעאָדאָר איז געבליבן אַליין. דאָס בלוט האָט געקאָכט אין זיינע אָדערן. ער האָט דערפילט ווי זיין כוח האָט זיך פאַרדאָפּלט. ס'איז אים אָבער ניט גאַנץ קלאָר געווען, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. ער האָט זיך עפּעס טונקל פאָרגעשטעלט, אַזוי ווי ער איז אַן עלעקטראָפאָר, וואָס זיין פּאָזיטיווע עלעקטריציטעט האָט זיך ביי דער אַנטלאָדונג באַרירט מיט דער נעגאַטיווער. און געשען איז דאָס ביי אַ גאַנץ צופעליקער, כמעט צניעותדיקער באַרירונג מיט אַ יונגער פרוי. עפּעס אַזוינס, האָט ער קיינמאָל ניט געפילט, ווען ער האָט, למשל, ביים ראַנגלען זיך אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פעסט אַרומגענומען זיינע חברים. ער האָט, הייסט עס, דערשפּירט די אַנטקעגנגעזעצטע קראַפט פון ווייבלעכן מין, און פון דעם מאָמענט אָן איז אים קלאָר געוואָרן וואָס דאָס הייסט אַ מאַנסביל צו זיין. און ער איז באמת שוין געווען אַ מאַן. ניט אַ פּריצייטיקער, וואָס איז דורך פאַרגוואַלטיקונג פון דער נאַטור פרי רייף געוואָרן. ניין, ער איז בטבע געווען אַ געזונטער און פאַרהאַרטעוועטער יינגל.

בלאָנדזשענדיק איצטער איבער די וועגן פון גאָרטן, האָט ער אין זיך דערפילט ווי אַ צופלוס פון נייע מחשבות. עפּעס האָט דאָס לעבן מיטאַמאָל באַקומען אַן ערנסטן פּנים. אַ געפיל פון אַחריות האָט זיך אין אים דערוועקט. אָבער ער איז ערשט אַלט געווען ניט מער ווי פופצן יאָר. ער איז נאָך ניט קאָנפירמירט געווען און ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום קען ער ווערן אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, אַלזאָ ביז דאַמאָלסט זעלבשטענדיק צו זיין האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. פון ווייב און קינד שוין אָפּגערעדט. זיין ערנסטער קוק אויפן לעבן האָט אים ניט דערלאָזן צו באַטראַכטן די פרוי לייכטזיניק, פאַרקערט, אַ ווייב איז געווען פאַר אים עפּעס חשובעס אין לעבן, זיין צווייטער פּאָליוס, אַ דערפילונג. ער איז שוין איצט געווען גייסטיק און קערפּערלעך צייטיק, אום אין דער וועלט אַרויסצוגיין און ברויט צו פאַרדינען. איז וואָס איז אייגנטלעך די מניעה? זיין ערציאונג, וואָס האָט אים גאָרנישט נוצלעכעס געלערנט, זיין סאָציאַלער מצב, וואָס פאַרווערט אים צו לערנען אַ מלאכה. דער

קלויסטער, וואָס האָט נאָך פון אים זיין שבועה ניט אָפּגענומען טריי צו דינען די גלחים. די מלוכה, וואָס האָט נאָך זיין שבועה ניט אָפּגענומען צו זיין אַ טרייער אונטערטאַן דעם קייזער; די שול, וואָס האָט אים נאָך ניט אויסגעדרעסירט פאַר דער אוני־ווערסיטעט, דער געהיימער פאַרבאַנד פון די אייבערשטע קלאַסן, וואָס דערלאָזט ניט איינעם פון זיי צו אַראָפּלאָזן זיך צום אונ־טערשטן קלאַס. אַ גאַנצער באַרג פון הבלים האָט אויף אים און זיין יוגנט באַשווערט. און איצט, פילנדיק זיך פאַר אַ מאַן, האָט זיך אים די גאַנצע ערציאונג פאָרגעשטעלט ווי אַן אינסטיטוציע, וואו מ׳ווערט פריער קאַסטרירט איידער מ׳לאָזט אַריין אין האַ־רעם, וואו אַ מאַן מיט כּוח־גבֿרא איז אַ סכּנה. קיין אַנדער זין האָט ער דאָ ניט אויסגעפונען. און אָט אַזוי האָט ער זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט צו זיין איצטיקן צושטאַנד פון אַ ניט־דערוואַקסענעם. ער האָט זיך געזען גלייך צו יענעם ברוינשוויגישן געוויקס, וואָס ווערט פאַרפלאַנצט פריער אין אַ טונקעלן קעלער, עס זאָל בלייך און ווייך ווערן, כּדי עס זאָל נאָכדעם אויף דער זון ניט אַרויס־לאָזן פון זיך קיין גרינע בלעטער, זאָל זיך ניט צעבליען און, וואָס דער עיקר, קיין זוימען ניט ברענגען.

און איבערטראַכטנדיק אָט די אַלע געדאַנקען, האָט ער אַרומגעוואַנדערט איבער די סטעזשקעס פון גאָרטן, ביז דער זייגער פון נאָענטן קלויסטער האָט געשלאָגן צען. האָט ער גע־וואָלט אַריין אין שטוב זיך שלאָפן לייגן. אָבער די טיר איז שוין געווען פאַרשפּאַרט. ער האָט געמוזט אָנקלאַפּן ביי דער דינסט־מיידל אין פענסטער. זי איז אַרויס אין אונטערקליידל, און דורך דער העמד, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט, האָט זיך געזען איר נאַקעטער לייב. אַלע איידעלע חלומות זיינען כּהרף עין פאַר־פלויגן, ער האָט געוואָלט אָנכאַפּן זי, אירע בריסט דריקן, פאַר־אייביקן זיך — דאַן, אין דער מינוט, איז די ווייב פאַר אים גע־ווען נאָר אַ נקבה. אָבער די דינסטמיידל האָט זיך שנעל צוריק אַריינגעכאַפּט און האָט צוגעהאַקט די טיר הינטער זיך. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און איז אַוועק אין זיין צי־מער אַריין.

קומענדיק מיט גליק צו זיך אין צימער, האָט ער צעעפנט די פענסטער, האָט אָפּגעטונקט דעם קאָפּ אין אַ שיסל וואַסער און האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ.

ליגנדיק אין בעט, האָט ער גענומען אַרנדס „גייסטלעכע מאָרגנשטימען", וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיין מאַמען, כדי צו לייענען אַ ביסל, ווי זיין שטייגער איז געווען אַלע נאַכט, ווייל אינדערפרי האָט ער צו קנאַפּ צייט געהאַט. דאָס בוך האָט אים דערמאָנט פון דער הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן דער מאַמען צו פירן אַ צניעותדיק לעבן, און ער האָט זיך געקווענקלט פון חרטה. אַ פליג, וואָס האָט זיך אָנגעריירט אָן דער נאַכט-לאָמפּ און מיט אָפּגעברענטע פליגעלעך זיך געדרייט זשומענדיק אַרום זיין נאַכט-טישל, האָט זיינע געדאַנקען אַרויפגעפירט אויף אַן אַנדער זאַך, אויף עפּעס אומבאַשטימטעס. ער האָט אַוועקגעלייגט אַרנדס בוך און האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט געהערט ווי אונטער אים, אין אונטערשטן גאָרן, טוט אויס דער טאַטע די שיך, ווי ער קלאַפּט אויס זיין ליולקע אָן דעם געזימס פון אויוון, גיסט זיך אָן אַ גלאָז וואַסער פון פלאַש און גרייט זיך צו לייגן אין בעט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי איינזאַם מוז איצטער זיין אָט דער מענטש, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין ווייב. אַמאָל פלעגט ער הערן דורכן באַלקן, ווי זיי פלעגן אין דער שטיל פירן צווישן זיך אַ שמועס, פון זאַכן איבער וועלכע זיי האָבן געהאַט איין מיינונג; איצט אָבער האָט מען שוין מער קיין קול ניט געהערט, נאָר טויטע קלאַנגען, ווי אַן איינזאַמער מענטש באַדינט זיך און גייט אום אַרום זיך אַליין; קלאַנגען, וועלכע מען מוז צוזאַמענשטעלן ווי די פיגורן פון אַ רעבוס, כדי עפּעס לעבעדיקס פון זיי אַרויסצובאַקומען.

לסוף האָט ער אַנידערגעלייגט דעם פּאַפּיראָס, האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און שטילערהייט געזאָגט דעם געבעט „פאָטער אונזער". ער האָט אָבער מערניט דערצויגן ביז צו דער פינפטער בקשה. — און איז איינגעשלאָפן.

אינמיטן נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון אַ חלום. ער האָט דעם גערטנערס מיידל געהאַט אין זיינע אָרעמס. וואו און

וועז, האָט ער זיך ניט געקענט דערמאָנען, ווייל ער איז געוועזן גאַנץ פאַרמוטשט—און ער איז תיכף צוריק איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ שווערן געמיט און מיט אַ קאָפּ־ווייטאָק. ער האָט ווידער געטראַכט פון דער צוקונפט, וואָס איז אויף אים געלעגן ווי אַ משא און באַדריקט זיין גאַנצן קיום. מיט קלעמעניש האָט ער צוגעזען ווי דער זומער פאַרגייט און זיין סוף דערנעענט אים ווידער צו יענעם שפלן מצב, וואָס די שול ברענגט מיט זיך: יעדער לעבעדיקער געדאַנק זיינער ווערט פון פרעמדע געדאַנקען דערשטיקט; עס העלפט קיין זעלבשטענדיקייט ניט, ווייל דער עיקר איז דאָך נאָר דער סכום יאָרן, וואָס פירט צום ציל. ס'איז פונקט, ווי אַ נסיעה אויף אַ משא־צוג; דער לאָקאָמאָטיוו מוז אַזוי פיל און אַזוי פיל צייט אויף דער סטאַנציע שטיין, ווערט אָבער דער דרוק פון דער פאַרע צו שטאַרק צוליבן צו ווינציקן פאַרברויך, מוז מען די זיכערקייט־קלאַפּע עפענען. דער באַן־אַמט האָט צונויפגעשטעלט אַ פאָר־פּלאַן, און מ'טאָר ניט קומען צו פרי אויף דער סטאַנציע. דאָס איז דער עיקר!

דער טאַטע האָט זיך צוגעקוקט ווי דער זון ווערט פון טאָג בלייכער און מאָגערער, האָט אָבער געמיינט, אַז דאָס קומט פון צופיל טרויערן נאָך דער מוטער.

---

דער האַרבסט איז געקומען מיטן אָנפאַנג פון די למודים אין שול. אין משך פון זומער, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט ראָמאַנען און האָט זיך באַקאַנט דורך זיי מיטן לעבן פון דער־וואַקסענע מענטשן און זייערע קאָנפליקטן, האָט ער זיך געוויינט צו קוקן אויף זיך אַליין ווי אויף אַ דערוואַקסענעם. און דאָ קומען די לערער און דוצן אים. די חברים, יונגאַטשעס, האָבן זיך דערלויבט צו ראַנגלען אויף אַ מיאוסן אופן אָן דרך־ארץ צום קערפּער און האָבן ממילא אים אויך געצוואונגען דערצו. און אָט די דיאָזיקע בילדונגס־אינסטיטוציע, וואָס דאַרף זיינע מדות פאַרפיינערן און אויסבילדן פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס האָט זי אים

געלערנט און וואָס פאַר אַ מדות טובות? די לערנביכער זיינען לכתחילה פאַרפאַסט געוואָרן אונטער דער קאָנטראָל פון דעם אייבערשטן קלאַס און האָבן אַלע איין כוונה און איין צוועק: דעם נידעריקן קלאַס מענטשן צו באַלערנען, אַז ער זאָל אַכטן און פאַרערן דעם אייבערשטן קלאַס. די לערער האָבן זייער אָפט אויפגעבראַכט דערמאָנט זייערע תלמידים, ווי אומדאַנקבאַר זיי זיינען: זיי באַגרייפן גאָרניט, וואָס פאַר אַ טובה די עלטערן טוען צו זייערע קינדער דערמיט, וואָס זיי גיבן זיי בילדונג, וואָס אַזויפיל אָרימע מענטשן זיינען עס ניט בכוח צו דערגרייכן. ניין, באמת, ניין, די יינגלעך זיינען נאָך ניט געווען אַזוי פאַרדאָרבן, כדי דורכצונעמען אָט דיזאָזיקע חנופה מיט אירע פריווילעגיעס.

און צי האָט דען דער מאַטעריאַל גופא פון די לערנביכער דערוועקט עפעס אַ פרייד ביי די תלמידים? ניין! און אָט דער־פאַר האָבן די לערער שטענדיק געמוזט אַפּעלירן צו די נידעריקע אינסטינקטן: צו דער אַמביציע (דאָס איז געווען אַ שענערער נאָמען פאַר דער נידעריקער תאווה געשעצט צו ווערן העכער פאַר די אַנדערע), צו זייער אייגענעם אינטערעס, צו די אייגענע פרי־ווילעגיעס.

וואָס פאַר אַ מיאוסער אָנשטעל אָט די שול איז! קיין איין איינציקער פון די תלמידים האָט ניט אַרויסגעזען, וואָס פאַר אַ נוצן דאָ ליגט, צו וויסן די נעמען פון פאַרהאַסטע קיסרים, צו לערנען אומנוצלעכע שפּראַכן, קלאָרע זאַכן צו דערווייזן מיט ראיות, אויסצולערנען די אַלע שטויב־בייטעלעך פון די געוויקסן און די געלענקן אויף די הינטערשטע פיסלעך פון די קריכנדיקע חיהלעך, און סוף־כל־סוף ניט מער ווי די לאַטייניש נעמען צו וויסן. וויפיל שעהן זיינען געפּטרט געוואָרן אומזיסט אַרויסצו־געפינען, ווי אַזוי צו צעטיילן אַ ווינקל אויף דריי גלייכע טיילן, אין דער צייט, אַז מ׳נעמט עס „אומוויסנשאַפטלעך״, ד. ה. פּראַק־טיש, קען דאָס מיט אַ טראַנספּאָרטיר אין איין מינוט געמאַכט ווערן.

ווי פאַרהאַסט ס׳איז אַלץ געווען, וואָס ס׳איז נוצלעך און נייטיק פאַרן לעבן! די שוועסטער, וואָס האָבן געלערנט פראַנ־

צוויזיש פון אָלענדאָרפן, האָבן זיך אויסגעלערנט אין משך פון צוויי יאָר פראַנצויזיש ריידן. די גימנאַזיסטן אָבער, האָבן נאָך זעקס יאָר לערנען קיין איין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן. און מיט וואָס פאַר אַ רחמנות־טאָן זיי האָבן אָלענדאָרפס נאָמען דער־מאָנט! עס האָט ביי זיי אַפּנים געהאַט ווי די גרעסטע נאַריש־קייט, וואָס מ׳איז באַגאַנגען זינט די וועלט שטייט.

און אַז די שוועסטער פאַרלאַנגט אַ דערקלערונג און שטעלט די פראַגע, צו וואָס איז דען דאָ אַ שפּראַך, אויב ניט אויסצו־דריקן די געדאַנקען? דערויף האָט דער יונגער פּשטל־קאָפּ גע־ענטפערט מיט אַן אויסגעבאָרגטער פראַזע פון זיין לערער, וואָס ער אַליין האָט ערגעץ געזען ציטירט פון טאַלעיראַנען: ניין, די־שפּראַך איז דעם מענטשן געגעבן געוואָרן, כדי צו פאַרבאָרגן יינע געדאַנקען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען איבער דער השגה פון אַ יונגער מיידל, ווייל דער מאַנסביל קען דאָך זיינע חסרונות אַזוי קונציק פאַרדעקן, האָט זי תּמימותדיק געמיינט, אַז דער ברודער איז באמת שרעקלעך געלערנט און האָט זיך ווייטער ניט געשפּאַרט.

און דערצו נאָך די פאַלשע אָפּנאַרערישע עסטעטיק, וואָס וואַרפט אַ שלייער פון פאַלשן גלאַנץ און פאַלשער שיינקייט אויף אַלץ. מ׳זינגט דאָס סטודענטישע לידל: „זיי אַ ריטער פון ליכט און בילדונג"! אַ ריטער פון וואָס? פון פריצישע יחוס־בריוו, דיי־פּלאָמען, געפעלשטע רעקאָמענדאַציעס. פון וואָס פאַר אַ ליכט? דאָס ליכט פון דעם אייבערשטן קלאַס, וואָס איז שטאַרק פאַר־אינטערעסירט דורך רעליגיע און שול צו פאַרפינסטערן די מוחות פון דעם נידעריקן קלאַס. „און פאָראויס, פאָראויס אויף דעם וועג פון ליכט!"

עפּעס מאָדנע, ווי פון תמיד אָן איז אַלץ קאַפּויר אָנגע־רופן געוואָרן, ניט מיטן אמתן נאָמען! נו, און אַז איינער פון דעם אונטערשטן קלאַס איז געקומען מיט ליכט, האָט מען אַלץ אָנגעווענדט צו פאַרפינסטערן עס. די יונגע, „געזונטע" קעמפער־מחנה ווי געזונט זיי זיינען געווען, אָט די אַלע יונגעלייט, וואָס זיינען אָפּגעשלאַפט, נערוועז פון אַרומגיין פוסט־און־פּאַס, פון ניט־גע־

שטילטע תאוות, פון תאווה צו כבוד, וואָס האָבן אויף איטלעכן געקוקט מיט פאַראַכטונג, ווער עס האָט ניט געהאַט די מיטלען צו ווערן אַ סטודענט! אָ די פּאָעטן פון דעם אייבערשטן קלאַס, ווי שיין זיי האָבן געזונגען זייערע ליגנס! זיינען זיי געווען פאַר־נאַרער אָדער פאַרנאַרטע?

פון וואָס האָבן זיי געוויינלעך גערעדט צווישן זיך, אָט די אַלע יונגעליייטלעך? פון זייערע שטודיעס? הייבט זיך ניט אָן! העכסטנס פון אַ דיפּלאָם! אַלע שמועסן זייערע דרייען זיך אַרום אַלערליי שטותערייען. פון אינדערפרי ביז נאַכט! פון באַגעגענישן מיט מיידלעך, פון ביליאַרד און פּונש; פון געשלעכט־קראַנקהייטן, פון וועלכע זייערע עלטערע ברידער ריידן. נאָכמיטאָג גיט מען זיך אַ לאָז אָנקוקן דעם מיליטערישן „פּאַראַד", און יענער, וועל־כער האָט זיך ווייטער צוגערוקט, האָט שוין געוואוסט דעם נאָמען פון דעם לייטענאַנט און וואו זיין געליבטע וואוינט.

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז צוויי פון דידאָזיקע „ריטער פון ליכט" זיינען געווען אַזוי תמימותדיק און האָבן פאַרבראַכט מיט צוויי פּראָסטיטוטקעס אין חשובסטן רעסטאָראַן „האַזלהעהע" אין שטאָט־גאָרטן און געגעסן מיט זיי מיטאָג אויף דער אָפע־נער וועראַנדע. וועגן אָט דער תמימות זיינען זיי אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער אוניווערסיטעט. צוליב זייער תמימות, און ניט, חלילה, צוליב זייערע חטאים! ווייל שוין מיט איין יאָר שפּעטער נאָכדעם, האָבן זיי אָפּגעגעבן זייער אוניווערסיטעט־עקזאַמען, גע־ווינענדיק דערביי אַ גאַנצן יאָר. און נאָכדעם ווי זיי האָבן געענ־דיקט זייערע סטודיעס אין אופּסאַלע, זיינען זיי געשיקט געוואָרן אין איינער פון די הויפּטשטעט אין אייראָפּע אין קאָנסולאַט, צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פון די פאַראייניקטע מלוכות נאָרוועגן און שוועדן.

אָט אין אַזאַ סביבה האָט טעאָדער פאַרבראַכט זיין שענ־סטע יוגנט. ער האָט דורכגענומען די פאַלשקייט, האָט זיך אָבער ניט געקענט פון איר אָפּרייסן! וואָס מאַכט מען, וואָס טוט מען? האָט ער זיך אָפּט געפרעגט, ניט געפינענדיק קיין ענטפער. און

אַזוי ווי ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ מיטשולדיקן, האָט ער זיך אויסגעלערנט שווייגן.

די קאָנפירמאַציע איז פאַר אים געווען פונקט אַזאַ קאָמע־דיע, אַזוי ווי די שול איז פאַר אים געווען. אַ יונגער פריידיקער, אַ פיעטיסט, האָט געדאַרפט מיט אים לערנען אין משך פון פיר חדשים לוטערס קאַטעכיזיס, מיט אים, וואָס האָט שוין טעאָלאָ־גיע, עקזעטיק, דאָגמאַטיק געלערנט און דעם ברית חדשה אויף גריכיש געלייענט! אָבער דער שטרענגער מוסר, וואָס האָט גע־פאָדערט ערלעכקייט פון מענטשן אין זיין משא־ומתן מיט זיין חבר, האָט אויף אים דאָך אַן איינדרוק געמאַכט.

עס איז געווען אַ נאָוועמבער־טאָג. מ׳האָט זיי אַלעמען אַריינגערופן אין זאַל פון קלויסטער צום פאַרשרייבן. טעאָדער האָט זיך פלוצלונג דערזען אין אַ גאַנץ אַנדער סביבה, ווי ער האָט טעגלעך געהאַט אַרום זיך אין דער שול. ווי נאָר ער איז אַריין אין זאַל, האָט ער דערפילט אויף זיך דעם בליק פון הונ־דערט אויגן אַוודאי, וואָס האָבן אים אַלע אָנגעקוקט ווי אַ פיינד. עס זיינען דאָ געווען טאַבאַק־אַרבעטער, קוימענקערער־יינגלעך, באַהעלפער־יינגלעך פון אַלערליי מלאכות. עס האָט אויסגעוויזן, אַז זיי זיינען אויך פיינדלעך צווישן זיך, ווייל זיי האָבן זיך קעגנ־זייטיק איבערגעוואָרפן מיט זידל־ווערטער. אָבער אָט די פיינד־שאַפט צווישן די פאַכן איז געווען מער אַ צופעליקע. ווי זיי זאָלן זיך ניט קריגן צווישן זיך, זיינען זיי דאָך נאָענט געווען איינע צו די אַנדערע. עפּעס אַ מאָדנע פאַרשטיקטע לופט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פנים, און אין דער שנאה, מיט וועלכער ער איז אויפגענומען געוואָרן, האָט זיך אויך געפילט אַ פאַראַכטונג, וואָס איז, אַפנים, די לינקע זייט פון עפּעס אַ רעספּעקט־געפיל אָדער קנאה. אומזיסט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צי געפינט זיך ניט אַרום אים זיינער אַ גלייכן, אָדער לפחות גלייך ווי ער אָנגעטאָן: אַזוינער איז ניט געווען. די געמיינדע איז געווען אָרים, און די רייכע האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דייטשישן קלויסטער, וואָס איז דאַמאָלסט אין מאָדע געווען. דאָס זיינען קינדער פון אָרימען פאָלק; דאָס איז געווען דער אונטערשטער קלאַס מענטשן,

מיט וועלכן ער האָט זיך איצטער געדאַרפט שטעלן פאַר גאָט ווי אַ גלייכער מיט גלייכע. ער האָט זיך געפרעגט, וואָס פאַר אַ תהום אייגנטלעך טיילט אים אָפּ פון די קינדער? זיינען זיי אפשר קערפערלעך ניט אַזוי פעאיק ווי ער? ניין, זיי זיינען נאָך אפשר פעאיקער פאַר אים, ווייל זיי אַלע פאַרדינען דאָך שוין זייער ברויט און אַנדערע העלפן אַפילו זייערע אַלטע עלטערן. זיינען זיי אפשר מיט ווייניקער אינטעליגענץ באַשענקט, ווי ער? דאָס האָט מען אויך ניט געקענט זאָגן, ווייל ער האָט געהערט, וויפל שאַרפער וויץ און באַאָבאַכטונג איז געלעגן אין זייערע שטעך־ווערטלעך, וואָס זיי האָבן צוגעוואָרפן איינע צו די אַנדערע. פון זייערע המצאהלעך וואָלט ער זיך גערן פּונאַנדערגעלאַכט, ווען ער וואָלט ניט געווען אַזאַ בעל־גאווה. טראַכטנדיק פון יענע פאַרשטאָפּטע קעפּ, זיינע חברים אין שול, האָט ער בשום אופן ניט געקענט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן זיך און אָט די פאָלקס־קינדער. און דער אונטערשייד איז דאָך געווען? זיינען דאָס די אָפּגעטראָגענע קליידער, די מיאוסטע פּנימער, די פאַרגרעבטע הענט? יאָ, עפּעס דערפון איז דאָ ריכטיק! דערהויפּט האָט אים די מיאוסקייט זייערע אָפּגעשטויסן! צי זיינען זיי אָבער דעריבער ערגער, ווייל זיי זיינען מיאוסער?

ער האָט געהאַט מיט זיך אַ ראַפּירע, ווייל ער האָט זיך געקליבן נאָכדעם צו גיין אין דער פעכט־שול. ער האָט זי אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, כדי זי זאָל ניט צוציען אויף זיך קיין איבעריקע אויפמערקזאַמקייט. אָבער מ׳האָט עס שוין באַמערקט. קיינער האָט אייגנטלעך ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס פאַר אַ זאַך, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מין כלי־זיין. אייניקע פון די מבינים האָבן זיך צוגערוקט צום וויקל אָנצוקוקן עס. זיי האָבן אָנגערירט מיט די פינגער דאָס וויקל אַרום דעם שטיל, האָבן געקראַצט מיט די נעגל דעם בעכערל, געבויגן דעם קלינג, אַרומגעכאַפּט די קליינע לייקענע פּילקע. פּונקט אַזוי ווי האָזן, וואָס שמעקן אַרום אַ געפונענעם ביקס אין וואַלד. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס מ׳טוט דערמיט, דערביי אָבער געפילט, אַז דאָס איז עפּעס אַ פיינדלעכע זאַך, וואָס באַהאַלט אַ געהיימע

כוונה. לסוף איז אַרויס איינער אַ מעשׂ־אַרבעטער, וואָס האָט גע־האַט אַ ברודער אין דער לייב־גוואַרדיע און תּיכּף אַרויסגעזאָגט זיין באַשייד: גלמים, זעט איר דען ניט, אַז דאָס איז אַ באַיאָנעט! דערביי האָט ער געבליקט מיט דרך־ארץ אויף טעאָדאָרן. און אין דעמדאָזיקן בליק איז אויך עפּעס געווען ווי אַ געהיימע הסכּמה מצדביידן, אַזוי צו זאָגן: מיר ביידע פאַרשטייען דעם ענין! אַ שטריק־מאַכער, אָבער וואָס איז געווען אין דער אַרטע־לעריע, און האָט דאָרט געהאַלטן ביי ווערן אַ טרומייטער, קענ־טיק, ניט צופרידן, וואָס די פראַגע איז געלייזט אָן זיין דעה, האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און האָט מודיע געווען: ער איז גרייט צו געבן זיין קאָפּ, אויב דאָס איז ניט קיין דעגן! אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און לסוף האָט אויסגעבראָכן אַ קיילעריי, עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ מהומה און אַ גוואַלד ביז אין הימל און דער קלויסטער־זאַל האָט אויסגעזען ווי אַ שענק.

און פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר און אויפן שוועל איז געשטאַנען דער פּריידיקער. אַ יונגערמאַן בלייך און מאָגער, וואָס האָט געהאַט אַן אויסשלאָג אויפן פּנים און וואַסערדיקע בלויע אויגן. צוערשט האָט ער אָנגעשריען אויף דער חברה. די צעיושעטע חיות האָבן זיך אויפגעהערט צו שלאָגן. נאָכדעם האָט ער זיך צעלאָזן אין אַ שמועס מכּוח יעזוסעס הייליקן בלוט און די שליטה, וואָס די קליפּה פון שלעכטס האָט איבער די הערצער. לסוף האָט ער אויף דעם עולם אַזוי געווירקט, אַז זיי האָבן זיך רואיק געזעצט אויף די בענק. אָבער ביז דאָס איז געשען, האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם פון אויפרעגונג און פון געדיכטן שטויב, וואָס איז געשטאַנען אין צימער. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צום פענסטער און מיט אַ מאַטן קול געזאָגט: עפנט די פאָרטקע! און דאָ האָט זיך ווידער אויפגעהויבן דער רעש. פינפאונצוואַנציק חברה־לייט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין איין קנויל צום פענסטער אָנצוכאַפּן דעם שנור פון פאָרטקע.

— אויף די ערטער גייט! האָט דער גייסטלעכער אויס־געשריען און האָט געכאַפּט זיין שטעקן.

אַ רגע איז געוואָרן רואיק. דער גייסטלעכער האָט צוגע־טראַכט עפּעס אַ בעסערן מיטל צו עפּענען די פּאָרטקע אָן אַ מהומה.

— הער, דאָרטן, דו — האָט ער געזאָגט, טייטנדיק מיטן פינ־גער אויף אַ צעשראָקענעם אָפּגעריסענעם יינגל, גיי דו און עפן די פּאָרטקע.

דער יינגל איז צו צום פענסטער און האָט געוואָלט דעם פאַרפּלאָנטערטן שנור פונאַנדערבינדן. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָט די חברה געוואַרט אויפן רעזולטאַט. פּלוצלונג הייבט זיך אויף אַ יונגאַטש אין מאַטראָסן־קליידער, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון שיף, און טוט אַ זאָג:

— אָט וועט איר זען צו אַלדי רוחות, וואָס אַ חברה־מאַן קען. כהרף־עין האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ראָק, האָט אַ שפרונג געטאָן אויפן פענסטער־ברעטל, אַרויסגעכאַפּט דעם מע־סער און איבערגעשניטן דעם שנור.

— שניידן! האָט ער קוים נאָך באַוויזן אַרויסצוזאָגן, ווי דער פריידיקער האָט פּלוצלונג אַרויסגעלאָזן פון זיך אַ געשריי פון אַ היסטערישער פרוי, איבערשרעקנדיק אויף טויט דעם מאַטראָס, וואָס האָט קוים געשטאַמלט:

— מ׳האָט ניט געקענט אַנדערש מאַכן, סיידן אָפּשניידן, מ׳האָט ניט געקענט...

דער פּאַסטאָר איז געוועזן אויסער זיך. ער איז אַהער אָנגע־קומען פון אַ פאַרוואָרפענער פּראָווינץ און וואָלט קיינמאָל ניט גע־גלויבט, אַז די יוגנט זאָל אַזוי פאַרדאָרבן זיין, אַזוי אויסגעלאַסן און זינדיק, אַזוי פאַרזונקען זיין אין תהום פון טומאה. און ער האָט פאַר זיי דערציילט פון יעזוס הייליקן בלוט.

און ווייטער האָט דער פּאַסטאָר גערעדט פון יעזוס טייער־סטע וואונדן, פון זיינע יסורים, אָבער קיינער פון זיי האָט עס ניט אָנגענומען אין שייכות מיט זיך, ווייל קיינער פון זיי האָט קיין יעזוסן ניט פאַרוואונדעט. נו, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דעם טייוול, אָבער זיי זיינען צום וואָרט אזוי געוויינט געוועזן, אַז דאָס האָט אויף זיי קיין איינדרוק ניט געמאַכט. צום סוף איז ער געקומען צום ענין! ער האָט גערעדט וועגן דער קומענדיקער

קאָנפירמאַציע, וואָס איז באַשטימט אויף פרילינג. ער האָט זיי דערמאָנט פון די עלטערן, וואָס ווילן זייערע קינדער אַריינפירן אין לעבן. און ווי עס איז געקומען צו רייד פון די באַלעבאַטים, וואָס ווילן קיינעם ניט געבן קיין שטעלע אָן קאָנפירמאַציע, אָט דאָ איז אַלעמען גאַנץ קלאָר געוואָרן און אַלע האָבן מיטאַמאָל משיג געווען, וואו עס ליגט די טיפע באַדייטונג פון קאָנפירמאַציע. אָט דאָ האָט ער זיי געערדט צום האַרצן און דאָ האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען; אַפילו די ווילדע צווישן זיי האָבן זיך אונטערגע-געבן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרשרייבונג! אַי, זיינען דאָס געווען דאָקומענטן! ווי זאָלן זיי צו יעזוסן קומען, אַז זיי זיינען ממזרים? ווי קענען זיי פון גאָטס חסד געניסן, אַז דער טאַטע איז שוין געווען אַ באַשטראָפטער פון פריער? נו, זינדיקע מענטשן!

אָט די זידלערייען, וואָס דער פאַסטאָר האָט אַריינגעזאָגט איטלעכן בפרהסיא, האָט טעאָדאָרן שטאַרק צערודערט. ער האָט געוואָלט זיך מאַכן ניט זעענדיק, האָט אָבער ניט געקענט. לסוף, האָט דערגרייכט זיין ריי און דער פריידיקער האָט געלייענט זיינע דאָקו-מענטן: זון טעאָדאָר, אין דעם און אין דעם טאָג געבאָרן; על-טערן: פראָפעסאָר און ריטער... איבערן פאַסטאָרס פנים איז אַרי-בער אַ בלאַסער שיין פון צופרידנקייט, און ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו אים, פרעגנדיק דערביי ווי גייט עס דעם הער פאַפּאַ? דערנאָך, ווי ער האָט איבערגעלייענט, אַז די מוטער איז געשטאָרבן (ער האָט שוין געוואוסט דערפון) האָט זיין געל-בלאַס פנים באַקומען אַ מינע פון צער: זי איז געווען גאָטס אַ קינד, האָט ער געזאָגט אַזוי ווי צו זיך, מיט אַ צו פריינטלעכער באַ-דויערנדיקער, וויינענדיקער שטים און עפּעס ווי מיט אַ פאָרוואורף דעם הער פאַפּאַ, וואָס איז ניט מער ווי אַ פראָפעסאָר און אַ רי-טער געווען. און טעאָדאָר איז געווען פריי.

אַרויסגייענדיק, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט דאָ איבערגעלעבט עפּעס אַזוינס, אויף וואָס ער וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט. צי ליגט ניט אָט די גאַנצע „געפאַלנקייט" פון אָט די יינגלעך דערין, וואָס זיי שילטן זיך און ריידן גראָבע ווערטער

פונקט ווי עס טוען דאָס זיינע חברים, זיין טאַטע, זיין פעטער און ווי דער גאַנצער אינטעליגענטער קלאַס טוט עס אָפטמאָל! פון וואָס פאַר אַ שלעכטע מדות האָט מען דאָ גערעדט? זיי זיינען געווען אַ ביסל ווילדער ווי אַנדערע צעלאָזענע קינדער, פשוט דערפאַר ווייל זיי האָבן אין זיך מער כוחות. דאָס, וואָס זייערע דאָקומענטן זיינען ניט גלאַט, זיינען די קינדער ניט שולדיק. זיין טאַטע האָט ניט געגנבעט, צו וואָס דאַרף ער אָבער גנבענען, ווען מ׳באַקומט זעקס טויזנט קראָנען אַ יאָר געהאַלט און מ׳קען טאָן וואָס עס געפעלט און פאַלט איין. עס וואָלט געווען מעשה-חוזק, צי פשוט משוגע, ווען ער גנבעט.

און טעאָדאָר איז ווידער אַוועק אין שול און דאָ ערשט האָט ער דערפילט, וואָס אַזוינס הייסט אַ גוטע דערציאונג: דאָ האָט מען קיינעם ניט געזידלט פאַר אַ וואָסער עס איז קליינער שטיפעריי, דאָ האָט מען אויף די אייגענע און די עלטערנס חסרונות געקוקט דורך די פינגער, מ׳איז געווען צווישן אייגענע מענטשן און מ׳האָט זיך גוט פאַרשטאַנען.

נאָך דער שול איז מען געגאַנגען אָנקוקן דעם מיליטערישן פּאַראַד, אַריינגעכאַפּט זיך אין אַ רעסטאָראַן אַ „גלעזעלע" ליקער אַריינגיסן, און צום סוף אַוועק אין פעכט-זאַל. און בשעת דער לייטענאַנט האָט אים דאָ מיט „הער" באַטיטלט און ער האָט אָנ-געקוקט אָט די אַלע יונגעלייטלעך מיט די עלאַסטישע גלידער, מיט די פרייע מנהגים און פריילעכע פנימער, אַלע זיכער ביי זיך, אַז אינדערהיים וואַרט אויף זיי אַ גוטער מיטאָג, האָט ער דערפילט, אַז עס זיינען דאָ צוויי וועלטן, איינע אַן אייבערשטע און די אַנדערע אַן אונטערשטע: און דאָ האָט זיך אין אים דער-וועקט דאָס בייזע געוויסן, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם טונקעלן קלויסטער-זאַל מיט די אָרעמע פאָלקס-קינדער; אַלע זייערע שלעכט און פאַרבאָרגענע חסרונות ווערן אָן רחמנות באַקוקט דורך אַ פאַרגרעסערונגס-גלאָז און גוזמאדיק איבערטריבן, כדי דער אונטערשטער קלאַס זאָל גכנעדיק ווערן, און דער אייבערשטער קלאַס זאָל זיך קענען אין נחת און פרידן געניסן פון זיינע בנעימותדיקע חסרונות און שוואַכקייטן. און אָט די דערקענ-

טעניש האָט אַריינגעבראַכט אין זיין לעבן עפּעס ווי אַ דיס־האַרמאָניע.

---

ווי טעאָדאָר האָט זיך ניט געוואָרפן אַהין און אַהער צווישן דעם נאַטירלעכן פאַרלאַנג נאָך די האַלב־באַקאַנטע לאָזונגען פון לעבן און צווישן דער ניי־ערוואָרבענער אידעע אומצוקערן זיך מיטן רוקן צו דער וועלט און ווענדן זיך צו גאָט — אויף דער הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן דער מאַמען האָט ער ניט עובר געווען.

די אָפטע לעקציעס אין קלויסטער מיט די הברים און די שמועסן פון פאַסטאָר האָבן אויף אים געמאַכט דעם געהעריקן רושם. ער איז אָפט געווען מרה־שחורהדיק און פאַרטיפט אין רעיונות; עפּעס האָט ער געפילט, אַז דאָס לעבן האָט געדאַרפט זיין אַנדערש ווי עס איז. און געדוכט האָט זיך אים, אַז די וועלט זוכט מיט רמאות און שווינדל צו פאַרדעקן עפּעס אַ שרעקלעכן חטא, וואָס זי איז אַמאָל באַגאַנגען. ער האָט זיך געפילט, ווי אַ פליג אין דער נעץ פון דער שפּין: וואָס מער זי פּרווט זיך אַרויסדרייען, אַלץ מער ווערט זי פאַרפּלאָנטערט אין שפּינוועבס, ביז זי ווערט דערשטיקט.

איינמאָל, אינאָווינט — דער פאַסטאָר האָט אויסגעפּרווט אַלע עפעקטן, כּדי צו געווינען די הערצער פון די יונגאַטשעס, — איז דער אונטערריכט פאָרגעקומען אין דעם כאָר פון קלויסטער. עס איז געווען אין הורש יאַנואַר. צוויי גאַז־פלאַמען האָבן באַלויכטן דעם כאָר און די הייליקע מירמל־פיגורן פון מזבח, וואָס האָבן מאָדנע אויסגעצערט אויסגעזען אַנטקעגן ליכט. דער גאַנצער גרויסער געוועלבטער קלויסטער איז געלעגן פאַרטונקלט אין שאָטן. אויפן הינטערשטן פּאָן האָט מען געזען די צינקענע ־רומייטן פון אָרגל, וואָס האָבן שוואַך אָפּגעגלאַנצט אין זיך די גאַז־פלאַמען; די מלאכים ביי די זייטן, וואָס האָבן געבלאָזן אין טרו־מייטן און גערופן צום יום הדין, האָבן איצטער אויסגעזען ווי ברוגזדיקע, מאוימדיקע און גוזמאדיקע מענטשלעכע ברואים.

דער פּאַסטאָר האָט געדרשנט איבער דעם זעקסטן געבאָט. ער האָט גערעדט פון זנות פאַר און נאָך דער חתונה. ווי אַזוי עס קאָן געמאָלט זיין זנות צווישן מאַן און ווייב, דאָס האָט ער ניט געקענט מסביר זיין, הגם ער אַליין האָט געהאַט אַ ווייב. אָבער פאַר דער חתונה — אָט דאָ איז אים דער ענין שוין גע־ווען קלאָר. און נאָכדעם איז ער אַריבער צום ענין פון אַנאָניזם. און ווי ער האָט נאָר דאָס וואָרט אויסגערעדט, איז צווישן דעם יונגן עולם אַריבער עפּעס אַ גערויש, און בלאַסע, פאַר־שטאַרטע פּנימער האָבן אים אָנגעקוקט, ווי זיי וואָלטן פאַר זיך דערזען אַ רוח. כל זמן ער האָט צו זיי גערעדט פון די יסורים אין גיהנום, זיינען זיי געווען גאַנץ רואיק; אָבער ווי ער האָט אָנגעהויבן פאַר זיי פאָרצולייענען פון אַ בוך, ווי יונגעלייט פון פינף־און־צוואַנציק יאָר זיינען געשטאָרבן פון רוקנמאַרך־שווינד־זוכט, אָט דאָ האָבן אַלע אויף די בענק דערפילט ווי די דמים פאַלן זיי איין און די ערד וויגט זיך ביי זיי אונטער די פיס! לסוף האָט ער נאָך דערציילט אַ מעשה פון אַ ייִנגל, וואָס איז אין עלטער פון צוועלף יאָר אַריין אין משוגעים־הויז און אויפן פערצנטן געשטאָרבן. אויף דער יונגער חברה איז אָנגעפאַלן אַ מורא, ווי זיי וואָלטן דערזען פאַר די אויגן הונדערט אויפגע־האַנגענע אויף די תליות. נאָר איין רפואה בדוקה איז דאָ קעגן דער מיאוסער געוווינהייט: די טייערע וואונדן פון יעזוס. דאָך, ווי אַזוי מ׳זאָל די רפואה אָנווענדן קעגן דאָס פּריצייטיקע בגרות, דאָס האָט ער ניט דערקלערט. ער האָט נאָר געזאָגט, מ׳זאָל ניט טאַנצן, מ׳זאָל אין טעאַטער ניט גיין, שפּיל־הייזער ניט באַזוכן, דער עיקר אָבער אויסמיידן ווייבער; דאָס הייסט, מ׳זאָל טאָן פּונקט קאַפּויר, וואָס מ׳האָט אין דער אמתן געדאַרפט טאָן. דאָס, וואָס דערדאָזיקער חטא איז אין תּוך אינגאַנצן סותר דעם סאָ־ציאַלן געזעץ, וואָס זאָגט, אַז אַ מאַן ווערט מען ערשט מיט איינ־אונצוואַנציק יאָר, מכוח דעם איז קיין וואָרט ניט געזאָגט גע־וואָרן. מכוח דעם, צי עס וואָלט אפשר מעגלעך געווען דעם חטא צו פאַרהיטן, ווען מ׳לאָזט דעם יונגן עולם פּרי התונה האָבן, פאַרזאָרגנדיק אַלעמען מיטן נויטיקסטן, איז אויך גאָרניט דער־

מאָנט געוואָרן. דער איינציקער אויספיר פון זיינע רייד איז גע־
ווען: מ׳זאָל זיך וואַרפן יעזוסן אין די אָרעמס, וואָס דער טייטש
איז, אין קלויסטער גיין און די זאָרג פאַר דער וועלט איבער־
לאָזן דעם רייכן קלאַס.
נאָך דעמדאָזיקן שטרענגן מוסר האָט דער פּאַסטאָר פאַר־
בעטן די ערשטע פינף אויף דער ערשטער באַנק, צו פאַרבלייבן
דאָ; ער וויל זיך מיט זיי אַליין דורכריידן; און אַזוי וועט ער
כּסדר מיט אַלעמען מאַכן. די ערשטע פינף האָבן געהאַט אַ פּנים
ווי פאַרמשפּטע צום טויט. עס איז זיי איינגעפאַלן דאָס האַרץ,
און פאַרכאַפּט דער אָטעם. ווען מ׳וואָלט זיך צו זיי צוגעקוקט,
האָט מען געקענט זען, ווי די האָר ביי זיי האָבן זיך געשטעלט
אין דער הויך און נאָכדעם פייכטע זיך צעלייגט, ווי אויפן
שאַרבן פון אַ טויטן. דאָס בלוט איז אָפּגעפאַלן און די אויגן
האָבן געקוקט פאַרשטאַרט, ווי צוויי גלעזערנע קוגעלעך, ניט
וויסנדיק, צו זאָלן זיי זיך באמת מתוודה זיין אויף אַלץ אָדער
פאַרבאָרגן אַלץ אונטער דער חוצפּה פון ליגן.
מ׳האָט געזאָגט די תּפילה און געזונגען דאָס ליד פון
יעזוס וואונדן; היינטיקן אָוונט אָבער איז דער געזאַנג אָפּט גע־
שטערט געוואָרן דורכן הוסטן פון די לונגענקראַנקע. דערנאָך
האָט מען זיך אָנגעהויבן פונאַנדערגיין. איינער פון די פינף
האָט זיך געפּרוווט אַרויסמאַכן, האָט אים אָבער דער פּאַסטאָר
באַמערקט און צוריקגערופן.
ס׳איז געווען אַ שרעקלעכער מאָמענט. טעאָדאָר, וואָס איז
געזעסן אויף דער ערשטער באַנק, האָט געהערט צו די פינף.
ס׳איז אים געווען עפּעס מאָדנע שווער אויפן האַרצן, ניט,
חלילה, מחמת ער האָט זיך געפילט זינדיק, נאָר פּשוט ווייל ביי
זיך אין האַרצן האָט ער געפילט פאַר אַ באַליידיקונג אויס־
צוטאָן זיך נאַקעט פאַר יענעם. די אַנדערע פיר האָבן זיך צע־
זעצט ווייט איינע פון די אַנדערע. דער מעש־אַרבעטער, וואָס
איז געווען צווישן זיי, האָט זיך געפּרוווט ווערטלען, אָבער דער
וויץ איז אים געבליבן שטעקן אין האַלז. פאַר די אויגן האָבן
געשוועבט פּאָליציי, טורמע, האָספּיטאָל און לסוף דאָס משוגעים־

הויז. וואָס עס שטייט זיי פאָר, האָבן זיי ניט געוווּסט, אָבער זיי האָבן גוט געפילט, אַז זיי שטייט דאָ פאָר אַ שווערער נסיון. נאָר איין טרייסט, דער איינציקער אין דעם קומער, איז געווען, וואָס ער, הער טעאָדאָר, איז אויך געווען דערביי. זיי האָבן ניט געוואוּסט, וואָס פאַר אַ טרייסט, אייגנטלעך, דאָס איז פאַר זיי, אָבער זיי האָבן עפּעס געשפּירט אין דער לופט, אַז אים, דעם זון פון אַ פּראָפעסאָר, קען קיין שלעכטס ניט געשען.

— קומט אַהער, הער ווענערשטראָם, האָט געזאָגט דער פּאַסטאָר, וואָס האָט אָנגעצונדן די גאַז־לאָמפּ אין דעם ווידוי־שטיבל.

ווענערשטראָם איז אַריין און די טיר האָט זיך הינטער אים פאַרמאַכט. די איבעריקע פיר זיינען געבליבן אויף די בענק, איטלעכער אויף זיין אָרט, און האָבן זיך געפּרוּווט אויף אַלע אופנים בּאַרואיקן. נאָר דאָס איז זיי ניט געלונגען.

לסוף איז ווענערשטראָם ווידער אַרויס, אויפגערעגט און פאַרוויינט, און איז תיכּף אַרויס דורך דעם קאָרידאָר.

אַזוי ווי ער איז אַרויס אויפן הויף פון קלויסטער, וואָס איז געווען גאַנץ פאַרשנייט, האָט זיין מוח שנעל נאָך אַמאָל דורכגענומען, וואָס עס האָט דאָרט פּאַסירט מיט אים. דער גייסטלעכער האָט אים געפרעגט, צי האָט ער געזינדיקט. ניין, ער האָט ניט געזינדיקט. האָט ער חלומות אין שלאָף? יאָ. אָבער חלומות זיינען פּונקט אַזוי זינדיק, דען עס איז אַ סימן, אַז אונזער האַרץ איז זינדיק און גאָט קוקט צום האַרצן. ער פּרוּווט די נירן פון מענטשן און פאַר יעדער זינדיקן געדאַנק וועט ער אַמאָל דין־וחשבון פאַרלאַנגען, און חלומות זיינען געדאַנקען. מיין זון, גיב מיר דיין האַרץ, זאָגט יעזוס. גיי צו יעזוסן, זיי מתפּלל, זיי מתפּלל. צניעות, ריינקייט, ליבלעכקייט — דאָס איז יעזוס. יעזוס איז מיין אַלץ, מיין לעבן, מיין עולם־הבא. פּייניקט אייער לייב און גיסט אויס אייער האַרץ אין תפילה פאַר גאָט, זאָגט יעזוס, גיי בשם יעזוס און זינדיק ניט מערער.

ער איז געווען אויפגעבראַכט, אָבער אינגאַנצן דערשלאָגן. און דאָס געפיל פון פולקומענער דערשלאָגנקייט האָט ניט געקענט

געענדערט ווערן. אין דער שול האָט ער נאָך אַזויפיל לאָגישן שכל ניט באַקומען, ער זאָל אים קענען אָנווענדן קעגן די יעזו־איטישע שפּיצלעך. דעם זאַך, וואו עס איז געזאָגט, אַז חלומות זיינען געדאַנקען, האָט ער נאָך געקענט פאַרענטפערן מיט דער הילף פון פּסיכאָלאָגיע, וואָס ער האָט געלערנט, אַז דאָס מיינט מען פאַנטאַזיעס. אָבער גאָט קוקט ניט אויף ווערטער! דער שכל זאָגט אים, אַז די אומצייטיקע תאווה איז פאָרט אַ פאַרברעכן קעגן דער נאַטור. ער האָט ניט געקענט חתונה־האָבן צו זעכצן יאָר, ווייל ער האָט ניט געקענט מפרנס זיין אַ ווייב מיט קינדער. אָבער ווייטער, פאַרוואָס ער קען ניט מפרנס זיין קיין ווייב מיט קינדער, הגם ער איז שוין אַ פולקומענער מאַן, דערצו האָט ער זיך ניט געקענט דער־טראַכטן. ווען ער זאָל עס אַפילו וועלן טאָן, וואָלט ער עס ניט געקאָנט טאָן קעגן געזעץ פון העכערן קלאַס, וואָס ווערט געשטיצט אויף שווערד און ביקס. דערפון איז צו זען, אַז די נאַטור ווערט אויף וואָסער עס איז אופן דאָך געשעדיקט, ווייל די מאַנסבילש־קייט קומט דאָך פריער ווי די פעאיקייט זיך מפרנס צו זיין. אָבער דאָס איז פאַרדאָרבנקייט! זיין פאַנטאַזיע איז פאַרדאָרבן, און מ׳מוז זי לייטערן דורך סיגופים, תפילות און קאַמף.

קומענדיק אַהיים, האָט ער געפונען דעם טאַטן מיט די קינדער זיצנדיק ביים טיש. טעאָדאָר האָט זיך עפּעס געשעמט פאַר זיי, ווי אַן אומריינער. דער טאַטע האָט, ווי תמיד, געפרעגט, ווען זיי ווערן קאָנפירמירט. טעאָדאָר האָט עס ניט געוואוסט. ער האָט גאָרנישט געגעסן מיטן תירוץ, אַז ער איז אַ ביסל ניט איינ־גאַנצן; דער אמת אָבער איז געווען, וואָס ער האָט זיך ניט דער־וועגט צו עסן ביינאַכט, כדי צו פּייניקן זיך. ער איז אַוועק אין זיין צימער, וואָרעם ער האָט געוואָלט לייענען די בראָשור פון שאַראַטו, וואָס דער פּאַסטאָר האָט אים מיטגעגעבן. ס׳האָט זיך דאָרט גערעדט איבער דער נישטיקייט פון שכל. און דווקא דאָ, אָט ביי דעם לעצטן פּונקט, וואָס האָט זיך אים אויסגעדוכט ווי אַן אויסגאַנג פון דעם פּלאָנטער, איז געוואָרן טונקל אַרום אים. דער שכל, אויף וועלכן ער האָט זיך אָפּט סומך געווען מיט אַ שוואַ־כער האָפענונג, אַז ער וועט אים אַרויספירן פון דעם טונקעלן

לאַבירינט, ווייזט זיך אַרויס איז אויך אַ זינד; נאָך מער זינד ווי אַלע אַנדערע, וואָרעם דער שכל דערהויבט זיך קעגן גאָט, ער וויל משיג זיין, וואָס איז פאַרבאָטן פאַר דעם מענטשנס השגה. פאַרוואָס „דאָס" איז פאַרבאָטן צו משיג זיין, איז דאָ ניט גע־שטאַנען; פשוט, מסתמא דערפאַר, ווייל ווי נאָר דער מענטש איז „עס" משיג, איז אַ סוף מיט דער גאַנצער רמאות.

ער האָט זיך שוין מערניט געקענט אַנטקעגנשטעלן און האָט זיך אונטערגעגעבן! איידער ער האָט זיך געלייגט אין בעט, האָט ער דורכגעלייענט צוויי „מאָרגנשטימען" פון אַרנדט, האָט געזאָגט דעם גאַנצן ווידוי, דעם „פאָטער אונזער" און „הער גאָט זאָל אונז בענטשן". ער איז געווען זייער הונגעריק, אָבער דער־ביי האָט ער געהאַט עפּעס ווי אַ געפיל פון נקמה־פרייד קעגן אַ פיינד, וואָס קוועלט זיך שטאַרק.

אַזוי איז ער איינגעשלאָפן. אינמיטן נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. עס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז ערגעץ אינ־אָונט געווען, האָט דאָרט געגעסן און געטרונקען שאַמפּאַניער און נאָכדעם איז ער מיט אַ מיידל אַוועק אין אַ באַזונדער צימער. אָט אַזוי האָט ער ווידער איבערגעלעבט אינגאַנצן דעם שרעק־לעכן נעכטיקן אָוונט.

ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, האָט אַראָפּגעוואָרפן די ליילעכער און די קישנס אויף דער ערד, האָט זיך געלייגט אויפן הוילן מאַטראַץ און האָט זיך צוגעדעקט נאָר מיט אַ דינער דעקע. ער האָט געפרווירן און איז געווען הונגעריק, אָבער די קליפּה האָט געמוזט פאַרטיליגט ווערן. ער האָט נאָכאַמאָל מתפלל געווען דאָס „פאָטער אונזער", דערביי האָט ער נאָך עפּעס מוסיף גע־ווען פון זיך. דער מוח ווערט ביי אים וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרנעפּלט, דער שטרענגער פּנים ווערט צאַרטער, דאָס מויל שמייכלט: ליבע, פריילעכע פּנימער זעט ער, אַ לייכט געמורמל, אַ פאַרשטיקטער געלעכטער, די טאַקטן פון אַ וואַלס, פינקלענדיקע גלעזער און צעהיצטע לעבעדיקע פּנימער, וואָס קוקן אויף אים מיט אַ פרייען בליק. פּלוצלונג נעמען זיך פונאַנדער די פּאָרטיערן און פון אונטער אַ רויט־זיידענעם פאָרהאַנג קוקט אַרויס צו אים

אַ קעפּל, דער מויל שמייכלט און די אויגן שפּריצן מיט לעבן, דער האַלז איז אָפן ביז צו די בריסט און די נאַקעטע אַקסלען ווייך און רונד, ווי מאָדעלירט. פאַר זיינע אויגן פאַלן אַראָפּ פון איר די קליידער און זי פאַלט אין זיינע אָרעמס.

דער זייגער האָט געשלאָגן דריי, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער איז ווידער געווען באַזיגט. איצטער האָט ער שוין אויך דעם מאַטראַץ אַרויסגעשליידערט פון בעט. אויף די שטיינער פאַר דעם קאַכל-אויוון איז ער געפאַלן אויף די קני און האָט מתפּלל געווען מיט אייגענע ווערטער צו גאָט, ער זאָל אים מציל זיין, וואָרעם איצטער האָט ער שוין געפילט, אַז ער ראַנגלט זיך ביטער מיט דער קליפּה אַליין. ער האָט זיך געלייגט אויף דעם הוילן בעט און האָט דערביי געהאַט אַ מאָדנע הנאה ווי די אייזנס שניידן אים די ביינער.

אויף מאָרגן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און האָט געבּרענט אין היץ.

---

זעקס וואָכן איז ער געלעגן צום בעט. נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך געפילט אַ כך געזינטער ווי אַמאָל. די רו, די בעסערע שפּייז, די מעדיצין — דאָס אַלץ האָט אים אַריינגעגעבן נייע כוחות און איצט-ערשט האָט זיך דער קאַמף דאָפּלט פאַרשטאַרקט. און ער האָט געקעמפט.

אין פרילינג איז ער קאָנפירמירט געוואָרן. די מוראדיקע סצענע, ווי דער אייבערשטער קלאַס נעמט אָפּ אַ שבועה פון אונטערשטן קלאַס אין נאָמען פון קריסטוסעס לייב און בלוט, אַז ער וועט זיך רואיק און נכנעדיק צוקוקן צו די מעשים פון ערשטן, איז אויף לאַנג געבליבן אין זיין געדעכעניש. דאָס, וואָס דער ווייַן פון וויינהענדלער העגשטעד און דאָס ברויט פון דעם בעקער לעטשטראָם האָט מען שווינדלעריש אַרויסגעגעבן פאַר דאָס לייב און בלוט פון דעם מורד ישו פון נצרת — וועגן דעם האָט ער ניט נאָכגעטראַכט, ווייל מ'האָט דאַמאָלסט דערהויפּט ווייניק געטראַכט.

אין אַ יאָר אַרום האָט ער געמאַכט זיין מאַטורע. ער האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט זיין סטודענטישן היטעלע; ניט אָפּ־געבנדיק זיך קיין קלאָרן חשבון, האָט ער עפּעס געהאַט הנאה דערפון, וואָס ער האָט לסוף באַקומען אַ שיין, וועלכער רעכנט אים צו צום אייבערשטן קלאַס. ער מיט זיינע חברים האָבן זיך גרויס געהאַלטן מיט זייער „בילדונג“, ווייל די לערער האָבן דאָך זיי אָנערקענט פאַר „רייף“. וואָלטן לפּחות אָט די פּוסטע בעלי־גאווהניקעס כאָטש באמת געקענט דאָס, מיט וואָס זיי האָבן זיך באַרימט! אָבער מ'האָט געדאַרפט נאָר הערן זייערן אַ שמועס ביי אַ סטודענטישער שמחהלע, ווי מ'באַרימט זיך, אַז זיי ווייסן קיין פינפטן טייל ניט דערפון, וואָס זיי האָבן געלערנט, און זייער דיפּלאָם האָבן זיי באַקומען פשוט מיט ניסים. אַ פרעמדער פון דער זייט וואָלט עס פשוט ניט געגלויבט. אויף דערזעלביקער שמחהלע האָט מען געקענט הערן ווי אייניקע פון די יינגערע לערער האָבן איצט, ווען דער פאַך־חילוק צווישן לערער און תּלמיד, האָט זיך אויסגעגלייכט און דער אַוטאָריטעט־אָנשטעל איז שוין געווען איבעריק, אָפן מיט שיכּורע העוויות געשוואָרן, אַז אין גאַנצן לערער־קאָלעגיום איז ניטאָ איינער, וואָס וואָלט ביי הייינטיקן טאָג ניט דורכגעפאַלן ביים עקזאַמען. אַ מענטש אַ בר־דעת האָט דערביי געמוזט גלויבן, אַז דער גאַנצער סטו־דענטן־עקזאַמען איז ניט מער ווי אַ מחיצה, וואָס מ'שטעלט אויף ווי און ווען עס געפעלט, צווישן העכערן און אונטערשטן קלאַס; און דאָ ערשט האָט ער משיג געווען, אַז דער „נס“ איז ניט מער ווי איין גרויסער שווינדל.

און טאַקע אַ לערער האָט עס אויף דער שמחה אַרויסגע־זאָגט, אַז נאָר אַן אידיאָט קען זיך איינריידן, אַז דער מענטש־לעכער מוח קען גלייכצייטיק תּופס זיין: די דריי טויזנט יאָרן, וואָס מאַכן אויס די געשיכטע; די נעמען פון פינף טויזנט שטעט, וואָס געפינען זיך אויף דער ערד; די נעמען פון זעקס הונדערט געוויקסן און זיבן הונדערט בעלי־חיים; די ביינער פון מענטש־לעכן קערפּער, די שטיינער אין דער ערד, אַלע טעאָלאָגישע סכסוכים, איין טויזנט פראַנצויזישע וואָקאַבלען, איין טויזנט

ענגלישע, איין טויזנט דייטשע, איין טויזנט לאַטיינישע, איין גריכישע, אַ האַלבע מיליאָן כללים און אויסנעמען; פינף הונדערט מאַטעמאַטישע, פיזיקאַלישע, געאָמעטרישע, כעמישע פאָרמולעס. ער האָט געוואָלט דערווייזן, אַז כדי אַ מענטש זאָל דאָס אַלץ קענען, מוז זיין מוח גרויס זיין ווי דער קופּאָל פון דעם אָבסערוואַטאָריום אין אופּסאַלע. סוף־כל־סוף האָט הומבאָלד געקענט ניט מער ווי איינמאָל איינס, און דער פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע אין לונד האָט ניט געקענט חילוקן צווישן זעקסטייליקע גאַנצע צאָלן. די נייע סטודענטן גלויבן, אַז זיי קענען זעקס שפּראַכן און זייער קענטעניש אין דער אייגענער שפּראַך דערגרייכט לכל־היותר ניט מער ווי ביז פינף טויזנט ווערטער פון די צוואַנציק טויזנט, וואָס זי פאַרמאָגט. און ער האָט דאָך געזען ווי זיי דרייען! אָ, ער קען די אַלע קונץ־שטיקלעך! ער האָט מיט זיינע אויגן געזען, ווי זיי האָבן כראָנאָלאָגישע ציפערן אויף די נעגל אָנגעשריבן, ווי זיי האָבן באַהאַלטן ביכער אונטערן טיש, און ווי זיי האָבן זיך אונטערגעזאָגט שטילערהייט. אָבער, האָט ער געענדיקט, וואָס קען מען דאָ טאָן? ווען מ'זאָל אויף דעם ניט קוקן דורך די פינגער, וועלן בכלל מער קיין סטודענטן ניט זיין.

---

אין משך פון זומער איז טעאָדאָר פאַרבליבן אינדערהיים, ביי זיך אין גאָרטן. ער האָט אַ סך געטראַכט מכוח זיין צוקונפט — וואָס עס זאָל מיט אים זיין. ער האָט ניט געקענט דורכדרינגען די געהיימניש פון דער יעזואיטן־קאַסטע, אָבער אויף אַזוי פיל האָט עס אויף אים געווירקט, אַז ער זאָל אומצופרידן זיין מיטן לעבן און דעריבער באַשלאָסן צו ווערן אַ גייסטלעכער, כדי צו אַנטרינען פון פאַרצווייפלונג. אָבער די וועלט האָט אים געלאָקט און געצויגן צו זיך. זי איז געלעגן אויסגעשפּרייט העל און קלאָר פאַר זיינע אויגן, און זיין זודיק קאָכעדיק בלוט האָט געשריען נאָך לעבן. דער קאַמף האָט פון אים געמאַכט אַ תל, און דאָס פּוסטעפּאַסעווען האָט אים פאַרשאַפט שטאַרקע יסורים.

טעאָדאָרס וואַקסנדיקע מרה־שחורה און דער צושטאַנד פון זיין געזונט, וואָס איז אַלץ מער שוואַכער געוואָרן, האָט באַ־אומרואיקט דעם טאַטן. ער האָט אַפילו תּופס געווען, וואָס מיט אים טוט זיך, האָט אָבער ביי זיך ניט געקענט פועלן, צו ריידן מיט אים אָפן וועגן אַזאַ דעליקאַטן ענין.

איינמאָל אין אַ זונטאָג נאָכמיטאָג איז דעם פּראָפעסאָרס ברודער, אַ קאָמענדאַנט, געווען ביי אים צו גאַסט. מ׳איז געזעסן אין גאָרטן און געטרונקען קאַווע.

— האָסטו באַמערקט, ווי מאָדנע פאַרענדערט טעאָדאָר איז געוואָרן? — האָט געפרעגט דער פּראָפעסאָר.

— יאָ, האָט געענטפערט דער אָפיציר, זיין צייט איז גע־קומען, כ׳מיין אַז עס איז שוין לאַנג צייט...

— אפשר וואָלסטו מיט אים גערעדט, איך קען דאָס ניט.

— וואָלט איך אַ בחור געווען, וואָלט איך גערן אויף זיך גענומען די ראָלע פון אַ „פירער״, אָבער ס׳וועט בעסער זיין, ווען איך שיק צו אים גוסטאַוון! דער יינגל מוז אַ מיידל האָבן, אַז ניט ווערט פון אים אַ תּל. אַ שטאַרקע ראַסע איז די וועגנער־שטרעמישע, האַ?

— יאָ, האָט געזאָגט דער טאַטע, צו פופצן יאָר בין איך שוין געווען אַ גאַנצער מאָנסביל. אָבער איך האָב געהאַט אַ חבר, וואָס איז ניט קאָנפירמירט געוואָרן, ווייל צו דרייצן יאָר האָט ער אַ קאָנפירמאַנטין צוגעשטעלט אַ קינד.

— גיב נאָר אַ קוק אויף גוסטאַוון, אָט דאָס איז אַ בחור מיט ביינער! כאַפּט מיך דער רוח, אויב ער איז ניט ברייט און שטאַרק ווי אַן אַלטער הויפּטמאַן! פון אים וועט ווערן אַ מענטש!

— אמת, איך ווייס וואָס דאָס קאָסט, אָבער ס׳איז דאָך פאָרט בעסער ווי כאַפּן אַן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייט.—האָט גע־זאָגט דער טאַטע. בעט גוסטאַוון, ער זאָל טעאָדאָרן מיטנעמען ערגעץ־וואו, כדי אים אַ ביסל אויפצומינטערן.

— יאָ, איך וועל דאָס מאַכן, האָט געזאָגט דער אָפיציר.

און דערביי איז דאָס געבליבן.

---

איינמאָל אין אַ יולי־אָוונט, איינער פון די וואַרימסטע אָוונטן, ווען די נאַטור איז געשטאַנען אין איר רעכטער שפּע, אין איר שוואַנגערשאַפט, און אַלץ, וואָס איז באַפרוכט געוואָרן אין פרילינג, האָט זיך געגרייט צו ווערן פרוכט, איז טעאָדאָר געזעסן אין זיין קאַמער און האָט געוואַרט. ער האָט אויפגעהאַנגען אויף זיין וואַנט אַ בילד: „קום צו יעזוסן", וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ רמז פאַר זיין ברודער, דעם לייטענאַנט, וועלכער כאַפּט זיך אריין פון צייט צו צייט אַהיים פון זיין קאַזאַרמע, ער זאָל מיט אים קיין דיספּוטן ניט פירן. גוסטאַוו איז געווען אַ פריילעכע נשמה, אַ מענטש וואָס איז תּמיד „שמחה וששון", ווי ז״ין פעטער האָט געזאָגט, ער האָט זיך ניט געמאַטערט צו באַנעמען דעם דרך פון דער וועלט. ער האָט טעאָדאָרן צוגעזאָגט היינט אין אָוונט ערגעץ־וואו מיטצונעמען; ער וויל מיט אים אויפן וועג אַן עצה האַלטן, אויף וואָס פאַר אַן אופן מ'זאָל דעם טאַטנס געבורטס־טאָג פייערן. טעאָדאָר האָט געהאַט אַ געהיימן פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל אומגעריכט פאַרן ברודער אים אַרויפברענגען אויפן דרך הישר. אָבער גוסטאַוו האָט געהאַט אַ פּלאַן דעם ברודער אויפן רעכטן שכל אַרויפצוברענגען.

פונקט זיבן אַ זייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דראָזשקע (דער לייטענאַנט איז תּמיד געקומען אין אַ דראָזשקע) פאַרן הויז און תּיכּף האָט טעאָדאָר דערהערט אַ געקלאַנג פון שפּאָרן אויף די טרעפּ און אַ גערימפּל פון אַ שווערד.

— אַ גוט־נאָוונט דיר, אַלטער, האָט דער עלטערער ברודער געזאָגט.

ער איז געווען אַ יונגער פּאַרשוין, בלוט און מילך. מ'האָט געזען זיינע פּראַקטיקע איקרעס אונטער די גלאַנציקע כאָלעוועס פון די שטיוועלעך, די לאַנגע טאַליע פון זיין מאַנטל האָט אָפּ־געצייכנט די לענדן פון אַ טייערן פערד.

ער האָט אַ בליק געטאָן אויפן בילד „קום צו יעזוסן" און האָט געמאַכט עפּעס אַ מינע פון אַ שמייכל, אָבער דער ביי גאָרנישט געזאָגט.

— קום, טעאָדאָר, מיר פאָרן קיין בעלוויו, צום גערטנער, און וועלן דאָרט אַלץ באַשטעלן צום אַלטנס געבורטס־טאָג. נו, טו דיך אָן און קום, אַלטער בחור.

טעאָדאָר האָט שוין געוואָלט אָנהויבן מיט פאַרשיידענע תירוצים, אָבער דער ברודער האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם, אָנגעטאָן אים אויפן קאָפּ פאַרקערט דאָס היטל, אַריינגעשטעקט אים אַ ציגאַר אין מויל, און האָט געעפנט די טיר. טעאָדאָר האָט זיך דערפילט לעכערלעך און עפּעס ווי אַראָפּגעפירט פון זיין ראָליע, איז אָבער נאָכגעגאַנגען.

— קיין בעלוויו! האָט דער לייטענאַנט אַ זאָג געטאָן צום קוטשער, אָבער אַקאָרשט רעכט אַ פּאָר טאָן!

טעאָדאָר האָט זיך צעלאַכט פון דעם ברודערס חוצפה. ס׳וואָלט אים קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו זאָגן אַ קוטשער, אַן עלטערן מענטשן „דו“.

אויפן וועג האָט דער לייטענאַנט געפּלוידערט פון אַלץ אויף דער וועלט און אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט געטראָפן אין וועג, האָט ער צוגעוואָרפן אַ בליק.

פאַרביי איז דורכגעגאַנגען אַ פּראָצעסיע, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים פון אַ לוויה.

— האָסטו געזען, האָט געזאָגט גוסטאַוו, וואָס פאַר אַ ווילדע פאַרשוין פון אַ מיידל איז געזעסן אין לעצטן וואָגן?

ניין, טעאָדאָר האָט זי ניט געזען און ניט געוואָלט זען.

נאָכדעם האָבן זיי באַגעגנט אַ פולן אָמניבוס מיט לויטער קעלנערינס. דער לייטענאַנט האָט זיך געשטעלט אין דראָזשקע און אָפן פאַר אַלעמען צוגעוואָרפן זיי לופט־קושן. ער איז שוין געווען גאָר חסר־דעה.

אין בעלוויו האָבן זיי אויסגעפירט זייער ענין. אויפן וועג אַהיים האָט דער קוטשער, ניט פרעגנדיק, פאַרקערעוועט די פערד צום רעסטאָראַן „שטאַלמייסטערהאָף“.

— מיר וועלן עפּעס איבערבייסן, — האָט גוסטאַוו געזאָגט און אַרויסגעשלעפּט דעם ברודער פון דראָזשקע.

טעאָדאָר איז געווען ווי אַ צעטומלטער. קיין נדר אָפּצוהאַלטן זיך פון טרינקען האָט ער קיינמאָל ניט געגעבן און עס איז אייגנטלעך קיין חטא ניט געווען אַריינצוגיין אין אַ רעסטאָראַן, הגם פון זיך אַליין וואָלט ער עס ניט געטאָן. ער איז נאָכגעגאַנגען, אָבער דאָך מיט אַ ביסל אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

אין פאָרצימער האָבן דעם לייטענאַנט מקבל־פנים געווען צוויי יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך באַלד אין ערשטן אויגנבליק אים אָנגעהאַנגען אויפן האַלז.

— גוט מאָרגן, מיינע טייבעלעך, האָט ער זיי באַגריסט און געקושט ביידן אין די ליפּן. אָט דאָ האָט איר פאַר זיך מיין געלערנטן ברודער, ער איז נאָך אַן אומשולדיקער; איך אָבער בין דאָס שוין ניט, האַ, זאָשע?

די מיידלעך האָבן געקוקט מיט אַ ביסל מורא אויף טעאָדאָרן, וואָס האָט ניט געוווסט, וואו ער זאָל זיך אַהינטאָן, אַזוי מאָדנע חוצפּהדיק, כמעט נאַאיוו האָט אים אויסגעוויזן דעם ברודערס לשון.

אַרויפגייענדיק מיט אַ טרעפּ העכער, האָבן זיי געטראָפן אַ קליין שוואַרץ מיידל מיט פאַרוויינטע אויגן, וואָס האָט אַזוי דעליקאַט און פיין אויסגעזען און געמאַכט אויף טעאָדאָרן אַ גוטן רושם.

דער לייטענאַנט האָט זי ניט געקושט, האָט אָבער אַרויסגענומען זיין נאָטיכל און האָט איר אויסגעווישט די טרערן, נאָכדעם האָט ער באַשטעלט אַ פיינע סעודה.

דער זאַל איז געווען אַ ליכטיקער און אַ פריילעכער, מיט שפּיגלען און אַ קלאַוויר, ספּעציעל פאַר אָרגיעס איינגעאָרדנט. דער לייטענאַנט האָט געעפנט דעם דעקל פון קלאַוויר מיטן באַיאָנעט, און איידער טעאָדאָר האָט זיך אַרומגעקוקט, איז ער שוין געזעסן ביים קלאַוויר, די הענט אויף די קלאַווישן.

— איצטער שפּיל אונז אַ וואַלס, טעאָדאָר, האָט דער ברודער געזאָגט.

און טעאָדאָר האָט געשפּילט אַ וואַלס. דער לייטענאַנט האָט אָפּגעשפּיליעט דעם שווערד פון זיך און האָט געטאַנצט מיט זאָ־

שען אַ ווילדן וואַלס, פאַרטשעפּנדיק מיט די שפּאָרן אָן די שטולן און אָן טיש. דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער זאָפע און אויסגעשריען:

— קומט אַהער, מיינע שקלאַפינס, און פּאָכט אויף מיר מיט קילע פּעכערס.

טעאָדאָר האָט גענומען מינאָרן טאָן און איז באַלד אַריבער אויף גונאָס פּויסט. ער האָט זיך ניט דערוועקט אָפּצוקערן דעם קאָפּ.

— גייט און גיט אים אַ קוש — האָט דער ברודער שטילערהייט געזאָגט.

קיינע פון די מיידלעך האָט אָבער קיין העזה ניט געהאַט, זיי האָבן פאַר אים און פאַר זיין אומעטיקער מוזיק כמעט ווי מורא געהאַט.

אָבער די מוטיקערע האָט זיך דערנעענט צום קלאַוויר און כדי עפּעס צו זאָגן, געפרעגט:

— איז דאָס ניט פריישיץ?

— ניין, האָט טעאָדאָר געענטפערט מיט דרך־ארץ, דאָס איז פּויסט!

— דיין ברודער זעט אויס צו זיין זייער אַן אָנשטענדיקער—האָט געזאָגט די שוואַרצע מיידל מיטן נאָמען ריקע. גאָרניט אין דיר געראָטן, דו אַלטער בעל־עבירהניק!

— ער וויל אַ פּאַסטאָר ווערן, האָט געשעפּטשעט דער לייטענאַנט.

אויף די מיידלעך האָט עס געמאַכט אַ טיפן רושם און דעם לייטענאַנט האָבן זיי געקושט שוין נאָר בגנבה, און האָבן אומרואיק צוגעקוקט אויף טעאָדאָרן, ווי הינער אויף אַ קייטן־הונט.

מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש. אַזוי פיל פּאָטראַוועס, אַ שרעק! בסך־הכל אַכצן שיסלען, אַחוץ די וואַרעמע שפּייזן.

גוסטאַוו האָט אָנגעגאָסן די גלעזלעך.

— לחיים, אַלטער גלח, האָט ער געזאָגט.

טעאָדאָר האָט געמוזט פאַרזוכן פון בראַנפן. עס האָט אים אַ נעם געטאָן און דורכגעוואַרעמט, און איבער די אויגן איז אים,

ווי אַ דינער שלייער געפאַלן. און דער אַפּעטיט האָט זיך אין אים צע־שפּילט, ווי ביי אַ הונגעריקן וואָלף. דער פרישער לאַקס מיט זיין דעליקאַטן טעם און דער נאַרקאָטישער קראָפּ; די ראַדיסקעס, וואָס האָבן געררייצט די צונג צו פאַרטרינקען מיט ביר; פון די קליינע ביפשטעקס מיט די זיסע פּאָרטוגעזישע ציבעלעס, האָט גע־שמעקט, ווי פון אַ טאַנצנדיקער מיידל; די געפּרעגלטע אָמאַרן האָבן דערמאָנט דעם ים־ריח און די ערשטע האַלב־געוויינטע אוגערקעס האָבן זיך אַזוי געשמאַק געכראָמסקעט אין די ציינער; די יונגע הינדלעך מיט פּעטרישקע האָבן דערמאָנט דעם ריח פון גאָרטן. דער פּאָרטער־וויין האָט געפליסט דורך זיינע אָדערן, ווי וואַרעמע לאַווע־שטראָמען. נאָך די פּאָזעמקעס האָבן געקנאַקט די פלעשער שאַמפּאַניער; די דינסט־מיידל האָט אים געבראַכט אַ שטראָ־מענדיקן, ווי אַ קוואַל. די דינסט־מיידל האָט זיך אויך געמוזט מכבד זיין מיט אַ גלאָז. און נאָכדעם האָט מען געפלוידערט פון אַלץ אין דער וועלט.

טעאָדאָר איז דאָ געזעסן צווישן זיי, ווי דער בוים, וואָס ציט אין זיך אַיין דעם פרישן זאַפט מיט אַ באַזונדער הנאה; דאָס עסן האָט געעירט אין זיין קערפּער, ווי די לאַווע אין בויך פון אַ וואולקאַן. גאַנץ נייע רעיונות, נייע געפילן, נייע קוקן, נייע דעות האָבן געפלאַטערט אין זיין קאָפּ. ער האָט זיך געזעצט צום קלאַוויר. אָבער ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער שפּילט. ער האָט די קלאַווישן געשפּירט אונטער די פינגער ווי אויסגעלייגטע טרוקענע ביינער, פון וועלכע זיין גייסט האָט געדאַרפט אַרויס־באַקומען לעבן. ער האָט זיי צונויפגעפּאַסט, צוגעקליבן, געזאַמלט, כדי ווידער צו צעפלאָנטערן און צעוואַרפן.

ער האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער שפּילט, אָבער תּיכּף ווי ער האָט אויפגעהערט און אָפּגעקערט דעם קאָפּ, איז גראָד דער ברודער אַריין אין צימער. ער האָט אַויסגעזען גליקלעך ווי אַן איבער־מענטש און זיין פּנים האָט געשטראַלט און געשפּריצט מיט כּוח און לעבן. נאָכדעם איז אַריין ריקע און גלייך נאָך איר די איבעריקע מיידלעך. דער לייטענאַנט האָט געטרונקען פאַרן געזונט פון יעדער פון זיי באַזונדער. און טעאָדאָר האָט סוף־כּל־

סוף בײַ זיך מסכּים געװען, אַז אַלץ איז גוט אַזױ און דאַרף אַזױ זײַן און לסוף בײַ זיך געװאָרן אַזױ דרײסט, אַז ער האָט זיך דערלױבט ריקען אַ קוש צו טאָן אין פּלײצע. זי האָט זיך אָבער פון אים אַרױסגעמאַכט מיט אַ פאַרדריסלעכער מינע; און טעאָ־דאָר האָט זיך פאַרשעמט.

אײנס אױסגעגער; מען האָט געמוזט גײן.

קומענדיק אין זײַן קאַמער אַהײם, ביחידות מיט זיך, האָט טעאָדאָר דערפילט, אַז אַלץ האָט זיך בײַ אים איבערגעקערט קאַפּױר. ער האָט אַראָפּגעריסן פון װאַנט דעם „קום צו יעזוסן", חלילה ניט דערפאַר, װײל ער האָט שױן מער ניט געגלױבט אין יעזוסן, נאָר װײל ער האָט דערפילט, אַז אין זײַנע פריערדיקע מעשים איז געװען אַ סך ליגן און פּוסטע אײנרײדעניש. ער האָט זיך געחידושט, װאָס זײַן אמונה זיצט אױף אים עפּעס אַזױ ניט אָנגעפּאַסט, װי אַן אױסגעפּרעסטער יום־טובדיקער ראָק, און עס איז אַ פראַגע, צי איז גוט צו גײן אין אַזאַ יום־טובדיק ראָק אין אַלע טעג פון װאָך. ער האָט אין זיך דערזען אַ פּשוטן מענטשן פון אַ גאַנץ־יאָר, װאָס איז אים אַ סך מער צום האַרצן, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז פון איצט אָן װעט ער שױן לעבן מיט זיך אין פריד, זײענדיק פּראָסט און פרײ, און אָן קײנע טענות צו קײנעם.

בײַנאַכט איז ער אײַנגעשלאָפן מיט אַ שװערן, אָבער רויִקן שלאָף, אָן חלומות.

אױף מאָרגן, אױפשטײענדיק, האָט זײַן בלײך פּנים עפּעס פולער אױסגעזען און אין האַרצן בײַ זיך האָט ער דערפילט אַ פרײד און אַ חשק צום לעבן. ער איז אַװעק שפּאַצירן, און גײענדיק אַזױ, איז ער אַרױס הינטערן שטאָט. דערבײַ האָט ער געטראַכט, צי איז אפשר כּדאַי אַרײַנצוגײן אין רעסטאָראַן און אַ קוק טאָן, װי גײט עס דאָרט די מײדלעך?

ער איז אַרײַן אין גרױסן זאַל; דאָרט איז געזעסן ריקע און זאָשע אין קאַפּאָטן און האָבן געפּוצט אַגרעסן. און נאָך אײ־דער װאָס־װען, איז ער שױן געזעסן בײַ זײער טיש, האָט גענו־מען אַ שער און האָט אױך געהאָלפן פּוצן אַגרעסן. זײ האָבן גע־

שמועסט מכוח נעכטיקן אָוונט און וועגן דעם ברודער, און האָבן זיך געפּרייט, וואָס עס איז אַזוי לעבעדיק און לוסטיק צוגעגאַנגען. חלילה, קיין איין מיאוסן וואָרט האָט מען ניט אַרויסגערעדט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אַלץ האָט אַ פּנים ווי אין אַ פאַמיליע און עס קען דערין גאָר קיין זינד ניט זיין.

שפּעטער האָט ער געטרונקען קאַווע און האָט אויך די מיידלעך פאַרבעטן. נאָכדעם איז אריין די באַלעבאָסטע, האָט זיך געזעצט און פאָרגעלייענט פון אַ צייטונג; אַלץ איז געווען פּונקט ווי ביי זיך אין דער היים, זאָל פעלן אַ האָר.

און אַזוי האָט ער אָנגעהויבן עפטער צו באַזוכן דעם רעס־טאָראַן. איינמאָל נאָכמיטאָג איז ער אַרויף מיט אַ טרעפּ העכער צו ריקען. זי איז געזעסן און האָט עפּעס גענייט. ער האָט געפרעגט, צי שטערט ער ניט. אָ, ניין, עס הייבט זיך ניט אָן, פאַרקערט, האָט זי געענטפערט. און זיי האָבן געשמועסט וועגן ברודער. ער איז געווען אויף מאַנעווורען און האָט באַדאַרפט ערשט אין אַ פּאָר חדשים אַרום קומען. לסוף האָבן זיי געטרונ־קען פּונש און האָבן זיך געדוצט.

נאָך אַמאָל האָט ער זי באַגעגנט אין האַגאַ־פּאַרק; זי האָט געפּליקט בלומען. ביידע האָבן זיך צוגעזעצט אויפן גראָז. זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ דין זומערקלייד, אַזוי דין, אַז ער האָט גע־זען אירע רונדע בריסט, ווי צוויי בערגלעך און צווישן זיי אַ טונקעלע פאַרטיפונג. ער האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש גע־טאָן. זי האָט געענטפערט מיט אַ קוש און אים איז פינסטער גע־וואָרן אין די אויגן. האָט ער זי אַ צי געטאָן צו זיך מיט כּוח, און האָט זי געדריקט צום האַרצן ביז צום דערשטיקן. זי האָט זיך אָבער אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און האָט געזאָגט מיט אַן ערנסטער מינע, ער זאָל אַרטיק זיין, אַז ניט קענען זיי זיך מער ניט טרעפן.

צוויי חדשים האָבן זיי זיך באַגעגנט. טעאָדאָר איז געווען פאַרליבט. ער האָט מיט איר געפירט לאַנגע ערנסטע שמועסן מכּוח די העכסטע אויפגאַבן פון לעבן, איבער ליבע, רעליגיע און איבער אַלץ, און פאַר דער צייט האָט ער זיך געפּרוווט מאַכן אַן

אָנגריף אויף איר אומשולדיקייט. זי האָט אים אָבער תּמיד מיט זײַנע אייגענע ווערטער מדחה געווען. האָט ער זיך זייער גע־שעמט, וואָס ער האָט געקענט אַזוי מיאוס טראַכטן פון אַן אומשולדיקער מיידל. זיין ליידנשאַפט צו איר איז לסוף אַריבער אין דרך־ארץ און גרויסע התפּעלות פאַר דער אָרימער מיידל, וואָס איז געבליבן ריין און אומשולדיק ביי אַזוי פיל נסיונות. ער האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ דעם געדאַנק צו ווערן אַ גייסטלעכער, האָט געטראַכט צו שטודירן דאָקטאָר און, אפשר, חתונה האָבן מיט ריקען. ער האָט פאַר איר פאָרגעלייענט פּאָע־זיע, ווען זי איז געזעסן און גענייט. קושן האָט ער זי געמעגט, אַרומנעמען, צודריקן, אָבער ווייטער ניט מער.

צום סוף איז דער ברודער צוריקגעקומען אַהיים. ער האָט תּיכּף באַשטעלט אַ פיינע סעודה אין רעסטאָראַן, און טעאָדאָר איז געווען פאַרבעטן. אָבער ער האָט געמוזט פאַר זיי שפּילן, אָן אַן אויפהער שפּילן. ער האָט געהאַלטן אינמיטן אַ וואַלס, נאָר קיינער האָט ניט געטאַנצט, און אַז ער האָט זיך אָפּגעקערט, האָט ער דערזען: ער איז אַליין. ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס אין קאָרידאָר. ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ לאַנגע ריי צימערן און לסוף פאַרבלאָנדזעט אין אַן אָפענעם שלאָפצימער. און פּלוצ־לונג האָט ער עפּעס דערזען אַזוינס, וואָס האָט אים אַרויסגע־שליידערט צוריק. ער האָט געכאַפּט זיין הוט און איז אַנטלאָפן אין דער נאַכט אַריין.

ערשט פאַרטאָג איז ער געקומען אַהיים צו זיך אין זיין קאַמער, אַליין, גאַנץ דערשלאָגן, אָן אַ פונק פון אמונה אין לעבן, אין דער ליבע און, נאָכמער, אין דער פרוי. וואָרעם פאַר אים האָט עקסיסטירט אויף דער וועלט נאָר איין פרוי, און געווען איז דאָס ריקע פון רעסטאָראַן „שטאַלמייסטערהאָף”.

דעם פופצנטן סעפּטעמבער איז טעאָדאָר אַוועק קיין אופּ־סאַלע צו שטודירן טעאָלאָגיע.

יאָרן זיינען פאַרפלויגן. זיין שכל הישר האָט זיך ביסלעכ־ווייז אָפּגעשוואַכט פון די אַלע שטותים, מיט וועלכע ער האָט איצטער טעגלעך און שטונדלעך אָנגעשטאָפּט זיין מוח. אָבער

אין דער נאַכט, ווען עס הערט אויף דער ווידערשטאַנד, האָט די נאַטור גענומען מיט גוואַלד, וואָס דער מענטש, דער מורד, האָט עקשנותדיק ניט געוואָלט דערלאָזן. ער איז געוואָרן שוואַך און קרענקלעך. זיין פנים איז אַזוי איינגעפאַלן, אַז אַלע ביינער האָבן שאַרף אַרויסגעשטאַרצט; די הויט איז געוואָרן פייכט און געל־ווייס, ווי די הויט פון אַן עובר, וואָס ווערט געהאַלטן אין ספירט; צווישן די שיטערע האָר פון זיין באָרד האָט זיך געזעצט אַן אויסשלאָג פון רויטלעכע בלאָטערן. דער גלאַנץ פון די אויגן איז אויסגעלאָשן; די הענט זיינען אַזוי מאָגער געוואָרן, אַז די געלענקען האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער דער הויט. ער האָט אויסגעזען מיט זיין גאַנצן אָנבליק ווי אַ לעבעדיקע אילוסטראַ־ציע צו די פאָפּולערע ביכער איבער די „יוגנט־חטאים" — און ער איז דאָך געווען ריין און אומשולדיק.

איינמאָל, האָט דער פּראָפעסאָר פון מאָראַל־טעאָלאָגיע, אַ באַ־וואוסטער, אָבער אַ שטרענגער מענטש, פאַרלאַנגט צו ריידן מיט אים אונטער פיר אויגן. דער פּראָפעסאָר האָט אים זייער איידל געפרעגט, צי ער האָט עפּעס ניט אויפן האַרצן; אויב יאָ, זאָל ער עס אַראָפּריידן. ניין, ער האָט זיך ניט אויף וואָס צו מתוודה זיין, ער איז נאָר אומגליקלעך. דער פּראָפעסאָר האָט אים געטרייסט, געהייסן שטאַרק זיין און בעטן גאָט.

פון זיין ברודער האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו, וואו ער בעט אים ניט נעמען זיך אַזוי ערנסט צום האַרצן יענע נאַרישע גע־שיכטע. ערנסט באַציען זיך צו אַ פּרווי איז נאַריש. זיין פילאָזאָפיע איז: באַצאָלן — און אַ גוטן טאָג. און מיט דער פילאָזאָפיע לעבט זיך אים ניט שלעכט. כל־זמן מ׳איז יונג, זאָל מען לעבן לייכט; דער ערנסט וועט שטענדיק צופרי קומען. די חתונה איז אַ באַ־לעבאַטישע אינסטיטוציע, כדי צו פאַרזאָרגן די קינדער, נישט מער. חתונה האָבן זאָל מען, ווען מ׳ווערט עלטער...

אויף דעם האָט טעאָדאָר געענטפערט מיט אַ לאַנגן בריוו, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיטן ערנסטן קריסטלעכן גייסט. קיין תשובה האָט ער ניט באַקומען.

---

נאָכדעם ווי טעאָדאָר האָט אין פּרילינג אויסגעהאַלטן זיין ערשטן עקזאַמען, האָט ער געמוזט אויף זומער פאָרן קיין סקעפּדע דורכצומאַכן אַ קאַלט־וואַסער קור. צו האַרבסט האָט ער זיך צו־ריקגעקערט קיין אופּסאַלע. אָבער די נייע כּוחות, וואָס זיינען אים צוגעקומען, זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען ווי נייער מאַטעריאַל אויפן פייער.

מיט אים איז אַלץ ערגער און ערגער געגאַנגען. די האָר זיינען אַזוי שיטער געוואָרן, אַז די הויט האָט דורך זיי אַרויסגע־קוקט. ער האָט שלאָף געשלעפּט זיינע פיס, און די חברים, וואָס האָבן אים געזען שלעפּנדיק זיך אין גאַס, האָבן געקוקט אויף אים מיט מורא, ווי אויף אַ מענטשן, וואָס ליידט פון באַהאַלטענע זינד. ער האָט עס אַליין געגומען באַמערקן און געוואָרן שרעקע־דיק פאַר מענטשן. נאָר ביינאַכט פלעגט ער אַרויסגיין. ער האָט זיך ניט דערוועגט צו שלאָפן ביינאַכט אין בעט. דאָס אייזן, וואָס ער האָט איינגענומען אין צו גרויסע דאָזעס, האָט אים פאַרדאָרבן דעם מאָגן. דעם אַנדער זומער האָט ער געמוזט פאָרן קיין קאַרלסבאַד.

אין קומענדיקן האַרבסט האָט זיך פאַרשפּרייט אין אוני־ווערזיטעט אַ ידיעה, גאָר אַ מיאוסע ידיעה, וואָס האָט פאַרצויגן ווי אַ שוואַרצער וואָלקן דעם האָריזאָנט. גלייך ווי מ׳וואָלט פאַר־געסן צו פאַרמאַכן דאָס טירל פון אַ קאַנאַל, פונוואַנען עס האָט זיך צעטראָגן אַ שרעקלעכער עיפּוש, וואָס האָט דערמאָנט, אַז די קולטור־שטאָט שטייט אויף אַ פוילן באָדן, וואו אַ ליאַדע מינוט קענען פלאַצן די טרויבן און פאַרסמען די גאַנצע באַפעלקערונג. מ׳האָט זיך דערציילט פון מויל צו אויער, אַז טעאָדאָר וועננער־שטראָם איז אין אָנפאַל פון משוגעת באַפאַלן זיינעם אַ חבר און האָט אים געמאַכט זייער אַ מיאוסן פאָרשלאָג. און דאָס מאָל איז די ידיעה געווען אמת.

דער טאַטע איז געקומען קיין אופּסאַלע און האָט זיך אַן עצה געהאַלטן מיטן דעקאַן פון טעאָלאָגישן פאַקולטעט.

מ׳האָט צוגעצויגן דעם פּראָפעסאָר פון פּאַטאַלאָגיע. וואָס

טוט מען? דער דאָקטאָר האָט געשוויגן, ביז מ'האָט אים ניט גע־פרעגט.

— אַז מ'פרעגט מיך, מוז איך אַוודאי זאָגן דעם אמת, האָט ער געזאָגט; אָבער מיינע הערן, איר ווייסט דאָך פונקט אַזוי ווי איך, אַז עס איז דאָ נאָר איין סגולה.

— די סגולה איז? — האָט געפרעגט דער טעאָלאָג.

— איז נאָך בײַ אייך אַ שאלה, מיט וואָס מ'קען איינשטילן די נאַטור? — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר.

— יאָ, קיין אַנדער עצה איז ניטאָ, האָט געזאָגט דער טעאָלאָג, וואָס איז געווען באַווייבט — וואָרעם אַוודאי איז דאָס קעגן דער נאַטור, ווען דער מענטש לעבט ניט נאָך זיין טבע.

דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער איז אַוודאי און אַוודאי מסכים, אַז העלפן קען דאָ נאָר אַ פרוי, אָבער ער האָט ניט די העזה צו געבן זיין זון אַזאַ עצה, וואָס קען אים נאָך געווען צו אַן אָנשטעקנדיקער קרענק.

— איז ער אַ טיפש, ווען ער פאַרשטייט ניט ווי מע פאַר־היט זיך, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר.

דער דעקאַן האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אַזאַ מין שמועס איז גלייכער צו פירן ערגעץ אין אַן אַנדער אָרט. צום ענין גופא האָט ער ניט וואָס צו מוסיף זיין.

און דערבײַ איז עס געבליבן.

היות ווי טעאָדאָר האָט געהערט צו דעם אייבערשטן קלאַס, האָט מען דעם גאַנצן מיאוסן ענין פאַרגלעט. אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער אָפּגעגעבן זיין צווייטן טעאָלאָגישן עקזאַמען און איז געשיקט געוואָרן קיין ספּאַאַ. די כינין, וואָס ער האָט, לויט דער פאַראָרדענונג, אַ לאַנגע צייט איינגענומען, איז אים אַריין אין די קני, און ער האָט געמוזט גיין אָנגעלענט אויף צוויי שטעקנס. אין ספּאַאַ האָט זיין אָנבליק אַפילו אויף די קראַנקע אָנגעוואָרפן אַ פחד.

נאָר איינע, אַ פינף־און־דרייסיק־יעריקע, דייטשע מיידל, האָט, ווייזט אויס, אויף אים רחמנות געהאַט. זי האָט זיך מיט אים

געטראָפן אין ברונערפּאַרק און זיצנדיק מיט אים אין אָן איינ־זאַמען ביידל, האָט זי מיט אים געפירט אַ שמועס איבער אַלע פראַגן פון לעבן. זי איז געווען אַ מיטגליד פון אַ פאַרשפּרייטער וואַנגעלישער חברה, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, צו פאַרבעסערן די מידות פון די מענטשן. זי האָט ביי זיך געהאַט פּראָספּעקטן, צייטונגען און שריפטן, וואו עס האָט זיך גערעדט קעגן דער אומזיטלעכקייט פון די נישט חתונה געהאַטע, דער עיקר אָבער וועגן די מיטלען אָפּצושאַפן די פּראָסטיטוציע.

— קוקט מיר נאָר אָן, — האָט זי געזאָגט — איך בין פינף און דרייסיק יאָר אַלט און בין גאַנץ געזונט! נאָר די נאַראָנים קענען ריידן דערפון, אַז די אומזיטלעכקייט איז אַ צרה, וואָס לאָזט זיך ניט אויסמיידן. איך האָב ניט גערוט און מתפלל געווען און איך האָב געפירט מיט ערפאָלג אַ מלחמת־מצווה אין נאָמען פון יעזוס קריסטוס.

דער יונגער גייסטלעכער האָט זי אָנגעקוקט, אויף איר פולן בוזים, אויף די ברייטע היפטן, נאָכדעם האָט ער זיך אַליין באַקוקט און האָט געטראַכט: ווי פאַרשיידן עס זיינען די מזלות פון מענטשן!

צו האַרבסט האָט זיך דער פריידיקער טעאָדאָר וועגער־שטראָם פאַרקנסט מיט דער מיידל, וואָס מיט די גוטע מדות, סאָפיע ליידשיץ.

— ניצל געוואָרן, האָט דער טאַטע אָפּגעזיפצט, ווען די ידיעה איז צו אים קיין שטאָקהאָלם געקומען.

— נו, וועלן מיר זען, וואָס דאָ וועט זיין, האָט דער ברו־דער ביי זיך אין דער קאַזאַרמע געטראַכט. ווער ווייס, צי איז ניט מיין טעאָדאָר אַזאַ ווי „יענער אַזראַ, וואָס שטאַרבט, ווען די ליבע קומט צו אים".

טעאָדאָר וועגערשטראָם האָט חתונה געהאַט. נאָך ניין חדשים האָט אים זיין ווייב געבאָרן אַ ראַכיטישן קינד. דרייצן חדשים נאָכדעם איז טעאָדאָר אַוועק פון דער וועלט.

דער דאָקטאָר, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם טויטן־שיין, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, זעענדיק די גרויסע, לייביקע פרוי,

וואָס שטייט וויינענדיק ביים קליינעם אָרון, וואו דער סקעלעט פון איר צוואַנציקיאָריקן יונגן מאַן איז געלעגן.

— דער פלוס איז געווען צו גרויס און דער מינוס צו קליין, האָט ער געטראַכט, דערפאַר האָט דער פלוס איינגשלונגען דעם מינוס.

ווען דער טאַטע האָט איינמאָל אַ זונטאָג דערהאַלטן די טרויעריקע ידיעה פון זיין טויט, האָט ער זיך געזעצט לייענען די פריידיק פון דער וואָך. ענדיקנדיק, האָט ער געטראַכט.

אַפנים די וועלט איז אַ קאַפוירע, אויב די צדקים באַקומען אַזאַ שכר.

און די אַלמנה מיט די גוטע מדות, געבוירענע ליידשיק, האָט נאָך צוויי מאָל חתונה געהאַט און געבוירן אַכט קינדער; האָט געשריבן אַרטיקלען וועגן אומזיטלעכקייט און איבערבאַפעלקערונג. דער שוואָגער אָבער האָט געזאָגט, אַז זי איז אַ פאַרפלוכטע פרוי, וואָס נעמט אָפּ דאָס חיות ביי אירע מענער.

אָבער דער אויסגעלאַסענער לייטענאַנט האָט חתונה געהאַט און געהאַט זעקס קינדער, האָט באַקומען טיטול מאַיאָר און האָט גליקלעך געלעבט ביזן סוף פון זיינע טעג.

---

## ליבע און ברויט.

ווען דער נאָטאַריוס איז אַוועק צום מאַיאָר זיך משדך צו זיין צו זיין טאָכטער, איז אים גאָר אויפן געדאַנק ניט אַרויף צו דערוויסן זיך פריער וועגן די מקחים אויף תּבואה, דערפאַר אָבער האָט דער מאַיאָר געהאַט ידיעות וועגן קורס.

— איך האָב זי ליב — האָט דער נאָטאַריוס געזאָגט.

— וויפל פאַרדינסטו? האָט דער אַלטער אַ פרעג געטאָן?

— מיין שטענדיקער פאַרדינסט באַטרעפט ניט מער, ווי טויזנט מיט צוויי הונדערט קראָנען, נאָר מיר האָבן זיך האָלט...

— דאָס איז ניט שייך צו מיר. צוועלף הונדערט? צו ווייניק.

— יאָ, אָבער איך האָב נאָך פריוואַטע אַרבעט; לואיזע קען מיין האַרץ...

— רייד קיין נאַרישקייטן ניט! וויפל טראָגט דיר אַריין דיין פריוואַטע אַרבעט?

— צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן אין...

— וויפל טראָגט דיר אַריין דיין פריוואַטע אַרבעט?

ער האָט זיך גענומען צום בלייפעדער.

— און מיינע געפילן...

— וויפל טראָגט דיר אַריין דיין פריוואַטע אַרבעט?

ער האָט געמאַכט עפּעס ציפרן אויפן קלעק־פּאַפּיר.

— אַלץ וועט זיך איינאָרדענען אויפן בעסטן אופן, אויב נאָר...

— וועסטו מיר ענטפערן אָדער ניט? וויפל טראָגט דיר אַריין דיין פריוואַטע אַרבעט. ציפערן! ציפערן! ממשותדיקע!

— איך מאַך איבערזעצונגען צו צען קראָנען אַ בויגן, דער־צו גיב איך נאָך לעקציעס אויף פראַנצויזיש. מ׳האָט מיר נאָך צו־געזאָגט קאָרעקטור־אַרבעט...

— אַ צוזאָג — איז ניט קיין ממשות! ציפערן, יונגערמאַן, ציפערן! איצטער וועל איך פאַרצייכענען. וויפל טראָגן דיר אַריין די איבערזעצונגען?

— וויפל די איבערזעצונגען טראָגן מיר אַריין? דאָס קען איך אויף איין פוס ניט זאָגן.

— דאָס קענסטו תּיכּף ניט זאָגן! זעצסט איבער און ווייסט ניט, וואָס דאָס טראָגט דיר אַריין? וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישע ריידעריי!

— איך זעץ איבער גיזאָס „די היסטאָריע פון דער ציוויליזאַציע”, פינף־און־צוואַנציק בויגן.

— צו צען קראָנען האָבן מיר אַ קיימא־לן פון צוויי הונדערט מיט פופציק קראָנען. און אַחוץ דעם?

— אַחוץ דעם? דאָס קען מען פאָראויס ניט וויסן.

— ווי געפעלט דיר אַ מעשה! מ׳קען פאָראויס ניט וויסן! אָבער דאָס מוז מען וויסן פאָראויס! וואָס מיינסטו זיך עפּעס, חתונה־האָבן איז ביי דיר שפּילן און האַלובען זיך! ניין, מיין טייערער, נאָך ניין חדשים קומט אַ קינד און קינדער האָבן מיילער און אָנטאָן דאַרף מען זיי אויך...

— עס מוז דאָך תּיכּף ניט קומען קיין קינד, ווען מ׳האָט זיך האָלט אַזוי, ווי מיר האָבן זיך האָלט...

— ווי דען, צו אַלדי רוחות, האָט איר זיך האָלט?

— ווי מיר האָבן זיך האָלט! ער האָט צוגעלייגט די האַנט צו די לאַצן פון זיין סורדוט.

— וועלן קיין קינדער ניט זיין, ווען מ׳האָט זיך האָלט אַזוי ווי איר האָט זיך האָלט? שוטה! ביסט חסר־דעה? אָבער דו זעסט מיר אויס צו זיין אַ בריה אַ בחור, דערפאַר מעגסטו זיך פאַרקנסן. נוץ אָבער אויס ווי בעסער די צייט פאַר דער חתונה, כּדי צו מאַכן אַ ביסל געלט, ווייל עס וועלן אָנקומען שווערע צייטן; די מקחים אויף תּבֿואה הייבן זיך!

דערהערנדיק אַזאַ מין אויספּיר, איז דער נאָטאַריוס רויט געוואָרן ווי אַ ראַק, נאָר די פרייד וואָס ער באַקומט זי איז גע־ווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַ קוש געטאָן דעם אַלטן אין דער האַנט. אָ, רבונו־של־עולם! ווי גליקלעך ער איז געווען! זייערע פּנימער האָבן געשיינט פון גליק, בשעת זיי זיינען צום ערשטן מאָל אַרויס געאַרמט אויפן גאַס, און עס האָט זיך געדוכט, אַז די לייט האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געמאַכט אַ ווארע פאַר זיי דורכ־צולאָזן זיי פאַרביי זיך, אויף זייער טריאומף־גאַנג. און זיי זיינען געגאַנגען צווישן זיי מיט אַ לייכטן גאַנג, מיט שטאָלץ־לייכטנדיקע פּנימער און מיט הויך געהויבענע קעפּ.

אינאָוונט איז ער צו איר געקומען; זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש אינמיטן צימער און געמאַכט זאַלבענאַנד די קאָרעקטור. און דעם אַלטן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ בריה אַ מענטש. ווען זיי האָבן געענדיקט, האָט דער נאָטאַריוס געזאָגט:

— מיר האָבן איצטער פאַרדינט דריי קראָנען! און זיי האָבן זיך צעקושט. אויף מאָרגן זיינען זיי געפאָרן אין טעאַטער און גע־קומען צוריק מיט אַ דראָזשקע; דאָס האָט אויסגעמאַכט צוועלף קראָנען.

ער האָט געהאַט אָוונט־לעקציעס, פון וועלכע — וואָס טוט מען ניט פאַר דער ליבע! — ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, כדי ער זאָל קענען מיט איר אין די אָוונטן שפּאַצירן גיין.

די חתונה־צייט האָט זיך דערנענט. דאַמאָלסט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה. זיי זיינען געפאָרן צו ברונקענבערגן אויסקלייבן מעבל. פאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן האָט מען פון סאַמע וויכטיקסטן. לכתחילה האָט לואיזע ניט געוואָלט זיין דערביי, ווען ער האָט איינגעקויפט בעטן, דערנאָך אָבער איז זי ניט בייגע־שטאַנען און איז אַוועק מיט אים צוזאַמען. פאַרשטייט זיך, מ׳האָט געוואָלט האָבן צוויי בעטן, וואָס זאָלן שטיין איינע לעבן די אַנ־דערע, „כדי ניט צו האָבן קיין סך קינדער”. און דערצו דאַרפן די בעטן זיין פון נוס־האָלץ, טאַקע פון „עכטן נוס־האָלץ”. מ׳האָט געוואָלט האָבן מאַטראַצן אין רויטע פּאַסן געשטרייפט, אויף פרו־זשינעס און פוכענע קישנס. דערצו נאָך האָט איטלעכער געמוזט

האָבן זיין קאָלדרע, פון איינע, פאַרשטייט זיך, פון הימל־קאָליר, דערפאַר ווייל לואיזע איז געווען אַ בלאָנדע.

דערנאָך איז מען אַוועק אין געשעפט. צוערשט, פאַרשטייט זיך, אַ הענג־לאָמפּ מיט אַ ראָזן אַבאַזשור פאַרן שלאָף־צימער און אַ פאַרפאָרנע סטאַטועטקע פון ווענערען. ווייטער אַ שפּייז־סערוויז, זעקס טוץ גלעזער פון געשליפענעם גלאָז. נאָכדעם מעסערס און גאָפּלען מיט פּראַזעטענע שטילכלעך און מיט גראַווירטע מאָנאָ־גראַמען. און צום סוף קיך־געפעס. נאָר דערצו מוז מען שוין האָבן די מאַמען.

אַך, רבונו־של־עולם, וויפיל ער האָט דאָ געהאַט צו טאָן! אונטערשרייבן וועקסלען, גיין אין באַנק, מאַכן באַשטעלונגען ביי די אַרבעטער, אויסגעפינען אַ דירה, צושלאָגן די גאַרדינען, ער איז גאָרניט מיד געוואָרן. די אַרבעט, פאַרשטייט זיך, האָט מען געמוזט אָפּלייגן אָן אַ זייט; אָבער תיכף ווי ער וועט חתונה האָבן, וועט ער זיך אַ נעם טאָן דערצו!

צוערשט וועלן זיי פאַרנעמען נישט מער ווי צוויי צימערן, דערפאַר ווייל זיי וועלן זיין אַזוינע קלוגע, שוין איינמאָל קלוגע! אָבער ווי באַלד עס וועלן זיין ניט מער ווי צוויי צימערן, מוזן זיי דאָך לפחות זיין פיין אויסמעבלירט. און ער האָט געדונגען צוויי צימערן מיט אַ קיך אויפן צווייטן גאָרן פאַר זעקסהונדערט קראָנען. ווען לואיזע האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז פאַר פינף־הונדערט קראָנען האָט מען געקענט קריגן דריי צימערן מיט אַ קיך אויפן פערטן גאָרן, האָט ער זיך אַ ביסל צעטומלט; אָבער וואָס מאַכט עס אויס, אַז מ׳האָט זיך אַזוי האָלט! יאָ, לואיזע האַלט אויך אַזוי, נאָר זי זעט ניט אַרויס קיין שום סיבה, פאַרוואָס מ׳זאָל ניט דינגען דריי צימערן וועלוועלער, אָנשטאָט צוויי צימערן פאַר אַ טייערן מקח. נו, יאָ, ער האָט געטאָן אַ שטות, ער איז אַליין מודה, נאָר דאָס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, וויבאַלד אַז מ׳האָט זיך האָלט.

מ׳האָט אַיינגעאָרדנט די צימערן. דאָס שלאָף־צימער — אַ קליינער טעמפּל. ביידע בעטן זיינען געשטאַנען איינע לעבן די אַנדערע. די זון האָט געשיינט אויף די הימלקאָלירטע קאָלדרעס,

אויף די ווייסע ליילעכער און אויףביידע קישנס, אויף וועלכע אַ ניט חתונה־געהאַטע מומע האָט אויסגענייט מאָנאָגראַמען מיט שטאַלנע בלומען־אותיות, אײַנגעפלאָכטענע איינס אין דאָס אַנ־דערע, ווי אַרומגענומענע אין זיסער תּאווה. די ווייב האָט געהאַט איר קליינעם אַלקאָוו און אַרום אים אַ קליינינקער יאַפּאָנישער פּאַראַוואַן. אין זאַל, וואָס האָט געדינט אי פּאַר אַן עס־צימער אי פּאַר אַ גאַסט־צימער, איז געשטאַנען אַ קלאַוויר (באַצאָלט צוועלף הונדערט קראָנען) און זיין שרייבטיש מיט צען שופלאָדן („איט־לעכס ברעטעלע פון עכטן נוס־האָלץ"), אַ טריומאָ מיט אַ גרויסן שפּיגל, שטולן, אַ בופעט און אַ עס־טיש. „עס זעט אויס, ווי דאָ וואָלטן חשובע לייט געוואוינט". און עס האָט זיך ניט געלייגט אויפן שכל, צו וואָס מ׳דאַרף אַן עס־צימער, וואָס זעט תּמיד אַזוי אומפּריינטלעך אויס, מיט זיינע געפלאָכטענע האַרטע שטולן.

אין איינעם אַ שבת־טאָג האָט מען אָפּגעשפּילט אַ חתונה! און דערנאָך אָט דער זונטאָגדיקער מאָרגן! ווי הערלעך דאָס לעבן איז! איז אפשר דאָס חתונה־האָבן ניט קיין וואונדערלעכע זאַך! איז אפשר דער בונד צווישן מאַן און ווייב ניט אַ פּראַכטפולער בנין! ביסט פריי, טוסט וואָס דיין האַרץ גלוסט — און נאָכדעם פּאַר אַ צוגאָב קומען נאָך די עלטערן און קרובים מיט ברכות.

ניין אַ זייגער אינדערפרי איז נאָך טונקל אין שלאָפצימער. ער וויל ניט אַריינלאָזן דאָס ליכט פון טאָג און הייבט דעריבער די שטאָרן ניט אויף; ער צינדט אָן נאָכאַמאָל די רויטע שלאָף־לאָמפּ און זי וואַרפט איר כּישוף־שיין אויף דער הימל־בלויער קאָלדרע און אויף די ווייסע אַ ביסל צעקנייטשטע ליילעכער, און דאָ דערביי שטייט די פיגור פון דער ווענערע, אַ ראָזלעך־רויטע און גאָר אָן בושה. און דאָרט ליגט די ליבע ווייבעלע, אַזאַ גליק־לעך צעוואָרפענע, פאַרזונקען אין אַ שטאַרקן שלאָף, ווי זי וואָלט די ערשטע נאַכט אין איר לעבן געשלאָפן. פון גאַס דעגרייכט ניט די קלאַפּעריי פון די דראָזשקעס, וואָרעם היינט איז זונטאָג, און די גלאָקן קלינגען צום געבעט אַזוי יום־טובדיק, בציבור, ווי זיי וואָלטן צענויפגערופן די גאַנצע וועלט אָפּצוגעבן אַ שבח דעם בורא, וואָס האָט באַשאַפן מאַן און ווייב. ער סודעט אַריין דער

ווייב אויפן אויער, זי זאָל זיך אָפּקערן, ווייל ער דאַרף גיין באַ־שטעלן פרישטיק. זי נורעט איין דעם קאָפּ טיף אין קישן. ער וואַרפט אויף זיך אַרויף דעם כאַלאַט און קריכט אַרויס פון אונ־טערן פאַראַוואַן, כדי אַ ביסל אָנצוטאָן זיך.

ער גייט אַריין אין זאַל, וואו אַ ברייטער שיין־פּאַס פון דער זון ליגט אויף דער פּאָדלאָגע, און ער ווייס ניט, צי איז איצטער פרילינג צי זומער, האַרבסט אָדער ווינטער; ער ווייס נאָר, אַז היינט איז זונטאָג. ער פילט, אַז זיין בחוריש לעבן, ווי עפּעס אַ טונקעלע און מיאוסע זאַך, איז פאַרבליבן הינטער אים, און דאָ אין זיין היים שפירט ער, דוכט זיך, דעם אָטעם פון זיין אַלטער היים ביי טאַטע־מאַמע און דערביי אויך די היים פון זיינע צוקינפטיקע קינדער.

אָ, ווי שטאַרק ער איז! ער פילט ווי די צוקונפט רוקט זיך אויף אים ווי אַ באַרג. ער וועט נאָר אַ בלאָז טאָן און דער באַרג וועט איינפאַלן, צעשיטן זיך ביי אים צו די פיס אין זאַמד, און ער וועט זיך אויפהויבן אַרויף אין דער הויך איבער הייזער און קוימענס מיט זיין ווייב אין די אָרעמס.

ער זוכט אויף זיינע קליידער, וואָס זיינען צעוואָרפן איבערן צימער, און געפינט אויף אַ טישעלע אַ ווייסינקן שניפּסעלע, וואָס איז ענלעך צו אַ שמעטערלינג.

דערנאָך גייט ער אַרויס אין קיך. אַך, ווי עס בלאַנקען די נייע קופערנע טעפּ און פאַנען! אָט דאָס אַלץ געהערט אים און איר. ער וועקט אויף די דינסט, וועלכע שפּרינגט אַרויס אין איין העמד. ער וואונדערט זיך אויף זיך אַליין, וואָס ער באַמערקט גאָרניט איר נאַקעטן לייב. זי איז פאַר אים גאָר קיין נקבה ניט. מחמת איצטער עקזיסטירט פאַר אים אין דער וועלט נאָר איין פרוי. די שייכות זיינע צו דער מיידל, פילט ער, איז ווי פון אַ אומבאַרירטן, ווי די באַציאונג פון אַ טאַטן צו זיין קינד, און ער הייסט איר אַראָפּגיין אונטן אין רעסטאָראַן צו די „דריי בע־כערס" און באַשטעלן פרישטיק, „טאַקע תיכף, אָבער דער פרישטיק מוז זיין גאָר אַ מהודרדיקער. פּאָרטער און בורגונדער ווין! דער רעסטאָראַטאָר ווייס שוין אַליין. גריסט אים פון מיר."

נאָכדעם גייט ער און קלאַפּט אָן אין טיר פון שלאָפצימער.

— קען מען אַריין?

אַ שטילער אויסגעשריי: „ניין, ניין, ליבער, וואַרט אַ ווײַלעו!"

ער גרייט אַליין צום טיש. און אַז דער פרישטיק איז שוין דאָ, לייגט ער אים אַליין פונאַנדער אויף די נייע טעלער. לייגט צענויף די סערוועטלעך, ווישט אויס די גלעזער פאַרן ווײַן. דערנאָך שטעלט ער אוועק דעם ווייסן כלה־בוקעט פאַר איר טעלער.

און אַז זי גייט שוין צום סוף אַרויס אָנגעטאָן אין אַן אויסגעצייכנטן קאַפּאָט, און די זון בלענדט איר די אויגן, כאַפּט איר אָן אַ קליינער קאָפּ־שווינדל, אָבער טאַקע אַ גאַנץ קליינער, און ער זעצט זי אַוועק אויף אַ שטול ביים געגרייטן טיש. זי מוז נעמען אַ שלונג דאָפּל־קימל און אויפעסן אַ פּוטער־ברויט מיט איקרע.

— אַך, ווי וואויל! אַז מ'האָט חתונה, מעגסטו טאָן אַלץ, וואָס דיין הארץ גלוסט! גיב נאָר אַ טראַכט, וואָס וואָלט די מאַמע געזאָגט, דערזעענדיק אַז, לואיזע טרינקט ליקער!"

און ער באַדינט זי, לויפט אַרום אַהין און אַהער און דערפילט דעם קלענסטן וואונש איר׳ן, פונקט ווי אין דער צייט, ווען זי איז נאָך אַ כלה געווען; נאָך אָט אַזאַ נאַכט ס'אַר אַ פרישטיק! און קיינער קען זיי גאָרנישט אַריינזאָגן. פשוט, מער קען מען זיך שוין אַליין ניט ווינשן! אַלץ איז ווי עס געהער צו זיין, שיין און פיין. די נשמה איז פול מיט אַ געפיל פון רואיקן בטחון און צופרידנקייט. נו, און דאָס איז דאָך דער עיקר. אויך פריער האָט ביי אים פּאַסירט עפּעס ענלעכס צו היינטיקן פרישטיק און אויך מיט פרויען, אָבער וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער חילוק! דאָרט איז געווען חרטה, אַ געוויסע אומזיכערקייט... בעסער שוין גאָרניט דערמאָנען וועגן דעם! נאָכן קעז ווען ער טרינקט אויס אַ גלאָז עכטן גאָטענבורגער פּאָרטער, קלעקן ביי אים גאָר קיין ווערטער ניט קעגן די בחורים! ווי נאַריש זיינען יענע מענער, וואָס האָבן ניט חתונה! אַזוינע עגאָאיסטן! ער ווייס ניט, פאַר וואָס מ'לייגט אויף זיי ניט אַרויף קיין שטייער, ווי אויף הינט? נאָר די ווייב ענטפערט, אַזוי איידל און ווייך, ווי נאָר עס לאָזט

זיך, צי וועט אָט דער שטייער זיין יושרדיק פאַר די גאַנץ אָרימע, וואָס האָבן טאַקע ניט די מיטלען דערצו, ווייל אויב זיי וואָלטן געהאַט, וואָלטן זיי דאָך געוויס חתונה געהאַט. דער נאָטאַריוס גיט זיך אַ כאַפּ און פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע: צי האָט ער ניט איבערגעכאַפּט די מאָס. זיין גאַנצער גליק האַלט זיך געוויס אויף דער עקאָנאָמישער פראַגע און אויב... אויב... באַ! אַ גלעזל בור־גונדער! איצטער דאַרף מען זיך אַ נעם טאָן פאַר דער אַרבעט. און ווייטער וועט מען שוין זען!

דערנאָך קומט געבראָטענע ווילד־ענטל מיט ברוסניצעס און אוגערקעס. די יונגע ווייבל ווערט אַ ביסל פאַרחידושט, אָבער אַלץ איז דאָך אַזוי געשמאַק און פיין!

— מיין ליבער לודוויק, און זי לייגט אירע קליינע ציטער־דיקע הענטלעך אים אויפן פּלייצע, צי דערלויבט עס אונז אונ־זער קעשענע?

אָ, אַ גליק, זי האָט געזאָגט „אונזער"!

— ווייס איך! פון איינמאָל ווערט מען ניט בדלות. נאָכ־דעם וועלן מיר עסן הערינג מיט קאַרטאָפל.

— און דו עסט הערינג מיט קאַרטאָפל?

— נו, אַוודאי, פאַרשטייט זיך.

— יאָ, אָבער דו האָסט נעכטן געגעסן אָוונט־ברויט אין רעסטאָראַן און האָסט פאַרטרונקען מיט שאַטאָבריאַן!

— זאָל זי קיין נאַרישקייטן ניט ריידן! דאָס ווילדע ענטל איז דאָך געווען אַ בחיר, האַ, ניט אמת? און איצטער אַהער אַרטישאָקן!

— ניין, דו ביסט פון זינען אַראָפּ, לודוויק! אין אַזאַ צייט פון יאָר אַרטישאָקן! וואָס דאָס קאָסט אַ ביסל אָפּ!

— עס קאָסט? זיינען זיי אפשר ניט גוט? נו, און דאָס איז דאָך דער עיקר! און איצטער ווין. וואָס מער ווין. האַלטסטו ניט, אַז דאָס לעבן איז הערלעך? אָ! ווי אַלץ איז וואונדערלעך!

זעקס אַ זייגער נאָכמיטאָג שטעלט זיך אָפּ אַ קאַרעטע ביים גאַניק. די ווייב איז כמעט בייז. נאָר ס'איז געווען אַזוי אָנגע־נעם, אָנגעלענט איינער לעבן אַנדערן, זיך דורכצופאָרן איבערן

טירגאָרטן. „דאָס איז כמעט אַזוי אָנגענעם, ווי ליגן אין איין בעט", שעפּטשעט לודוויק, און באַקומט דערפאַר אַ קלאַפּ מיטן שירעם איבער די פינגער. באַקאַנטע און חברים, וואָס טרעפן זיך אויפן וועג און גריסן העפלעך, טייטן נאָך זיי מיטן האַנט, גלייך ווי זיי האָבן בדעה צו זאָגן:

— אַ, שעלמע, האָסט געכאַפּט ערגעץ אַ מטבע!

ווי קליין עס זעען דאָרט אונטן אויס די מענטשן, און דער וועג ווי גלאַט! ווי באַקוועם עס פאָרט זיך אויף גומענע רעדער און ווייכע רעסאָרן!

וואָלט עס אַזוי תמיד געווען!

---

אַזוי דויערט עס אַ גאַנצן חודש! געסט, מיטאָגס, ליאַמעס, טעאַטער. אָפּטמאָל האָבן זיי פאַרבראַכט די אָוונטן אין שטוב ביים מאַיאָר, און דאָס איז געווען דאָס בעסטע! וואָס פאַר אַ נחת דאָס איז גלייך נאָך אַ פיינער נאַכט־סעודה צוגעמען די ווייב פון טאַטע־מאַמע, אַוועקפירן ממש פון אונטערן נאָז, אַריינזעצן אין אַ קאַרעטע, פאַרהאַקן די טירלעך, אַ נייג טאָן מיטן קאָפּ צו די עלטערן און זאָגן:

— איצטער פאָרן מיר אַהיים און טוען דאָרט וואָס אונז געפעלט.

און נאָכדעם, אין דער היים, נעמען עפּעס אין מויל אַריין, און, ליגנדיק אין בעט, אַריינריידן ביז אין טאָג אַריין.

און אין דער היים איז לודוויק שטענדיק אויסגערעכנט, לפּחות פּרינציפּיעל. איינמאָל האָט אים די ווייב געוואָלט אויספּרובירן און האָט אים מכבד געווען מיט געזאַלצענעם לאַקס, מיט בול־בעס און האָבערנע זופּ. אָ, ווי געשמאַק דאָס איז געווען! עס האָט אים שוין דערעסן דאָס צעטל מיט פּאַטראַוועס.

דעם צווייטן פרייטאָג, ווען דער געזאַלצענער לאַקס האָט זיך ווידער געדאַרפט באַווייזן אויפן טיש, איז לודוויג געקומען אַהיים מיט צוויי ווילדע ענטלעך. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן שוועל און אויסגעשריען:

— קענסטו זיך, לואיזע, פאַרשטעלן עפּעס אַ זעלטענע מעשה?

— נו, וואָס איז אַזוינס?

— דו וועסט דאָך מיר ניט גלויבן, ווען איך זאָג דיר, אַז איך האָב געקויפט אויפן מאַרק צוויי ווילדע ענטלעך, אַליין געקויפט, אָבער—טרעף ווי טייער!

די ווייב איז געווען מער ברוגז, ווי נייגעריק.

— באַטראַכט נאָר, אַ פּאָר—איין קראָנע!

די ווייב האָט אַמאָל געקויפט אַ פּאָר ווילדע ענטלעך פאַר אַכציק פעניק. נאָר דאַמאָלסט, האָט זי צוגעגעבן ווייכער, כּדי ניט אָנצומאַכן צופיל פאַרדראָס איר מאַן, דאַמאָלסט, אין יענעם ווינטער, איז געווען זייער אַ סך שניי.

— מוזט דאָך אָבער מודה זיין, אַז עס איז זייער וואָלוול געקויפט?

אויף וואָס וואָלט זי ניט מודה געווען, נאָר כּדי איר מאַן צופרידן צו שטעלן.

אינאָוונט מוז מען אויף אַ פּראָבע מאַכן גריצענע קאַשע. נאָר אַז לודוויק האָט אָפּגעגעסן די ענטלעך, איז אים עפּעס ניט גוט געוואָרן, אַזוי אַז ער האָט ניט געקענט אויפעסן אַזויפיל קאַשע, וויפיל ער האָט בדעה געהאַט, כּדי צו באַווייזן איר ווי גערן ער עסט קאַשע. קאַשע האָט ער אויף אַן אמת האָלט, נאָר מילך קען ער ניט סובל זיין, זינט ער איז קראַנק געווען אויף היפּ־פיבער. ער פאַרטראָגט בשום־אופן קיין מילך ניט. קאַשע אָבער איז ער גרייט צו עסן אַלע טאָג, צוויי מאָל אַ טאָג, זי זאָל אויף אים נאָר ניט בייז זיין.

פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך מער קיינמאָל קיין קאַשע ניט באַוויזן אויפן טיש.

זעקס וואָכן נאָך דער חתונה איז די יונגע ווייבל קראַנק געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט קאָפּ־ווייטאָגן און ברעכן. אפשר, איז דאָס ניט מער ווי אַ קליינע פאַרקילונג. נאָר דאָס ברעכן האָט געדויערט ווייטער. המ! צי האָט זי אפשר ניט גע־כאַפּט עפּעס גיפטיקס? זיינען דען די קופּערנע כּלים ניט אויס־

געוויסט? האָט מען געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז אַלץ גייט צו „אויפן געוויינלעכן שטייגער". וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויינלעכער שטייגער? „אַ נאַרישקייט!" אַ פיינע נאַרישקייט! מ׳מוז זיך דערמיט ערנסט פאַרנעמען. גאָר קיין ספק ניט, די סיבה דערפון זיינען די אָביצעס אין שלאָפּצימער; אַפנים, זיי פאַרמאָגן אין זיך אַרסעניק. מיר שיקן זיי תּיכף צום אַפּטייקער און הייסן אונטערזוכן. —

— „פאַרמאָגט אין זיך קיין אַרסעניק ניט!" האָט דער אַפּטייקער צוגעשריבן.

— דאָס איז מערקווירדיק! אין די אָביצעס איז קיין אַרסעניק ניטאָ?

די ווייב האָט נאָך אַלץ געקרענקלט. ער האָט איבערגעלייענט אַ מעדיציניש בוך און האָט עפּעס אַיינגערוימט דער ווייב אויפן אויער. — נו, איז אָט־וואָס. מ׳דאַרף פּשוט אַ פוס־וואַנע מאַכן!

אין פיר וואָכן אַרום האָט די אַקושערין דערקלערט, אַז אַלץ „גייט צו כשורה".

עס גייט כשורה! יאָ, אָבער ווי אַזוי איז דאָס געשען אַזוי מאָדנע גיך?

אָבער אַז עס איז שוין אַזוי געשען, איז... אַך, ווי וואויל און גוט דאָס וועט דאָך זיין! גיב נאָר אַ טראַכט! הוראַ! זיי וועלן זיין טאַטע־מאַמע! ווי זאָל מען אים אַ נאָמען געבן? ווייל דאָס מוז אַ יינגל זיין, גאָר אָן אַ ספק!

נאָר איצטער האָט די ווייב אַ שמועס געטאָן ערנסט מיט איר מאַן. זינט ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער זיך נאָך מיט קיין זאַך ניט פאַרנומען, ניט מיט קאָרעקטורן, ניט מיט איבערזעצונגען. דאָס געהאַלט אַליין קלעקט ניט.

— יאָ, יאָ, מ׳האָט צופיל געפּוכלט, אָבער גאָט מיינער! יונג איז מען דאָך נאָר איינמאָל אין לעבן! נאָר איצטער וועט עס שוין אַנדערש ווערן!

אויף מאָרגן איז דער נאָטאַריוס אַוועק צו זיין אַלטן פריינד דעם אַרכיוואַר צו בעטן ביי אים אַ זשירע אויף זיין וועקסל.

— ווייסטו, ליבער פריינד, ווען מ׳קלייבט זיך צו ווערן א טאַטע, מוז מען אַ טראַכט טאָן וועגן הוצאות.

— כ׳מיין אויך אַזוי, ליבער פריינד, האָט געענטפערט דער אַרכיוואַר, דערפאַר טאַקע האָב איך נאָך עד היום ניט חתונה געהאַט; דו אָבער, וואָס דו האָסט דערצו די נייטיקע מיטלען, ביסט אַ בר־מזל!

ס׳איז געווען אַ חרפה פאַרן נאָטאַריוס צו ריידן וועגן זיין בקשה. מ׳דאַרף האָבן אַ קופערנעם שטערן צו פאַרלאַנגען אָט פון דעם בחור הילף פאַר זיין קינד, וואָס דער אָרימער בחור האָט זיך ניט געקענט דערלויבן צו האָבן. ניין, דאָס איז ער ניט בכוח צו טאָן.

קומענדיק צוריק אַהיים, האָט אים די ווייב דערציילט, אַז צוויי מענטשן האָבן אים דאָ געפרעגט.

— ווי האָבן זיי אויסגעזען? יונגע? אין ברילן? דאָס זיי־נען אַוודאַי געווען צוויי לייטענאַנטן, אַלטע פריינט פון באַקסכאָלם.

— ניין, דאָס זיינען ניט געווען קיין לייטענאַנטן, זעט אויס, שוין עלטערע.

— אַהאַ, איז ווייס ער שוין! דאָס זיינען געווען אַלטע פריינד פון אופסאַלע. אפנים, דער דאָצענט פ. און דער אַ דיונקט אָ., וועלכע האָבן געוואָלט אַ קוק טאָן ווי עס לעבט זיך אים, אַ באַ־ווייבטן.

— ניין זיי זיינען ניט פון אופסאַלע; זיי זיינען שטאָק־האָלמער.

האָט מען אַריינגערופן די דינסט. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי האָבן אויסגעזען אַזוי בזוידיק, מיט שטעקנס אין די הענט.

— שטעקנס. המ! — ער האָט פאַר קיין אופן ניט געקענט פאַרשטיין, ווער דאָס האָט געקענט זיין. — נו, דאָס וועט מען זיך אַוודאַי באַלד דערוויסן. זיי וועלן דאָך ווידער קומען. — דערווייל האָט ער פאַרבייגייענדיק געקויפט אַ קערבעלע מיט פאָזעמקעס, ממש טאַקע פאַר אַ חוזק. יאָ, יאָ כמעט פאַר אַ חוזק.

— באַטראַכט נאָר, אַ קערבעלע פאָזעמקעס, אין אַזאַ צייט פון יאָר, און נאָר פאַר איין קראָנע?

— לודוויג, לודוויג, ווי קען מען דאָס אזאַ זאַך!

— וואונדערלעך! איך האָב היינט באַקומען אַ איבעריזעצונג.

— אָבער דו האָסט דאָך חובות!

— נאַרישקייטן, נאַרישקייטן! וואַרט נאָר אַ ווײלע ביז איך קריג אַ צווייטע הלוואה...

— אַ צווייטע הלוואה? נאָר דאָס וועט דאָך ווידער זיין אַ נייער חוב.

— אָבער אויף וואָס פאַר אַ תנאים! נו, זאָל שוין זיין גענוג מיט די עסקים! זיינען אפשר די פאָזעמקעס געווען שלעכט? אַ, עס וועט גאָר ניט שלעכט זיין אויסצוטרינקען נאָכדעם אַ גלעזעלע שערר, ווי מיינסטו, לינע? גיי אַרונטער אין קראָם נאָך אַ פלעשל שערר. העלן, עכטן.

אַז ער האָט זיך נאָכמיטאָג אויסגעשלאָפן אויפן סאָפע, האָט די ווייב אים געבעטן אויסהערן אַ פּאָר ווערטער. אָבער ער זאָל נאָר ניט בייז ווערן.

— בייז ווערן? ער? חס־ושלום! מסתּמא געלט אויף הוצאות.

— נו, יאָ, מ׳האָט ניט באַצאָלט דעם קרעמער. דער קצב מאָנט געלט. דער קוטשער האָט געמאָנט פאַרן געדונגענעם עקיפּאַזש. מיט איין וואָרט, ס׳איז זייער ניט געשמאַק!

— מער גאָרנישט? מאָרגן באַקומען זיי אַלע באַצאָלט ביז אַ גראָשן. וואָס פאַר אַ חוצפּה צו קומען באַאומרואיקן צוליב אַזוינע קלייניקייטן. מאָרגן באַקומען זיי אינגאַנצן ביז אַ גראָשן און מער קיינע עסקים מיט זיי! אָבער איצטער לאָמיר ניט ריידן וועגן די ענינים! קום שפּאַצירן. דער עקיפּאַזש איז ניטאָ? פאָרן מיר מיטן טראַמוואַי צום זאָאָלאָגישן גאָרטן און וועלן שעפּן אַ ביסל פרישע לופט.

זיי זיינען געפאָרן אין טירגאָרטן. אַז זיי זיינען אַריין אין רעסטאָראַן און האָבן פאַרלאַנגט אַ באַזונדער קאַבינעט, האָבן די יונגעלייט אין גרויסן זאַל זיך אָנגעהייבן סודען. נו, זיי מיינען, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט גליק־זוכער. ווי פריילעך! ווי קאָ־

מיש! נאָר דער ווייב איז עס ניט אַזוי געווען צום האַרצן. און נאָכדעם די רעכענונג? אַז מ'זיצט אין דער היים, בלייבט דאָס געלט אין קעשענע.

---

עס פאַרלויפן חדשים, די צייט קומט אַלץ נעענטער און נעענטער. מ'דאַרף אָנגרייטן אַ וויגעלע און קליידעלעך. און נאָך אַ סך זאַכן וועט מען נאָך מוזן קויפן. לודוויג איז גאַנצע טעג ניטאָ אין שטוב, ער גייט איבער די קראָמען. נאָר ברויט האָט זיך געהויבן אין מקח. עס רוקן זיך אָן שווערע צייטן. ניטאָ ניט קיין איבערזעצונג, ניט קיין קאָרעקטור. מענטשן זיינען געוואָרן מאַטעריאַליסטיש, זיי לייענען מער קיין ביכער ניט, נאָר ברויט פאַר זיך קויפן זיי. אין וואָס פאַר אַ פראַזאַאישע צייט עס קומט אויס צו לעבן! די אידעאַלן פאַרשווינדן און אַ פאָר ווילדע ענט־לעך קריגסטו ניט ווייניקער ווי פאַר צוויי קראָנען. די פורמאַנעס ווילן ניט מער אומזיסט פירן דעם נאָטאַריוס איבערן טירגאָרטן, מחמת זיי אַליין האָבן אויך אַ ווייב מיט קינדער. און אַפילו דער קרעמער וויל געלט פאַר זיין סחורה. אָ, וואָס פאַר אַ מאַטעריאַ־ליסטן דאָס זיינען!

די צייט קומט אָן. ער דאַרף פאָרן אין לאָמבאַרד און לויפן נאָך דער אַקושערין. פון דער חולהס בעט מוז ער לויפן אין פיר־הויז אויפנעמען די בעלי־חובות. און אָט האַלט ער אויף די הענט די טאָכטער. ער וויינט, ווייל ער פילט, אַז די אַחריות איז איבער זיינע כּוחות און ער גיט זיך ווידער אַ נדר, צו ווערן ערנסט. נאָר די נערוון זיינען ביי אים צעשרויפט. ער האָט באַ־קומען אַן איבערזעצונג, נאָר ער האָט קיין צייט ניט דערמיט צו פאַרנעמען זיך, דערפאַר ווייל ער מוז אָן אויפהער אומלויפן וועגן די שטוביקע עסקים.

ער לאָזט זיך מיט דער פריילעכער בשורה צום שווער, וואָס איז גראָד געקומען צו פאָרן אין שטאָט.

— איך בין אַ טאַטע!

— גוט, זאָגט דער שווער, האָסטו אָבער מיט וואָס צו דערנערן דאָס קינד?

— ניין, איצטער ניט, דו מוזט מיר העלפן, טייערער שווער!

— יאָ, דערווייל טאַקע, נאָר אויף ווייטער זאָלסטו גאָר ניט רעכענען. עס קלעקט קוים פאַר אונז אַליין און פאַר די איבעריקע קינדער.

איצטער מוז די ווייב האָבן אַ הון, וועלכע ער אַליין גייט קויפן אויפן מאַרק, און וויין, וואָס קאָסט זעקס קראָנען אַ פלאַש.

דער אַקושערין דאַרף מען באַצאָלן הונדערט קראָנען. פאַר־וואָס זאָלן מיר צאָלן ווייניקער ווי אַנדערע? האָט דען דער קאַ־פּיטאַן ניט באַצאָלט הונדערט?

די ווייב איז באַלד געקומען צו זיך. אָ, זי זעט ווידער אויס ווי אַ יונגע מיידל, שלאַנק און בויגעוודיק אין טאַליע. אמת, אַ ביסעלע בלייך, אָבער דאָס פּאַסט איר גראָד.

דער שווער קומט צו פאָרן צו זיי און רעדט מיט לודוויגן אויף פיר אויגן.

— איצטער, זיי מוחל, זאָל מיר שוין מער גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן קינדער, אַז נישט ביסטו אַ בעטלער!

— אָט אַזוי רעדט מען עס מיט אַ טאַטן! האָבן זיי אפשר ניט חתונה געהאַט, און האָבן זיי זיך דען ניט ליב? צי אפשר דאַרף מען גאָר קיין קינדער ניט האָבן?

— יאָ, אָבער מ׳מוז דאָך אויך האָבן מיט וואָס צו דער־נערן די קינדער? האָלט האָבן זיך? דערצו האָבן אַלע יונגע־לייט אַ געשמאַק. ליגן אין בעט און שעפּן נחת... ווער וועט זיך דערפון אָפּזאָגן!.. אָבער—אחריות!..

— דו ביסט אויך געוואָרן אַ מאַטעריאַליסט, שווער! אָ, איז דאָס אַ מיאוסע צייט! ניטאָ מער קיין אידעאַלן!..

דאָס הויז איז שוין געווען אונטערמינירט. די ליבע האָט נאָך געלעבט אין זייערע ווייכע נשמות, ניט קוקנדיק אויף קיין זאַך. אָבער די נשמה פון געריכט־באַאַמטן איז געווען האַרט און שטרענג. עס האָט געהאַלטן ביי אַ ליציטאַציע.

דער מאַיאָר איז געקומען מיט אַ גרויסן רייזע־וואָגן און האָט צוגענומען זיין טאָכטער מיטן איניקל. דעם איידעם האָט, ער פאַרבאָטן איבערצוטרעטן זיין שוועל, ביז ער וועט ניט אויס־צאָלן אַלע זיינע חובות. דער טאָכטער האָט ער גאָרניט געזאָגט, נאָר ווען ער האָט זי צוריקגעבראַכט, האָט זיך אים געדוכט ווי ער ברענגט זי צוריק אַ פאַרפירטע. ער האָט אָפּגעגעבן זיין אומשולדיקע טאָכטער צו אַ יונגנמאַן אויף אַ גאַנצן יאָר, און איצטער האָט ער זי צוריקגעבראַכט מיט בזיונות. זי וואָלט זייער גע־וואָלט בלייבן ביי איר מאַן. אָבער זי האָט דאָך ניט געקענט מיט איר קינד בלייבן אויפן גאַס.

אָט אַזוי איז הער לודוויג געבליבן אַליין אין זיין פּוסט־געוואָרענער היים. נאָר וואָס פאַר אַ היים איז דאָס שוין געווען, וויבאַלד אַז יעדע מינוט האָט מען עס געקענט צענעמען פון האָר ביז גאָר. אַך! יענע צוויי פאַרשוינען אין ברילן האָבן צו־גענומען די בעטן און אַלץ, וואָס געהערט צום שלאָפצימער, די פאַנען און קופּערנע כלים, די סערוויזן, די ווענט־און טיש־לאָמפּן, אַלץ, אַלץ.

ער איז געבליבן אַליין צווישן די הוילע ווענט. ווי פּוסט, ווי אומעטיק! וואָלט זי כאָטש נאָך געווען מיט אים! אָבער וואָס וואָלט זי אָנגעהויבן צו טאָן אין די פּוסטע צימערן? ניין, אַזוי ווי עס איז, איז שוין בעסער. בעסער פאַר איר!

און איצטער האָט זיך אָנגעהויבן די ביטערע ווירקלעכ־קייט. ער האָט געקראָגן אַרבעט עפּעס אין אַן אינדערפּריאיקער צייטונג. צוועלף ביינאַכט האָט ער געמוזט זיין אין די רעדאַק־ציע, און ערשט אַ זייגער דריי אַוועקגיין. היות ווי דער גאַנצער ענין איז ניט דערגאַנגען ביז אַ ליציטאַציע, האָט מען אים פון זיין שטעלע אין געריכט ניט אָפּגעזאָגט, אָבער מכוח העכער שטייגן האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין.

צום סוף האָט ער באַקומען אַ דערלויבעניש צו זען זיך איינמאָל אין וואָך מיט ווייב און קינד, אָבער נאָר פאַר עדות. די נאַכט פון שבת אויף זונטאָג האָט ער פאַרבראַכט ביים שווער אין שטוב, האָט אָבער געמוזט שלאָפן מיט אים אין איין צימער.

זונטאָג פאַרנאַכט האָט ער געמוזט צוריק זיין אין שטאָט, דער־פאַר ווייל די צייטונג איז אַרויס מאָנטאָג אינדערפרי.

און נאָכדעם, בשעת ער זעגנט זיך מיט ווייב און טאָכטער, וועלכע האָבן אים געמעגט באַגלייטן נאָר ביז צו דער פאָרטקע, און ווען ער וויסעט זיך מיט זיי נאָך פון לעצטן בערגל — ווי נע־בעכדיק, ווי אומגליקלעך, ווי דערשלאָגן ער פילט זיך דאַן! און זי — שוין אָפגערעדט!

ער האָט אויסגערעכנט, אַז ער וועט דאַרפן האָבן צוואַנ־ציק יאָר, כּדי אויסצוצאָלן די חובות. און נאָכדעם? וועט ער נאָך האָבן כּוחות צו זאָרגן דאַמאָלסט פאַר זיין ווייב און קינד! זיינע האָפענונגען? וואָס מיט זיי איז געוואָרן! ווען דער שווער וועט שטאַרבן, וועלן ווייב און קינד בלייבן אָן ברויט. אַפילו דעם געדאַנק וועגן דעם האָט ער זיך געסטאַרעט צו פאַרטרייבן פון זיך.

אָ, ווי אַכזריותדיק, ווי האַרט דאָס לעבן איז, וואָס גיט ניט די מענטשן־קינדער זייערע באַדערפענישן, וועלכע זי שענקט מיט אַזאַ ברייטער האַנט אַפילו פאַר די קינדער פון די נידע־ריקסטע בעלי־חיים.

אָ, ווי אַכזריותדיק דאָס לעבן איז, ווי שטרענג! ניט פאַר אַלעמען האַלט עס אָנגעגרייט ווילדע ענטלעך און פאָזעמקעס! אָ, ווי שטרענג, ווי אומברחמנותדיק האַרט!

---

# אַ מוז.

פונקט האַלב ניין אַ זייגער, ווינטער אינאָוונט, שטייט ער פאַר דער טיר, וואָס פירט אין דער גלאָז־וועראַנדע פון רעסטאָראַן. בעת ער טוט אויס פון די הענט מיט אַן אויסגעחשבונטער פּינקטלעכקייט די קאַסטאָרענע הענטשיקעס, קוקט ער אַריבער איבער די פאַרלאָפענע ברילן אַפּריער נאָך רעכטס, נאָכדעם נאָך לינקס, צי זיינען קיין באַקאַנטע ניטאָ. נאָכדעם הענגט ער אויף דעם מאַנטל אויף זיין הענגער, וואָס איז פון דער רעכטער זייט אויווועלע. דער קעלנער גוסטאַוו, אַ געוועזענער תּלמיד פון דעם לערער, האָט, ניט וואַרטנדיק אויף אַ באַשטעלונג, אַראָפּגעשאַרט די ברעקלעך פון זיין טיש, אויסגעמישט די זענעפט, אָנגעקלאַפּט די זאַלץ־כּלי און איבערגעקערט די סערוועטע. נאָכדעם גייט ער, ניט וואַרטנדיק, מ׳זאָל אים זאָגן, און ברענגט אַ פלאַש מעדאַמראָ, פּראָפּקעט אָפּ אַ האַלבע פלאַש „פּאַראַיינסבּיר", דערלאַנגט דעם לערער, לפנים וועגן, דעם שפּייז־צעטל, און פרעגט סתם, מער צוליב עטיקעט ווי צוליב דער נויטווענדיקייט צו פרעגן:

— ראַקעס?

— ווייבּלעכע ראַקעס! — זאָגט דער לערער.

— גרויסע ווייבּלעכע ראַקעס, — זאָגט גוסטאַוו, גייט צום קיך־בופעט און רופט אויס: — גרויסע ווייבּלעכע ראַקעס פאַר דעם הערן לערער, מיט אַ סך קראָפּ!

נאָכדעם ברענגט ער אַ גאַרניטער פּוטער מיט קעז, שניידט אָן צוויי לוסטעס ראָזעווע ברויט און שטעלט אַלץ אויפן לערערס טיש. יענער האָט בשעת מעשה דורכגעזוכט די וועראַנדע נאָך אָוונט־צייטונגען, האָט אָבער געפונען ניט מער ווי די אָפיציעלע

„פאָסטצייטונג". פאַר אַן ערזאַץ נעמט ער דאָס „טאַגעבלאַט", וועלכן ער האָט נאָך צומיטאָג ניט גאַנץ דורכגעלייענט, און זעצט זיך לייענען. די „פאָסטצייטונג" האָט ער אויפגעפּענט, איבערגע־קנייטשט און אַוועקגעלייגט לעבן זיך אויפן ברויטקאָרב. נאָכדעם שמירט ער מיטן מעסער אייניקע געאָמעטרישע פּוטער־פיגורן אויף דעם ראָזעווען ברויט, שניידט אויס פון דעם שווייצאַרישן קעז אַ פירעק, גיסט אָן אַ דריי־פערטל גלאָז שנאַפּס, און טראָגט עס צו ביז צו דער הויך פון מויל: ביים מויל מאַכט ער אַ קורצע הפסקה, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ מעדיצין, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ און לאָזט אַרויס אַ קרעכץ: הו!

פונקט אַזוי מאַכט ער דאָס שוין צוועלף יאָר און וועט ווייטער אַזוי מאַכן ביז צום טויט.

ווען די ראַקעס זיינען שוין אויפן טיש, איז ער בודק זיי־ער מין, און נאָכדעם ווי עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מ'קען קיינע טענות ניט האָבן, טרעט ער צו צו דער פּראָצעדורע פון עסן מיט גרויס הנאה. ער שטעקט אַריין די סערוועטע מיט איין עק אונ־טערן קראַגן, גרייט אָן לעבן זיין טעלער צוויי לוסטעס מיט קעז און גיסט זיך אָן אַ האַלבע גלאָז שנאַפּס און אַ גלאָז ביר. נאָכ־דעם נעמט ער דעם קליינעם מעסער צו די ראַקעס און עס הייבט זיך אָן די שחיטה. נאָר ער אַליין אין גאַנץ שווידן ווייס ווי מ'עסט ראַקעס. זעט ער ווי איינער עסט ראַקעס, קוקט ער און זאָגט: דו ווייסט ניט ווי מ'עסט ראַקעס. אַפריער מאַכט ער אַ שניט אַרום דעם קאָפּ פון ראַק, און ווי די לאָך איז פאַרטיק, טראָגט ער דעם ראַק צו צום מויל און זויגט.

— אָט אַזוי איז דאָס פיין — זאָגט ער.

נאָכדעם רייסט ער אָפּ דעם ברוסט־טייל פון אונטערשטן טייל קערפּער, עפנט די בלוט־אָדערן, בייסט אַריין מיט די ציינער אין דעם קערפּער און סמאָקטשעט טיף אין זיך אַריין. נאָכדעם עסט ער עטוואָס קראָפּ, נעמט אַ שלונג ביר און עסט פון ראָזעווען ברויט. נאָכדעם ווי ער זויגט אויס דעם מאַרך און לעקט אויס די קני־ביינדלעך, נעמט ער זיך צו די פלייש און אַזוי כסדר, ביז ער קומט צום עק. אויפגעגעסן דריי ראַקעס, נעמט ער אַ האַלבן שנאַפּס

און לייענט די אַמט־אויסצייכענונגען אין דער פּאָסט־צייטונג. אַזוי מאַכט ער עס שוין צוועלף יאָר און וועט אייביק אַזוי מאַכן.

ער איז געווען צוואַנציק יאָר אַלט, ווען ער האָט אָנגעהויבן דאָ צו עסן. איצט איז ער צוויי און־דרייסיק און גוסטאַוו איז שוין דאָ צען יאָר אַ קעלנער! דער לערער איז דאָ דער עלטסטער, עלטער פאַרן באַלעבאָס, וואָס האָט איבערגענומען דעם געשעפט ערשט פאַר אַכט יאָרן. ער האָט שוין אַ סך, אַ סך מיטאָג־געסט בייגעווען: אייניקע האָבן זיך געהאַלטן אַ יאָר, צוויי און פינף; נאָכדעם זיינען זיי פאַרשוואונדן, אריבער אין אַן אַנדער רעסטאָראַן, אָדער אַריבערגעקליבן זיך אין אַן אַנדער אָרט, אָדער האָבן חתונה־געהאַט. ער האָט זיך געפילט שוין זייער אַלט, הגם ער איז ערשט אַלט געווען צוויי און־דרייסיק יאָר! דאָ איז זיין היים, ווייל אין זיין מעבלירטן צימער האָט ער נאָר געשלאָפן.

עס ווערט צען אַ זייגער. ער הייבט זיך אויף און גייט אַריין אין קליינעם זאַל, וואו עס שטייט שוין גרייט פאַר אים זיין גראָג. באַלד קומט דער בוכהענדלער. זיי שפּילן שאָך אוןריידן איבער ביכער. האַלב עלף קומט די צווייטע פידל פון דראַמאַטישן טעאַטער. אַן אַלטער פּאָליאַק, וואָס איז נאָכן 64 יאָר אַנטלאָפן קיין שוויידן און מוז דאָ פאַרדינען זיין ברויט פון דעם, וואָס ער האָט פריער געניצט נאָר פאַר זיין אייגענע הנאה. דער פּאָליאַק און דער בוכהענדלער זיינען שוין פּופּציקער; אויפן אָנבליק אָבער האָבן זיי אויסגעזען ניט עלטער פאַרן לערער.

הינטער דעם בופעט־טיש זיצט דער באַלעבאָס. ער איז אַן אַלטער שיף־קאַפּיטאַן, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין דער רעסטאָראַטערין און האָט זיין גורל מיט אירן פאַראייניקט. זי באַלעבאַטעוועט איצט אין דער קיך און וואַרפט אָפט דורך דער אָפענער קליאַפּע אַן אויג אויף איר מאַן, ער זאָל ניט כאַפּן אַן איבעריקן גלעזל, איידער די געסט גייען אַוועק. גלייך אָבער ווי דאָס גאַז ווערט אויסגעלאָשן און די בעט אויסגעבעט, באַקומט דער אַלטער אַ גראָג צום שלאָפן.

אַ זייגער עלף הייבן אָן אַריינגיין יונגעלייט, גייען פאָרזיכטיק צו צום בופעט־טיש און פרעגן שטילערהייט, צי איז פריי

אויבן אַ פּריוואַט צימער. נאָכדעם הערט מען אַ גערויש פון קלייד־
לעך, וואָס גליטשן זיך דורך פלינק דורכן פּאָרצימער און כאַפּן
זיך אַרויף אויף די טרעפּ אומבאַמערקטערהייט.

— נו, זאָגט דער בוכהענדלער, וואָס האָט אויפגעכאַפּט די
טעמע פון דער לופט, גיסטו גאָרניט אַ טראַכט מכוח אַ נייעם דור,
אַלטער בלאָם?

— איך האָב דערצו ניט די נייטיקע מיטלען—זאָגט דער
לערער, פאַרוואָס האָסטו ניט חתונה?

— איצט וויל מיר שוין קיינער ניט נעמען, — זאָגט דער
בוכהענדלער, איצט, ווען מיין קאָפּ זעט אויס ווי אַן אַלטער קוי־
פּערט פון ים־הונט־פעל. איבעריקס, האָב איך דאָך מיין אַלטע
סטאַפאַ.

סטאַפאַ איז געווען אַ לעגענדאַרישע פּאַרשוין, וואָס קיינער
האָט ניט געגלויבט אין איר עקזיסטענץ. זי איז געווען די פאַר־
קערפּערונג פון דעם בוכהענדלערס ניט מקוים־געוואָרענע חלומות.

— אָבער הער פּאָטאָצקי?—טענהט דער לערער אַריין.

— נו, ער האָט דאָך שוין געהאַט אַ ווייב, דאָס איז דאָך
גענוג.

דער פּאָליאַק שאָקלט צו מיטן קאָפּ און זאָגט:

— יאָ, איך האָב גליקלעך חתונה געהאַט. אוהו!

און טרינקט דערביי זיין גראָג אויס.

— ע, זאָגט דער לערער, ווען די ווייבער וואָלטן ניט גע־
ווען אַזוינע נאַרישע גענז—וואָלט מען מכוח דעם געקענט אַ טראַכט
טאָן; אָבער גיי לעב מיט אַזוינע גענזענע קעפּ.

דער פּאָליאַק שאָקלט ווידער מיטן קאָפּ און שמייכלט, ווייל
ער פאַרשטייט ניט גענוי, וואָס ער זאָגט.

— איך האָב זייער גליקלעך חתונה געהאַט—אוהו!

— און נאָכדעם קומט דער ליאַרים פון קינדער און זיי־
ערע קליידעלעך ביים אויוון, האָט דער לערער ווייטער מוסיף
געווען, און דערצו דינסטמיידלעך און קיך־ריחות. ניין, איך דאַנק
זייער! און פון שלאָפן ביינאַכט מעג מען זיך אָפּזאָגן.

— אוהו!—האָט פאַרענדיקט דער פּאָליאַק.

— הער פּאָטאָצקי זאָגט אוהו, — האָט דער בוכהענדלער באַמערקט, מיט יענער געוויינטלעכער נקמה־פרייד פון בחור, ווען ער הערט פון אַ באַווייבטן עפּעס ניט אַזאַ גוטע מיינונג פון חתונה האָבן.

— וואָס האָב איך געזאָגט? האָט דער אלמן געפרעגט פאַר־חידושט.

— אוהו — האָט דער בוכהענדלער נאָכגעמאַכט, און דער שמועס איז מיט געמיינזאַמען פּוסטן שמייכל צערונען אין אַ טאַ־באַק־וואָלקן!

אָט אַזוי ווערט צוועלף אַ זייגער.

דאָס קלאַוויר, וואָס האָט מיט אַ טרעפּ העכער באַלייט אַ געמישטן כאָר פון מענער און פרויען־שטימען, שווייגט שוין. דער קעלנער הערט אויף אַרומצולויפן פון דער קיך אין דער ווערנאַנדע. דער באַלעבאָס טראָגט אַרויף מיט די אייז־עמערלעך די לעצטע שאַמפּאַניער־פלאַשן אַ טרעפּ העכער, וואו מ׳האָט עס באַשטעלט. די דריי פריינד הייבן זיך אויף און גייען יעדער אַ היים צו זיין „צניעותדיקן בחורשן בעט״, דער בוכהענד־לער אָבער גייט צו זיין סטאַפּען.

---

דער לערער בלאָם האָט אין עלטער פון צוואַנציק יאָר איבערגעריסן זיין סטודיום אין אופּסאַלע, און איז אַוועק קיין שטאָקהאָלם, כדי דאָרט זיין ברויט צו פאַרדינען אַלס הילף־לע־רער. און ווייל ער האָט נאָך אַחוצדעם געהאַט אַ פּאָר פּריוואַטע לעקציעס, איז ער גאַנץ גוט אויסגעקומען. ער האָט פון לעבן ניט פיל געפאָדערט. סדר און מנוחה—דאָס אַלץ. אין מעבלירטן צי־מער, וואָס ער האָט געדונגען ביי אַן אַלטער מאַמזעל, האָט ער גראָד געפונען מער ווי אַ בחור קען זיך געוויינלעך ווינטשן. זי איז געווען צו אים פריינדלעך און האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַלץ; די גאַנצע צערטלעכקייט, וואָס די נאַטור האָט איר געגעבן פאַר איר אייגן קינד, איז אים באַשערט געווען צו געניסן אומ־זיסט. זי האָט פאַרריכט זיינע קליידער און האָט פאַר איר געזאָרגט.

אַזוי אָבער ווי ער האָט זייער פרי פאַרלאָרן זיין מוטער, איז ער ניט געווינט געווען צו באַקומען אַזוינע צערטלעכקייטן אומ־זיסט. דערפאַר האָט ער געקוקט אויף אירע מחנות ווי אויף עפּעס, וואָס שטערט אים אין זיין פרייהייט, נאָר אָפּגעזאָגט האָט ער זיך ניט! זיין היים אָבער איז דאָך געווען דער רעסטאָראַן. דאָרט האָט ער פאַר אַלץ באַצאָלט און איז קיינמאָל קיין בעל־חוב ניט געבליבן.

געבוירן אין אַ פּראָווינץ־שטעטל פון מיטל־שוועדן, איז ער אין שטאָקהאָלם געבליבן אַ פרעמדער. ער האָט קיינעם ניט באַ־זוכט, האָט קיינע באַקאַנטע משפחות ניט געהאַט. נאָר מיט די באַקאַנטע אין רעסטאָראַן האָט ער זיך געטראָפן, געפּלוידערט מיט זיי, נאָר קיין איבעריקן צוטרוי האָט ער זיי ניט געשענקט און האָט, אגב, אויך ניט געהאַט וואָס צו שענקען. ער איז געווען אַ לערער אין דריטן קלאַס, און דעריבער האָט ער געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט זיך אין זיין אַנטוויקלונג אָפּגע־שטעלט. אמת, ער האָט אַמאָל דורכגעמאַכט פון דעם דריטן ביז צום זיבעטן קלאַס און איז געוואָרן אַ סטודענט. און איצטער איז ער ווידער געזעסן אין דעם דריטן קלאַס, איז שוין דאָרט אָפּ־געווען צוועלף יאָר און איז ווייטער ניט אַוועק. ער האָט געלערנט מיט די תּלמידים דאָס צווייטע און דריטע בוך פון אייקלידוס, וואָס עס איז געווען דער קורס פון קלאַס. זיין גאַנץ לעבן האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ פראַגמענט; אַ פראַגמענט אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף: דאָס צווייטע און דריטע בוך. אין זיינע פרייע שעהן האָט ער געלייענט צייטונגען און ביכער איבער דעם אַלטערטום. אַלטערטום־פאָרשונג איז אַ מאָדערנע וויסנשאַפט, כמעט אַ מין מחלה פון דעם דור. און די מחלה איז אַ געפערלע־כע, דען זי באַווייזט כמעט אָפּט, אַז די מענטשלעכע טיפּשות איז אין אַלע צייטן אומפאַרענדערלעך.

אין די צייטונגען האָט ער געלייענט נאָר די שאָן־אָפּטיי־לונג; די פּאָליטיק איז פאַר אים געווען ניט מער ווי אַ אינטע־רעסאַנט שפּיל אַרום דעם קיניג, ווייל ער איז פונקט, ווי אַלע, דערצויגן געוואָרן מיטן גלויבן, אַז אַלץ, וואָס עס קומט פאַר

אין דער וועלט, האָט צו אונז קיין שייכות ניט. דערצו זאָרגן שוין יענע, וועמען גאָט האָט געגעבן די מאַכט אין די הענט. און אָט דער אופן פון באַציאונג צו דער וועלט האָט אַריינגע־בראַכט אין זיין נשמה שטילקייט און רו; ער האָט קיינעם ניט באַאומרואיקט און קיינער האָט אים ניט באַאומרואיקט. ווען ער האָט אָפּטמאָל עפּעס אַרויסגעפונען, וואָס איז שוין געווען צו נאַריש, האָט ער זיך געטרייסט דערמיט, אַז אַנדערש קען דאָס ניט זיין! די דערציאונג האָט אים געמוזט מאַכן פאַר אַן עגאָ־איסט, און די תורה פון קאַטעכיזיס האָט געלערנט: זאָל נאָר יעדער זיין חוב טאָן, וועט שוין אַלץ גוט זיין, וואָס עס זאָל מיט אונז ניט געשען. און ער האָט טאַקע זיין חוב אין דער שול מוסטערהאַפט דערפילט; איז קיינמאָל צו שפּעט ניט געקומען, קיינמאָל ניט געקרענקט. אויך אין זיין פּריוואַטן לעבן האָט מען צו אים גאָרניט געקענט האָבן; ער האָט באַצאָלט זיינע דירה־געלט צו דער מינוט, קיינמאָל ניט געגעסן אויף באָרג און צו „פּרויען" איז ער געגאַנגען נאָר איינמאָל אין וואָך (ער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז ער גייט צו „מיידלעך").

זיין לעבן איז זיך אַזוי גלאַטיק געגאַנגען: ווי אַ צוג אויף בלאַנקע שינעס, פּונקט נאָכן זייגער, דורך פריער באַשטימטע סטאַנציעס, און ער, אַ מענטש אַ בר־דעת, האָט געזוכט אויסצומיידן יעדן צוזאַמענשטויס. וועגן דער צוקונפט האָט ער ניט געטראַכט, וואָרעם דער עכטער עגאָאיסט פאַרטראַכט ניט אַזוי ווייט, שוין צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס די גאַנצע צוקונפט דויערט ניט מער ווי צוואַנציק, דרייסיק יאָר.

אָט אַזוי איז פאַרגאַנגען זיין לעבן!

---

ס'איז געווען אַ זוניקער, שטראַלנדיקער יאָהאַנעס־טאָג אינדערפרי. דער לערער איז געלעגן אין בעט און האָט געלייענט איבער דער מלחמה־קונסט פון די עגיפּטער. איז מאַמזעל אַווגוסטאַ איז אַריין מיטן פרישטיק־קאַווע. לכבוד דעם טאָג האָט זי דערלאַנגט זאַפראַן־געבעק און אויף דער סערוועטע בעז־בליעכץ געלייגט.

שוין נעכטן פאַרנאַכט האָט זי הינטערן אויוון אַריינגעשטעקט עטלעכע בעראָזעווע צווייגלעך, האָט אַריינגעגעבן אין שפּיי־קעסטל ריינעם זאַמד, באַפּוצט מיט געלינקע לאָנקע־בלימלעך, און אויפן שפּיגל־טיש אַ גלאָז מיט מאַי־בלומען.

— נו, מאַכט איר היינט אויך ניט קיין אויספלוג, הער בלאָם? — האָט די אַלטע געפרעגט, פירנדיק מיט די אויגן איבער אירע באַפּוצונגען, און וואַרטנדיק, לפּחות, אויף אַ דאַנק אָדער אַ גוט וואָרט פון זיין זייט.

אָבער דער הער בלאָם האָט די גאַנצע באַפּוצונג גאָרניט באַמערקט, און האָט געענטפערט גאַנץ טרוקן:

— ניין, איר ווייסט דאָך, מאַמזעל אַווגוסטע, אַז איך מאַך קיינע אויספלוגן, פּשוט, ווייל איך וויל ניט, דער המון זאָל מיר שטויסן און די קינדער זאָלן מיר פאַרשרייען דעם קאָפּ.

אָבער אין אַזאַ שיינעם זומערטאָג קען מען דאָך אין שטאָט ניט בלייבן. אין טירגאָרטן, לפּחות, אַ ביסל שפּאַצירן גיין.

— נו, דאָס איז דווקא ניט פאַר מיר, דערהויפּט נאָך היינט, ווען דער גאָרטן איז פול מיט אַלערליי פאַרשוינען. ניין, מיר איז דאָ אין שטאָט גוט, און אָט צו די שטיק, צו די יום־טובים, וועט אויך אַמאָל אַ סוף נעמען.

— ליבער הער בלאָם, — האָט די אַלטע איינגעטענהט, — די לייט זאָגן גאָר, אַז עס זיינען נאָך צו ווייניק יום־טובים אין דעם לאַנגן אַרבעטס־יאָר. נו, פאַרלאַנגט איר עפּעס נאָך, הער בלאָם, טו זאָגט, וואָרעם איך מיט מיין שוועסטער ווילן היינט מאַכן אַ נסיעה אויפן דאַמפּער און וועלן מסתמא פריער פאַר צען ניט צוריקקומען.

— פיל פאַרגעניגן, מאַמזעל אַווגוסטע, איך דאַרף גאָרנישט און זאָרג שוין אַליין פאַר זיך! דעם סטרוזשס ווייב וועט ביי מיר אויפראַמען, ווען איך וועל נאָכמיטאָג אַוועקגיין.

און אַזוי איז ער געבליבן אַליין מיטן קאַווע. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעטרונקען, האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַר, און איז געבליבן ליגן אין בעט מיט דער עגיפּטישער מלחמה־קונסט. די פענסטער, וואָס איז אָפן געווען, האָט זיך געוויגט פון אַ שוואַכן

דרום־ווינט. אַכט אַ זייגער האָט דער נאָענטסטער קלויסטער זיך צעקלונגען מיט אַלע זייַנע גלאָקן, מיט די גרויסע און די קליינע, און די אַנדערע קלויסטערס פון שטאָקהאָלם, קאַטערינע, מאַריע און יאַקאָב זייַנען אַרייַנגעפאַלן אינמיטן. עס האָט געבומט און געהודזשעט, פשוט ביז צו פאַרצווייפלונג פאַר אַן אַפּיקורס. ווען דער געקלאַנג איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַנאָניר־קאָנצערט אויף דער קאָמאַנדאָ־בריק פון אַ דאַמפּער, אַ מעלאָדיע פון דעם טעאַטער־שטיק „די שוואַכע זייט“. דער לערער האָט זיך געדרייט מיט פאַרדראָס אויף זייַן געלעגער, און ווען עס וואָלט ניט אַזוי הייס געווען, וואָלט ער גערן צוגעמאַכט די פענסטער. נאָכדעם האָט זיך געלאָזט הערן אַ שטאַרקע פּויקערייַ, וואָס איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ בלאָז־אָרקעסטער אויף אַ צווייטן דאַמפּער, וואָס האָט געשפּילט דעם יעגערכאָר פון „פרייַשיץ“. אָבער דאָס בייזע פּויקערייַ האָט זיך דערנעענט. דאָס זייַנען געווען די שאַרפשיסער, וועלכע זייַנען אַרויס הינטערן שטאָט, און האָבן געמוזט דורכגיין די גאַס. איצט איז אים באַשערט צו הערן זעקס מאָל נאָכאַנאַנד דעם מאַרש פון די שאַרפשיסער און צווישן דעם אַ פייפערייַ, גלאָקן־געקלאַנג, דעם מעשענעם אָרקעסטער פון דאַמפּער, — ביז דאָס איז אַלץ ענדלעך פאַרקלונגען.

צען אַ זייגער איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געמאַכט הכנות צום ראַזירן. די געפּרעסטע העמד איז געלעגן אויפן קאַמאָד ווייס און שטייף ווי אַ ברעט. אַ פערטל שעה האָט ער געמוזט האָבן אַרייַנצומאַכן די שפּאָנקעס אין די לעכער. נאָכדעם האָט ער זיך געגאָלט אַ האַלבע שעה בערך, האָט זיך ווי געהעריק און גענוי פאַרקאַמט, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס אַ חשובע אַרבעט אויסגעפירט. אָנטוענדיק די הויזן, האָט ער די אונטערשטע העלפט פון די קאַלאָשעס הויך אונטערגעהויבן, כדי עס זאָל זיך ניט אייַנשטויבן אויף דער ערד.

זייַן צימער איז געווען אַ פּשוטער, זייער פּשוט און אָנשטענדיק. עס האָט קיין באַזונדערן כאַראַקטער ניט געהאַט, גלאַט אַ צימער ווי אין אַ האָטעל, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער

האָט שוין דאָ צוועלף יאָר געוואוינט. ביי אַזאַ לאַנגן משך קליבן זיך געווינלעך אָן ביי מענטשן פאַרשיידענע קליניקייטן: געשאַנקען, אַזוי איבעריקע קליניקייטן, לוקסוס־חפצים. אַפילו קיין בילד, און זאָל זיין כאָטש אַ ביילאַגע צו אַ אילוסטרירטן זשורנאַל, וואָס רירט אָן אַ סענטימענט, איז ניט געהאַנגען אויפן וואַנט. קיין דעקע, פון גוטהאַרציקע שוועסטערס געהעקלט, האָט ניט באַדעקט די בעטן, אַפילו אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ ליבן מענטשן איז ניט געווען. אַלץ איז געקויפט געוואָרן במקח השוה, נאָר מיט דער כוונה, כדי צו פאַרשפּאָרן איבעריקע הוצאות, וואָס וואָלטן חלילה געקענט אונטערגראָבן די אומאָפּהענגיקייט פון באַלעבאָס.

ער האָט זיך געלייגט אויפן פענסטער און אַרויסגעקוקט איבער דעם אַרטילעריע־פּלאַץ ביז ווייט צום האַפן אַרויס. אין אַ הויז, קעגנאיבער אין דער קרים, האָט ער דערזען אַ פרוי אין אַ קאָרסעט, וואָס מאַכט איר טואַלעט. ער האָט זיך אָפּגעקערט, ווי פון עפּעס אַ מיאוסע זאַך, אָדער ווי פון עפּעס אַזוינס, וואָס קען שטערן זיין רו. אונטן, אין האַפן, זיינען אַלע זעגלשיפן און דאַמפּערס געווען אויסגעפלאַגט, און דאָס וואַסער האָט געגלימצערט אַנטקעגן דער זון. דאָרט אַרויף, צום קלויסטער־צו, האָבן זיך געשלעפּט עטלעכע אַלטע ווייבער, מיט געזאַנג־ביכער אין די הענט. פאַר דעם הויף פון דער אַרטילעריע האָט זיך הין און הער אומגעדרייט דער דעזשורנער סאָלדאַט מיט זיין שווערד און האָט געהאַט אַן אָנגעברוגזטן אָנבליק, אַרויפקוקנדיק פון צייט צו צייט צום טורעם־זייגער, ווי לאַנג ער האָט נאָך דאָ צו שטיין. ווייטער איז אויף די גאַסן געווען פוסט, גרוי און הייס. ער האָט ווידער אַרויפגעקוקט צו דער פרוי, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן. זי האָט געהאַלטן אַ פודער־פּענזל אין האַנט און האָט זיך פאַר דעם שפּיגל געפּודערט די נאָזווינקלען, מיט אַזאַ מינע, וואָס האָט זי געמאַכט ענלעך צו אַ מאַלפּע. ער איז אַוועק פון פענסטער און האָט זיך געזעצט אויפן וויג־שטול.

ער האָט צונויפגעשטעלט זיין פּראָגראַם פאַרן טאָג. ווייל אין תוך גענומען האָט ער עפּעס געהאַט אַ מאָדנע מורא פאַר

דער איינזאַמקייט. אין אַלע טעג פון דער וואָך האָט ער אַרום זיך געהאַט די שול־יוגנט, יענע ווילדע חיות, וועלכע ער האָט אַפילו ניט שטאַרק גערן געהאַט, און וועלכע ער האָט געדאַרפט האַלטן אין צוים, ד. ה. לערנען זיי די שווערע קונסט פון פאַר־שטעלן זיך פאַר מענטשן, אָבער ער האָט פונדעסטוועגן געפילט אַ מאָדנע פוסטקייט, ווען ער איז ניט געווען בײַ זיי. איצטער, אין די זומער־וואַקאַציעס, האָט ער געגרינדעט אַ וואַקאַציע־שול. אָבער די תּלמידים האָט מען אויך פונאַנדערגעלאָזן אויף אַ קור־צע צייט. איז ער איצט שוין עטלעכע טעג געווען פרײַ און איז געווען אַליין, ניט רעכענענדיק די מאָלצייט־שטונדן, ווען ער האָט געקענט שטענדיק דערוואַרטן דעם בוכהענדלער און די צווייטע פידל.

— צוויי אַ זייגער, האָט ער געטראַכט, ווען עס וועט שוין זײַן נאָכן פּאַראַד און דער המון צעגייט זיך, גיי איך אין רעס־טאָראַן און עס מיטאָג; נאָכדעם וועל איך מיטנעמען דעם בוכ־הענדלער און מיר פאָרן קיין שטרעמסבאָרג; דאָרט איז היינט שטיל און פּוסט, און דאָרט וועלן מיר טרינקען קאַווע און פּונש ביז צום אָוונט, נאָכדעם וועלן מיר צוריקגיין צו ריינערס. (אַזוי איז געווען דער נאָמען פון רעסטאָראַן אין דעם צעליאוס־פּאַרק).

פּונקט צוויי אַ זייגער האָט ער גענומען זײַן הוט, האָט זיך אַקוראַט אַרומגעפּוצט און איז אַוועק.

— איך וואָלט גערן געוואָלט וויסן, צי וועט היינט זײַן גע־דעמפּטער באַרש־פיש, — האָט ער געטראַכט. — און אפשר דאַרף מען זיך היינט, לכּבֿוד יאָהאַנעס טאָג, פאַרגינען שפּאַרגל!

ער האָט שפּאַצירט פאַזע דעם הויכן מויער פון דער שטאָט־בעקערײַ. אין פּאַרק זײַנען געווען צעזעצט אַרבעטער־פאַמיליעס מיט קינדער־וועגעלעך. זיי זײַנען געזעסן אויף דיזעלביקע בענק, וואו עס זיצן אין אַלע טעג פון דער וואָך די באָנעס מיט די קינדער פון חשובֿע לײַט. ער האָט געזען, ווי אַ מוטער האָט גע־געבן איר קינד די ברוסט צו זויגן. אַ גרויסע, פולע ברוסט, אין וועלכער דעם קינדס פליישיקס, פעסט האַלטנדיקס הענטל, איז אינגאַנצן פאַרזונקען. דער לערער האָט זיך אָפּגעקערט מיט אַן

אויסדרוק פון עקל אויף זיין פנים. עפעס האָט אים ווי געשטערט אָנצוקוקן אָט די פרעמדע לייט אין זיין פּאַרק. זיי האָבן גע־האַט ביי אים אַ פנים, ווי די דינערשאַפט, וואָס כאַפּט זיך אַריין אין סאַלאָן, ווען די באַלעבאַטים זיינען ניט אינדערהיים, און ער האָט זיי ניט געקענט מוחל זיין פאַר זייער מיאוסן אויסזען.

ער איז צוגעקומען צו דער גלאָז־וועראַנדע און האָט שוין געוואָלט אָננעמען ביי דער קליאַמקע, נאָכאַמאָל טראַכטנדיק דער־ביי וועגן פיינעם באַרש־פיש „מיט אַ פולע פעטרישקע״, ווי ער האָט פּלוצלונג דערזען אין שויב אַ ווייסן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס עס איז עפּעס געווען אָנגעשריבן. ער דאַרף עס גאָר ניט איבער־לייענען, וואָרים ער ווייס, אַז דאָ שטייט, אַז דער רעסטאָראַן איז איבער דעם יאָהאַנעס יום־טוב געשלאָסן. אָבער ס׳איז אים גאָר פון זינען אַרויס! ס׳איז אים געווען אויפן האַרצן, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעשלאָגן אָן אַ סלופּ פון אַ לאַמטערנע! ער איז געווען אויפ־געבראַכט. ערשטנס אויפן באַלעבאָס, וואָס ער האָט פאַרמאַכט דעם רעסטאָראַן, און צווייטנס אויף זיך אַליין, וואָס ער האָט אָן דעם גאַנץ פאַרגעסן! ס׳איז געווען ממש שרעקלעך. ס׳האָט זיך אים פשוט ניט געגלויבט, אַז ער זאָל קענען פאַרגעסן אַזאַ וויכטיקע זאַך. ער האָט דעריבער געזוכט אַרויפצוּוואַרפן די שולד אויף אַן אַנדערן, וואָס האָט גורם געווען ער זאָל פאַרגעסן. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז געווען דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן. ער איז גע־ווען דערשלאָגן און פאַרניכט, ווי ער וואָלט אַראָפּ פון די שינעס. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק און איז געווען כמעט גרייט צו וויינען פאַר כעס.

פוּף! פון ערגעץ האָט אַ פלי געטאָן אַ פּילקע און האָט אים געטראָפן פונקט אויף דער אויסגעפרעסטער ברוסט פון העמד. ווי אַ צערייצטע אָספע האָט ער אַ פלי געטאָן פון אָרט און האָט מיט די אויגן געזוכט דעם שולדיקן. ערשט ווי ער זוכט אַזוי, איז אים מיט אַ שמייכל אַנטקעגן געקומען אַ מיאוס פנימל פון אַ קליין מיי־דעלע און הינטער איר איז אויסגעוואַקסן אַ יום־טובדיק אָנגעטאָ־נענער אַרבעטער אין אַ פּאַנאַמאַ־הוט, וואָס האָט דאָס קינד מיט אַ שמייכל ביים הענטל אָנגענומען און געפרעגט, צי עס האָט זיך

ניט צעשלאָגן. דערביי האָט ער באַמערקט ניט ווייט אַ גאַנצע מחנה דינסטמיידלעך און סאָלדאַטן, וואָס האָבן געלאַכט. ער האָט גע־זוכט מיט די אויגן אַ מיליציאַנט, צו שיצן זיינע מענטשלעכע רעכט, וואָס מ'האָט דאָ פּוגע געווען, און האָט גראָד דערזען, ווי דער מיליציאַנט פירט אַ פריינטלעכן שמועס מיט דער מוטער פון קינד. האָט ער פארלאָרן דעם חשק צו אויפהייבן אַ טומל און האָט זיך אַוועקגעלאָזט גלייך צום פּלאַץ, וואו די דראָזשקעס שטייען. ער האָט געוואָלט נעמען אַ וואָגן און פאָרן צום בוכהענדלער, וואָ־רעם איצטער האָט ער שוין לענגער ניט געקענט בלייבן אַליין.

און זיצנדיק אין דראָזשקע, האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט, האָט מיט דער נאָזטיכל אָפּגעווישט דעם אָרט פון דער העמד, וואו די פּילקע האָט געטראָפן.

ביי דער גאָטנגאַס האָט ער אָפּגעלאָזן דעם קוטשער, ווייל ער איז געווען גאַנץ זיכער, אַז ער וועט דעם בוכהענדלער טרעפן אין דער היים. אָבער שוין אויף די טרעפּ איז ער געוואָרן אומרואיק. און ווי איז אַז ער איז ניטאָ אין דער היים?

ער איז ניט געווען אין דער היים! קיינער פון די שכנים אין הויז איז ניט געווען אין דער היים. עפּעס האָט אָפּגעהילכט אַזוי פוסט, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. עס האָט זיך אים געדוכט, ווי ער הערט דאָס עכאָ פון זיינע טריט.

שטייענדיק נאָכדעם איינזאַם אויף דער גאַס, האָט ער ניט געוואוסט, וואוהין ער זאָל זיך ווענדן. פּאָטאָצקעס אַדרעס האָט ער ניט געוואוסט, און היינט, בשעת אַלע געשעפטן זיינען צו־געמאַכט, האָט אים אויסגעוויזן, ווי אַן אוממעגלעכע זאַך צו גיין זוכן אַן אַדרעס־בוך.

ער איז געגאַנגען, ניט וויסנדיק וואוהין, אַראָפּ דער גאַס, אין דער לענג פון האַפן, איבער דער בריק. קיין איין באַקאַנטן פּנים האָט ער ניט געטראָפן. דער אָנבליק פון המון, וואָס האָט איצט, ווען די הערן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, איינגענומען די גאַסן, האָט אים שטאַרק פּוגע כבוד געווען, דען ער איז, ווי מיר אַלע, דערצויגן געוואָרן אין דער שול פאַר אַן אַריסטאָקראַט.

דער הונגער, וואָס האָט זיך פריער איינגעשטילט, האָט ווי־דער געגומען מאָנען. און פּלוצלונג איז אים אַ נייער שרעקלעכער געדאַנק אַרויף אויפן זינען, אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט פון פּחדנות זיך ניט דערוועגט צו באַטראַכטן ביזן סוף. וואו זאָל איך מיטאָג עסן? ער איז אַרויס אין גאַס מיט זיינע מיטאָג־מאַרקעס און מזומן געלט האָט ער ביי זיך געהאַט אַ קראָנע מיט פופציק ערע. די מאַרקעס האָבן זייער ווערדע געהאַט נאָר ביי ריינערסן און איין קראָנע האָט ער פאַרפאָרן.

ער האָט זיך צוריקגעקערט אין פּאַרק אַריין. דאָרטן זיינען געזעסן די אַרבעטער־פאַמיליעס און האָבן געגעסן פון די קערבּ־לעך: געקאָכטע אייער, ראַקעס, קוכנס! און דער פּאָליציי אַרט עס גאָרניט! דאָרט איז אַפילו געשטאַנען אַ מיליציאַנט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין האַנט אַ לוסטע ברויט מיט פּוטער און אין דער צווייטער אַ גלאָז ביר. מער פאַר אַלץ האָט אים גערייצט, וואָס אָט די מענטשן, וועלכע ער האָט אין האַרצן מבזה געווען, זיינען אין דעם מאָמענט געווען אַ סך שטאַרקער פאַר אים! אָבער פאַרוואָס קען ער ניט אַריינגיין אין אַ מילכהאַלע צו שטילן זיין הונגער? פאַרוואָס ניט? יאָ! דער ענטפער דערויף איז ביי אים אַרויס ווי אַ גרעפּץ.

לסוף איז ער אַוועק פאַרביי דעם האַפן אַרונטער, בכדי איבערצושיפן זיך צום טירגאָרטן. דאָרט וועט ער געוויס טרעפן באַ־קאַנטע, ביי וועמען ער וועט נעמען אַ הלוואה, ווי אומאָנגענעם די זאַך זאָל ניט זיין. דערפאַר וועט ער אָבער נעמען אַ מיטאָג אין דעם פיינסטן רעסטאָראַן „האַזעלהעהע".

---

אויפן דאַמפער זיינען אַזויפיל מענטשן געווען, אַז דער לערער בלאָם האָט געמוזט שטיין ביי דער מאַשינע. זי האָט אים דערהיצט דעם רוקן און באַשפּריצט מיט אַ געשמאָלצענעם פעט זיין ראָק, דערביי האָט ער געמוזט שטיין האַרט מיטן נאָז לעבן אַ צאָפּ פון אַ דינסטמיידל און אַריינאָטעמען אין זיך דעם ריח פון

וואָלוועלער פּאָמאַדע. אָבער קיין איין באַקאַנט געזיכט איז ניט געווען צו זען!

ווי ער איז אַריין אין רעסטאָראַן פון טירגאָרטען, האָט ער זיך שטאָלץ אויסגעגלייכט און האָט אָנגענומען אַ מינע פון אַ פיינעם וועלטלעכן מענטשן. דער פּלאַץ פאַר דעם רעסטאָראַן איז געווען ווי אַ טעאַטער־רוים און האָט, ווי עס שיינט, טאַקע דעמזעלביקן תּכלית געהאַט: ד. ה. עס איז געווען אַן אָרט צו טרעפן און צו באַווייזן זיך. אויבנאָן זיינען געזעצן די אָפיצירן בלוי פון עסן און טרינקען; דערביי עטלעכע פאַרטרעטער פון די פרעמדע מלוכות, וואָס זיינען שוין אַלט און מיד געוואָרן פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט זיך אָנצונעמען די קריוודע פון שיכּורע בירגער, וואָס האָבן זיך צעשלאָגן אין האַפן אָדער פאַרנעמען זיך מיט שוישפּיל־ליבהאָבעריי, צו זיין ביי קינדער־טויפן, חתונות און לוויות. אַחוץ זיי איז מער פון חשובן עולם קיינער ניט געווען. וואָרים פונקט אין רעכטן מיטן, האָט הער בלאָם באַמערקט דעם קוימענקערער פון זיין פערטל, דעם באַלעבאָס פון אַ ווינקל־רעסטאָראַן, דעם פּראָוויזאָר פון אַן אַפּטייק און נאָך אַנדערע. אַרום זיי דרייט זיך דער גרינער יעגער מיט די זילבערנע גאַלונעס און מיט אַ פאַרגילדעטן שטעקן און בליקט אויף דעם עולם מיט פאַראַכטונג, ווי ער וואָלט זיי געפרעגט, וואָס זיי האָבן דאָ צו טאָן. דער לערער פילט זיך זייער פאַרשעמט פון די פיל בליקן, וואָס ריידן, ווי עס דורכט זיך אים: אָט דאָ גייט דער הער, וואָס זוכט אַ הלוואה אויף אַ מיטאָג. אָבער מ׳מוז ווייטער גיין, און ער גייט אַרויף אויף דער וועראַנדע, וואו מ׳עסט באַרשפיש און שפּאַרגל, און מ׳טרינקט שאַמפּאַניער. און פּלוצלונג, פון העלער הויט, דערפילט ער אויף זיין פּלייצע אַ פריינדלעכע האַנט און ווי ער קערט אָפּ דעם קאָפּ, דערזעט ער פאַר זיך דאָס שטראַלנדיק פּנים פון קעלנער גוסטאַוו, וואָס דריקט אים שוין די האַנט און רופט אויס אָפנהאַרציק:

— אָט אַ צופאַל, איר זייט דאָ, הער בלאָם! וואָס מאַכט מען!

און דער קעלנער גוסטאַוו, וואָס האָט זיך אַזוי דערפרייט

צו פילן זיך אַ ווײַלע אויף אַ גלײַכן פוס מיט זײַן הערן, האַלט אין זײַן וואַרימער האַנט אַ שטײַפע, הילצערנע האַנט און זײַנע אויגן באַגעגענען זיך מיט אַ פּאָר שטעכיקע שפּילקעס. און אָט די הילצערנע האַנט האָט נאָך נעכטן מיט אַ וואַרימען געפיל אים אַרײַנגערוקט אַ צען־קראָנען־אַסיגנאַציע, און אָט אָ דער מענטש האָט אים געדאַנקט פאַר אַ האַלב יאָר אויפמערקזאַמן דינסט, ווי מ׳דאַנקט אַ פרײַנד. און דער קעלנער גוסטאַוו גייט צוריק אויף זײַן פּלאַץ און זעצט זיך פאַרלעגן און אומעטיק צווישן זײַנע חברים. אָבער דער הער לערער גייט דורך דעם המון פאַרביטערט אַרויס, און עס דוכט אים, ווי ער הערט הינטער זיך אַ שעפּ־טשערײַ פון חוזק: אָט דער האָט נאָך הײַנט קיין מיטאָג ניט גע־האַט!

ער גייט אַרויס צום טירגאָרטן־טאָל. דאָרט שטייט אַ פּאַ־יאַץ און באַקומט קלעפּ פון זײַן ווײַב. ווײַטער שטייט אַ מאַטראָס און באַווײַזט זײַן „גליק־שטערן" פאַר דינסטמיידלעך, קאַנאָנירן, גוואַרדיסטן און געזעלן יעדן זײַן קינפּטיקע באַשערטע אָדער באַ־שערטן. אַלע האָבן שוין געמיטאָגט און זעען אויס אויפגעלייגט און אַ ווײַלע קומט אים אויפן געדאַנק, אַז ער איז ערגער פאַר זיי; ער דערמאָנט זיך אָבער תיכּף, אַז זיי האָבן קיין שום ידיעה ניט דערפון, ווי דער עגיפּטישער לאַגער איז באַפעסטיקט געווען. און דערמיט דערפילט ער זיך ווידער פון אויבן, און ער קען גאָר־ניט משיג זײַן ווי אַזוי מענטשן קענען אַזוי נידעריק פאַלן צו שעפּן פאַרגעניגן פון אַזעלכע שטותערײַען.

דערווײַל האָט ער שוין פאַרלאָרן דעם חושק צו בודק זײַן די אַנדערע רעסטאָראַנען און איז אַריבער פאַרבײַ „טיוואָלי" טיפער אין גאָרטן אַרײַן. דאָרט אויפן גרינעם גראָז האָט געטאַנצט די יוגנט באַגלייט פון אַ פידל. אַ ביסל ווײַטער אונטער אַ דעמב האָט זיך צעלייגט אַ גאַנצע פאַמיליע; דער טאַטע איז געשטאַנען אויף די קני, אין די העמד־אַרבל, אָן אַ היטל, אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ לוסטע פּוטער־ברויט מיט וואורשט און אין דער אַנדערער אַ גלאָז ביר. זײַן געפּאַקטס, פריילעך פּנים, גלאַט אַרומגעגאָלט, האָט געגלאַנצט פון פרייד און נחת, פאַרבעטנדיק

זיינע געסט, וואָס זיינען באַשטאַנען פון ווייב, שווער און שוויגער, שוואָגערס, געשעפטס־דינערס און דינסט־מיידלעך, צו עסן און צו טרינקען און פריילעך צו זיין, דען היינט איז יאָהאַנעס־טאָג, אַ גאַנצן טאָג. און דער פריילעכער מענטש האָט געטריבן קאַטאָוועס, געמאַכט וויצן, אַז דער עולם האָט זיך געקייכט פון געלעכטער. און ווען מ׳האָט דעם קוכן דערלאַנגט און די פּאָרטער־פלאַש איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, האָט דער עלטסטער געזעל געהאַלטן אַ רעדע. די רעדע איז געווען ערטערווייז אַזוי רירנדיק־האַרציק, אַז זי האָט אַרויסגערופן טרערן ביי די ווייבער, און דער טאַטע פון דער פאַמיליע האָט פאַרביסן אַ שפּיץ פון זיין באַקנבאָרד אין אַ ווינקל פון מויל; און ערטערווייז איז זי געווען אַזוי וויציק און פריילעך, אַז דער עולם האָט געלאַכט און געפּאַטשט בראַוואָ.

און דעם לערער איז געוואָרן חושך און אומעטיק אויפן האַרצן. ער איז אָבער ניט אַוועק מיט זיין וועג, נאָר ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטיין הינטער אַ סאָסנע אָנצוקוקן „די חיות".

ווען די רעדע האָט זיך געענדיקט, האָט מען לכּבוד טאַטע־מאַמע פון דער פאַמיליע אויסגערופן אַ „לעבן זאָל" מיט אַ הוראַ, מיט אַ צושפּיל אויף דעם האַרמאָניק, מיט אַ פויקערײַ אין די ליידיקע טעלער און טאַצן. נאָכדעם האָט זיך דער עולם אויפגעשטעלט צו שפּילן אין „כאַפּעניש". די שוויגער איז דערווייל אַוועק מיטן קלענסטן קינד הינטער אַ ניסלעך־קוסט צו העלפן אים אין זיינע צרכים, און די מאַמע האָט דעם האַלב־דערוואַקסענעם אַליין אָפּגעשפּיליעט די הויזן.

— וואָס פאַר אַ חיות דאָס זיינען, האָט געטראַכט דער לערער און האָט זיך אָפּגעקערט, וואָרעם דאָס נאַטירלעכע איז פאַר אים געווען מיאוס, פּשוט, ווייל אַלץ וואָס אומנאַטירלעך איז פאַר אים געווען שיין.

און דאָ האָט ער דערזען, ווי די יונגעלייט האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך, די מיידלעך האָבן אויפגעהאַנגען זייערע מאַנזשעטן אויף די בערעלעך־קוסטעס, זיך אויסגעשטעלט און דער געלאַף האָט זיך אָנגעהויבן.

די מיידלעך האָבן פאַרריסן אַזוי הויך די קליידלעך, אַז די זאָקן־בענדלעך, רויטע און בלויע, גאַלאַנטעריי־סחורה, האָבן זיך אַרויסגעזען. אַז דער קאַוואַליער האָט געכאַפּט זיין דאַמע, האָט ער זי אַרומגענומען און זיך געדרייט מיט איר אַזוי, אַז מ׳האָט געקענט זען אירע אונטערהויזן ווייט איבער די קני, — און דער עולם, אַלט און יונג, האָט געלאַכט, אַז דער וואַלד האָט גע־הילכט.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, תמימות אָדער קאָרופּציע, האָט זיך דער לערער געפרעגט.

מסתמא האָט אָבער אָט דער עולם דעם באַדייט פון דעם געבילדעטן וואָרט „קאָרופּציע” ניט געוואוסט, און דערפאַר זיינען זיי געווען לוסטיק.

נאָכדעם ווי די חברה איז מיד געוואָרן פון יאָגעניש, איז שוין געווען פאַרטיק קאַווע. און דער לערער האָט ניט געקענט תופס זיין, וואו האָבן דאָס די קאַוואַליערן געלערנט, מיט אַזאַ פיינקייט און העפלעכקייט צו באַדינען די דאַמען, ווארעם ער האָט זיי געזען קריכנדיק אויף אַלע פיר, כדי צו דערלאַנגען די נייטיקע זאַכן צו קאַווע.

— דאָס זיינען די זכרים, וואָס פיינען זיך אויס פאַר די נקבות, האָט געטראַכט דער לערער. וועלן מיר נאָך זען!

באַלד אָבער האָט ער דערזען ווי דער טאַטע, די פריי־לעכע נשמה, האָט מיט אַ באַזונדער דרך־ארץ באַדינט זיין שווער און שוויגער. אַפילו זיין ווייב און זיינע געשעפט־דינער און דינסטמיידלעך. האָט זיך ווער פון זיי געלאָזט בעטן פון דרך־ארץ וועגן און פאָרגעלייגט, דער באַלעבאָס זאָל פריער פאַר זיך נעמען, האָט ער באַקומען אַ תשובה, אַז עס וועט נאָך פאַר אים אויך קלעקן.

נאָכדעם האָט ער געזען, ווי דער אַלטער שווער האָט גע־מאַכט פאַרן קליינעם יינגעלע פייפעלעך פון אַאיר, און די שווי־גער האָט זיך תיכף גענומען אָפּוואַשן די כלים. און דער גע־בילדעטער הער האָט אַרויסגעדרונגען, אַז דער עגאָאיזם איז אַ מאָדנע משונה זאַך, ווארעם ער קען אָננעמען אַזוינע מענטש־

לעכע פּאָרמען, קען אַזוי פּאַרטײלט װערן, עס זאָל האָבן אַ פּנים אַזוי װי אַלע גיבן און באַקומען אין אַ גלײכער מאָס; װאָרעם עס האָט גאָר קײן ספק ניט געקענט זײן, אַז דאָס איז עגאָאיזם!

און מ׳האָט װײטער געשפּילט אין פאַנדן, און באַצאָלט איטלעכן פאַנד מיט קושן, גאַנץ פּשוטע קושן אױף די ליפּן, מיט אַ טשמאָק. אַז דער לוסטיקער בוכהאַלטער האָט געדאַרפט „צאָלן", און האָט געמוזט לויטן פּסק אַ קוש טאָן דעם דיקן דעמבּ, האָט ער עס געמאַכט אױף אַ משוגענעם אופן, האָט אַרומגענומען אין די אָרעמס מיט ליבע דעם דיקען שטאַם, פּונקט װי מ׳נעמט אַרום אַ מײדל, װען קײנער זעט ניט. נו, האָט מען הויך געלאַכט, װאָרעם געװאוסט האָט דאָך איטלעכער, װי מ׳טוט עס, הגם קײנער װעט עס ניט טאָן פאַר יענעם אין די אויגן.

דער לערער, װאָס האָט פון אָנהײב אָן קריטיש באַטראַכט דעם גאַנצן ספּעקטאַקל פון זײן הויכן שטאַנדפּונקט, האָט זיך לסוף אַזוי אײנגעלעבט מיט זײ, אַז אים האָט זיך גענומען דוכטן, אַז ער געהערט אױך צו דער חברה. ער האָט אַפילו פאַרצויגן אַ מינע פון אַ שמײכל בײ די װיצן פון דעם קראָם־דיי־נער, און דער טאַטע פון דער פאַמיליע איז אים סוף־כּל־סוף גאָר געפעלן געװאָרן. און ער איז טאַקע געװען אַ קאַטאָװעסניק פון ערשטער מדרגה. ער האָט געקענט מיאַוקען װי אַ קאַץ, גײן װי אַ ראַק, ליגן אויף אַ שטאַם פון אַ בוים, אַראָפּשלינגען מטבעות, שלינגען פײער און נאָכמאַכן די שטימען פון אַלע פײגלען. װען ער האָט אַרויסגעכאַפּט בײ אַ יונגער מײדל אַ זעמעלע און געמאַכט, אַז זײן אויער זאָל עס פאַרשלינגען, האָט זיך דער לערער אַזוי צעלאַכט, אַז דער לײדיקער מאָגן האָט זיך בײ אים צעשפּרונגען.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאַנץ. דער לערער האָט אין ראַבּעס גראַמאַטיק געלײענט די חכמה:

Nemo saltat sobrius, nisi forte insanit.

און האָט שטענדיק געטראַכט, אַז דער טאַנץ איז דער אויסדרוק פון משוגעת. אמת, ער האָט געזען, װי יונגע הינט און קעלבער טאַנצן, װען עס איז זײ פרײלעך אויפן האַרצן, אָבער

ער האָט זיך געספּעקט, אויב ציצעראָן וואָלט זיין מאַקסימע אויך אויף די חיות אויסגעלייגט, און דער לערער איז געוואוינט געווען צו מאכן צווישן מענטש און חיה אַ גרויסן חילוק. נאָר אַז ער האָט איצט דערזען, ווי די יונגע לייט, ניכטערע, אָבער זאַטע און אָנגעטרונקענע, דרייען זיך נאָכן פאַמעלעכן טאַקט פון דער האַרמאָניקע, האָט זיך אים געדוכט, אַז זיין נשמה האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ וויג, און עפּעס אַ מאָדנע געפיל, האָט אין אים צעוויגט אַלע חושים זיינע, און ער האָט ניט געקענט איינהאַלטן זיין רעכטן פוס, ער זאָל ניט צוקלאַפּן שטילערהייט צום טאַקט אויפן מאָך.

נאָך דריי פאַרפלויגענע שעהן, האָט ער זיך אויפגעהויבן. אָבער ס׳איז אים כמעט שווער געווען אַוועקצוגיין. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט פאַרלאָזן אַ פריילעכע סעודה, וואָרעם אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז געווען מיט זיי אינאיינעם; ער איז עפּעס ווייכער געוואָרן, און געפילט אַ רואיקייט און אַן אָנגענעמע מיד־קייט, אַזוי ווי ער וואָלט באמת פאַרבראַכט די צייט אין פאַר־געניגן.

עס איז שוין געווען אָוונט. עס זיינען פאַרבייגעפאָרן לאַקירטע קאַרעטעס מיט אָנגעלענטע דאַמען, אין ווייסע טע־אַטער־מאַנטלען, ווי בר־מינכס איינגעוויקלט, אין תכריכים, וואָרעם דאַמאָלסט איז געווען אין דער מאָדע, אויסצוזען, ווי מ׳וואָלט ערשט פון קבר אַרויס. דער לערער, וואָס האָט שוין אַצינד אויף אַ גאַנץ אַנדערן דרך אָנגעהויבן צו דענקען, האָט ניט געהאַט קיין שום געפיל פון קנאה צו די דאַמען, וואָס מוזן זיך נעבעך אַזוי לאַנגוויילן. דאָרט דרויסן אויפן ים, הינטער דער שטאָט, זיינען איצט צוריקגעקומען די באַפלאַגטע דאַמפּער פון שפּאַציר מיט מוזיק, געזאַנג און הורא־געשרייען, אַז עס האָט געהילכט ביז אין די בערג פון טירגאָרטן.

קיינמאָל אין לעבן האָט זיך דער לערער ניט געפילט אַזוי אַליין ווי היינט צווישן דעם געווימל פון המון. אים האָט זיך געדוכט, אַז די מענטשן קוקן אויף אים מיט רחמנות, ווי ער גייט דאָ אַליין ווי אַ ישובניק, און ער אַליין האָט אויף זיך רחמנות

באַקומען. ער וואָלט גערן צוגעגאַנגען צו וועמען עס איז און פּאַרפירט אַ שמועס, כדי די אייגענע שׂטים צו הערן, וואָרעם אין זיין איינזאַמקייט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער אַליין איז אַ פרעמדער צו זיך. און איצט ערשט האָט זיך אין אים דער־וועקט אַ געפיל פון חרטה. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם קעל־נער גוסטאַוו, וואָס האָט ניט געקענט איינהאַלטן זיין פרייד ביי דער באַגעגעניש מיט אים. און איצט איז ער געקומען דערצו, אַז ער האָט געבענקט, ער זאָל עמיצן אָנטרעפן, וואָס זאָל זיך מיט אים דערפרייען. אָבער ער האָט קיינעם ניט באַגעגנט.

ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער דאַמף־שליופּקע, האָט זיך צו אים צוגערוקט אַ הונט, אַ פאַרלאָזענער פון זיין באַ־לעבאָס, און האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף זיינע קני. דער לערער האָט ניט געקענט ליידן קיין הינט, פונדעסטוועגן האָט ער אים ניט אָפּגעטריבן. ער האָט געפילט עפּעס ווייכס און וואַרימס אויף ז'ער קני, און דער פאַרלאָזענער הונט האָט אים געקוקט אין די אויגן, ווי ער זאָל זיך בעטן ביי אים ער זאָל אים ברענגען צו זיין באַלעבאָס.

אָבער תּיכּף ביים אַרויסגיין פון שיפל, האָט זיך דער הונט געלאָזן לויפן מיט זיין וועג.

— ער דאַרף מיר מער ניט האָבן, האָט דער לערער גע־טראַכט, און איז אַוועק אַהיים און האָט זיך געלייגט.

---

און אָט די אומבאַדייטנדיקע געשעענישן פון יאָהאַנעס־טאָג האָבן צעטרייסלט זיין זיכערקייט אין לעבן. ער האָט באַ־שיימפּערלעך דערזען, אַז קיין פאַרזאָרגונג, קיין פּאָראויסזען און קיין אויסגערעכנטקייט קלעקן ניט פאַרן מענטשן. עפּעס איז איצט אַלץ אַזוי אומזיכער אַרום אים. אַפילו דער רעסטאָראַן, זיין היים, איז אויך געווען אומפאַרלאָזלעך, און צו יעדער צייט האָט ער זיך געקענט פאַרמאַכן. די קילקייט פון גוסטאַווס זייט האָט אויף אים אויך שווער געווירקט. דער קעלנער איז פּונקט אַזוי העפלעך געווען ווי פריער, נאָך אויפמערקזאַמער ווי אַמאָל,

אָבער קיין פריינדשאַפט איז שוין ניט געווען, דער צוטרוי איז פאַרשוואונדן. דאָס האָט דעם לערער אַרויפגעפירט אויף חשדים, און איטלעכס מאָל, ווען ער האָט איצט באַקומען אַ צו טרוקן שטיקל פלייש אָדער צו ווייניק קאַרטאָפל, האָט ער תמיד גע־טראַכט:

— אַהאַ! ער נעמט פון מיר נקמה!

דער זומער איז פאַרן לערער גאָר ניט געווען קיין פריי־לעכער: די צווייטע פידל איז ערגעץ אָפּגעפאָרן, דער בוכהענד־לער האָט מייסטנס פאַרבראַכט אויף דער „מאָזעסהעהע", אַ גאָרטן־רעסטאָראַן פון זיין פערטל, וואָס ליגט גאַנץ הויך.

איינמאָל אין אַן אָוונט אין האַרבסט זיינען דער בוכהענד־לער און די צווייטע פידל געזעסן אין אַלטן רעסטאָראַן. אינ־מיטן איז אַריין דער לערער מיט אַ פעקל אונטערן אָרים, איינ־געפּאַקט אין אַ קערבל פון פלאַשן און האָט עס אַריינגעשטעלט אין קעמערל. דער לערער איז געווען אָנגעברוגזט און זייער נערוועז.

— נו, אַלטער בחור, האָט דער בוכהאַלטער אָנגעהויבן שוין אַוודאַי צום הונדערטסטן מאָל, וועסטו שוין אַמאָל חתונה האָבן?

— דער שוואַרציאָר זאָל חתונה האָבן! עס פעלט מיר זאָרגן! און פאַרוואָס האָסטו ניט חתונה? — האָט אים דער לע־רער מדחה געווען.

— אָ, איך האָב דאָך מיין אַלטע סטאַפּע, — האָט געענט־פערט דער בוכהענדלער, וואָס האָט ביי זיך געהאַט אַ סך אָנגע־גרייטע תשובות אויף אַ סך פראַגן.

— און איך האָב גליקלעך חתונה געהאַט, — האָט געזאָגט דער פּאָליאַק. — אָבער מיין ווייב איז שוין טויט. אוהו!

— איז זי טאַקע טויט, — האָט אים דער לערער נאָכגע־קרימט, — און דער הער איז אַן אַלמן, ווי פּאַסט זיך דאָס?

דער פּאָליאַק האָט ניט פאַרשטאַנען דעם דריי, האָט אָבער צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דער לערער האָט זיך אַרומגע־זען, אַז זיינע ביידע פריינד ווערן אים שוין צו לאַסט. דער שמועס

דרייט זיך אייביק און מאַנאָטאָן אַרום דיזעלביקע ענינים. ער האָט שוין אויסווייניק געקענט אַלע תשובות זייערע.

ווען דער לערער איז אַרויס אויף אַ ווײַלע אַרויסנעמען אַ ציגאַר פון זיין מאַנטל, וואָס איז געהאַנגען אין פירהויז, האָט זיך דער בוכהענדלער שנעל אַ כאַפּ געטאָן און אַרויסגעשלעפּט פון קעמערל דעם לערערס פּעקל. ער האָט אויפגעעפנט דאָס פּעקל און פונאַנדערגעוויקלט פאַר אַלעמען אַ טייערע אַמעריקאַנישע נאַכטהעמד. נאָכדעם האָט ער דאָס העמד אויפגעהאַנגען אויפן לערערס שטול.

אוהו! האָט דער פּאָליאַק אויסגערופן און האָט געמאַכט עפּעס אַ מאָדנע מינע, ווי ער וואָלט עפּעס אַ מיאוסע זאַך דערזען.

דער באַלעבאָס, וואָס האָט האָלט געהאַט אַ קאַטאָוועסל, האָט זיך צעלייגט אויפן בופעט-טיש און געלאַכט אויפן קול; דער קעלנער איז געבליבן שטיין און תיכף האָט אַ קעכין אַרויסגערוקט דורך דער קיך-קליאַפּע איר קאָפּ.

ווי דער לערער איז אַריין צוריק און האָט דערזען דאָס קאַטאָוועסל, איז ער געוואָרן בלייך פאַר כעס; ער האָט תיכף חושד געווען דעם בוכהענדלער. ווען ער האָט אָבער דערזען ווי גוסטאַוו שטייט אין אַ ווינקל און לאַכט, איז אים ווידער אַרויף אויפן זינען דער חשד: ער נעמט נקמה! און ניט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער אַ שלעפּ געטאָן דאָס העמד צו זיך, אַ וואָרף געטאָן געלט אויפן בופעט-טיש און איז אַרויס.

פון יענעם טאָג אָן האָט זיך דער לערער מער ניט באַוויזן אין ריינערס רעסטאָראַן. לויט ווי דער בוכהענדלער האָט דערציילט, איז אַ סברא, אַז ער עסט אין אַ רעסטאָראַן פון זיין פּערטל. און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען! אָבער ער איז געווען שטאַרק ניט באַפרידיקט! אמת, די שפּייז איז ניט שלעכט געווען, אָבער עס איז ניט געווען אַזוי צוגעריכט, ווי ער איז עס געוואוינט געווען. די קעלנערס זיינען ניט געווען אויפמערקזאַם ווי געהעריק. אָפּטמאָל האָט ער בדעה געהאַט אומצוקערן זיך צוריק צו ריינערס, אָבער זיין ווערדע האָט עס אים ניט דער-

לויבט. און אָט אַזוי האָט אַ מענטש פאַרלוירן זיין היים. אַ לאַנג־יאָריקע באַקאַנטשאַפט איז אין אַ פּאָר מינוטן געוואָרן צו נישט.

צו האַרבסט צו האָט אים געטראָפן אַ נייער קלאַפּ. מאַמזעל אַווגוסטע האָט באַקומען אין דער פּראָווינץ אַ קליינע ירושה און האָט בדעה געהאַט דעם ערשטן אָקטאָבער צו פאַרלאָזן שטאָקהאָלם. דער לערער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין צימער.

אָבער אַזוי ווי אין ערגעץ האָט אים קיין זאַך ניט באַפרידיקט, האָט ער אַלע חודש געביטן די דירות. אייגנטלעך זיינען די אַלע דירות גאָרניט געווען אַזוי שלעכט, אָבער ס'איז פּאָרט ניט געווען דאָס! ער איז אַזוי געוויינט געווען צו גיין מיט זיינע אַלטע גאַסן, אַז זייער אָפט האָט פּאַסירט, אַז ער האָט זיך פּלוצלונג געפונען פאַר דער טיר פון זיין אַלטער וואוינונג. הקיצור, דער מענטש איז געווען ווי אַ פאַרלאָרענער.

לסוף האָט ער זיך באַזעצט אין אַ פּענסיאָן, הגם ער האָט עס בתּכלית מבוזה געווען און האָט געהאַט עפּעס אַ פּחד דערפאַר. פון דאַן אָן האָבן די באַקאַנטע אים פאַרלאָרן פון אויג.

איינמאָל אינאָוונט—זיצט אַזוי דער פּאָליאַק אין רעסטאָראַן, זיצט, רויכערט, טרינקט, און פאַרזינקט אין געדאַנקענלאָזיקייט, ווי דער מזרח־מענטש. קומט אַריין מיט אַ פאַרסאָפּעטן אימפּעט דער בוכהענדלער, גיט אַ שמיץ מיטן הוט אָן טיש און שרייט אויס:

— צו אַלדע שוואַרצע טייוולאָנישע יאָרן! האָט איר געהערט אַ מעשה?

דער פּאָליאַק האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טאַבאַק־און קאָניאַק־נירוואַנע און האָט געגלאָצט מיט די אויגן.

— צו אַלדע שוואַרצע טייוולאָנישע יאָרן! האָט איר געהערט אַ מעשה? ער האָט תּנאים געשריבן!

— ווער האָט תּנאים געשריבן? — האָט דער פּאָליאַק געפרעגט, גאַנץ איבערגעשראָקן פון דעם שמייסן מיטן הוט און פון די דרייגאָרנדיקע קללות.

— דער לערער בלאָם!

און דער בוכהענדלער האָט פאַרלאַנגט אַ גראָג, אַלס שכר פאַר זיין סאַרוועריי. און דער קעלער־דינער האָט זיך ניט גע־קענט איינהאַלטן, אַ שטעל געטאָן ביים בופעט־טיש און האָט געפרעגט.

— האָט זי געלט? — פרעגט ער מיט אַ מינע פון אַ דורכ־געריבענעם.

— ניין, איך מיין אַז ניט, זאָגט דער בוכהענדלער, מיט אַ מינע פון אַ העלד, וואָס פאַרקויפט זיין סחורה ניט בחצי־חינם.

— איז זי אַ שיינע? — פרעגט דער פּאָליאַק — מיין ווייב איז געווען אַזוי שיין! אוהו!

— ניין, שיין איז זי אויך ניט, אָבער זי זעט גאַנץ פיין אויס!

— האָט איר זי דען געזען? — פרעגט דער באַלעבאָס — איז זי אַלט?

און ער כאַפּט אַ בליק צו דער קיך־קליאַפּע.

— ניין, זי איז יונג!

— און אירע עלטערן? — פרעגט דער באַלעבאָס ווייטער.

— מ׳זאָגט, ער איז אַ מעש־בעל־מלאכה אין ערעביאָ!

— אָט אַ שעלמע! — שמייכלט דער באַלעבאָס.

— אָט דאָס האָב איך דאָך שטענדיק געטענהט, דער מענטש איז געווען ווי געבוירן פאַר חתונה־האָבן, — האָט געזאָגט דער בוכהענדלער.

— דערצו זיינען מיר אַלע געבוירן, — זאָגט דער באַלע־באָס — און גלויבט מיר, יעדערן איז זיין גורל אָנגעחתמעט!

דערמיט ענדיקט ער דעם שמועס און גייט צוריק צום בופעט־טיש.

נאָכדעם ווי מ׳איז געקומען צו אַ החלטה, אַז עס איז ניט קיין חתונה צוליב געלט, האָט מען גענומען מאַכן השערות, „פונ־וואַנען זיי וועלן לעבן". און דער בוכהענדלער פרוּווט זיך אָפּ־שאַצן דעם לערערס געהאַלט „און וויפל ער קען פאַרדינען פון פריוואַט־שטונדן".

און אַז מ׳איז אויך מיט דערדאָזיקער פראַגע געקומען צו אַ באַשלוס, וויל דער באַלעבאָס וויסן אייניקע פּרטים.

— וואו האָט ער זי באַגעגנט? איז זי אַ שוואַרצע אָדער אַ בלאָנדע? האָט זי אים ליב?

די לעצטע פראַגע, מוז מען אָננעמען, איז בגדר היכולת, וואָרעם דער בוכהענדלער „מיינט, אַז יאָ". ווי ער זאָגט, האָט ער זי געזען שטייענדיק פאַר אַ וויטרינע, און זי איז געווען אָנגעהאַנגען אויף זיין אָרעם.

— יאָ, אָבער אַז אַזאַ הילצערנער פּאַרשוין, ווי ער, האָט זיך געקענט פאַרליבן, איז באמת אומגלויבלעך!

— אָבער דערפאַר וועט ער שוין זיין איינמאָל אַ מאַן!

דער באַלעבאָס וויים, וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטענער קפדן ער איז אין ענין עסן, און אַז מ׳האָט חתונה, גייט עס ניט צו אַזוי געשמירט! (ער וואַרפט אַ בליק צו דער קיך־קליאַפּע).

— און אַ חוץ דעם טרינקט ער גערן אינאָוונט אַ גראָג, און אַז מ׳האָט חתונה, קען מען דען יעדן אָוונט טרינקען אַ גראָג? דערצו פאַרטראָגט ער קיין קינדער ניט! און דאָס לאָזט זיך ניט, זאָגט ער שטילערהייט, בנאמנות, עס לאָזט ניט! און דערצו נאָך עפּעס, מיינע הערן (דאָ שטייט ער אויף, קוקט זיך אַרום און רעדט ווייטער שטילערהייט), ס׳אסברא, כאַפּט מיך דער טייוול, אַז ער האָט געהאַט עפּעס אַ פאַרהעלטעניש מיט אַ פרוי, אָט דער אַלטער חונף. איר דערמאָנט זיך מיינע הערן יענעם אָוונט — כי־כי־כי־כי־כי — מיט דעם נאַכטהעמד? ער האָט עס שוין פאַרוועגדט ווי געהעריק צו זיין. פרוי בלאָם, האַלט די אויגן אָפן! אָבער, שאַ, איך האָב גאָרניט געזאָגט, חלילה!

אַ פאַקט איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער לערער האָט געמאַכט אַ תנאים און האַלט אין צוויי חדשים אַרום ביי חתונה האָבן.

דער סוף פון דער מעשה געהערט ניט אַהער. און אַ חוץ דעם איז טאַקע שווער צו וויסן, וואָס עס קומט פאַר הינטער די היימישע מאָנאַסטיר־ווענט, אויב דער נדר פון שווייגן ווערט באמת אָפּגעהיט.

איין זאַך איז נאָר געווען זיכער, אַז זינט יענער צייט, זעט מען שוין קיינמאָל דעם לערער אין אַ רעסטאָראַן ניט.

ווען דער בוכהענדלער האָט אים איינמאָל אָנגעטראָפן אין גאַס, האָט ער געמוזט אויסהערן פון אים אַ לאַנגע מוסר־דרשה, וואָס ער האָט ניט חתונה. דער לערער טרעט איצט שאַרף אַרויס קעגן די בחורים, וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, פשוטע עגאָאיסטן. אויף די דאָזיקע ליידיקגייער מוז מען אַרויפלייגן אַ הויכן שטייער, וואָרעם אַלע אומדירעקטע שטייערן טרעפן לרוב דעם באַווייבטן. ער האָט אַפילו די מאָס אַריבערגעכאַפּט און געזאָגט, אַז דער בחור־צושטאַנד מוז דורכן געזעץ באַשטראָפט ווערן „ווי אַ חטא קעגן דער נאַטור״.

דער בוכהענדלער, וואָס האָט געהאַט אַ גוטן זכרון, האָט אַרויסגעזאָגט זיין ספק, אויב עס איז כדאַי צו פאַרבינדן זיך אויפן גאַנצן לעבן מיט אַ נאַרישער „גאַנז״. דערויף האָט דער לערער געענטפערט, אַז ז י י ן ווייב איז די אינטעליגענטסטע פרוי, וואָס איז אים ווען אויסגעקומען צו טרעפן אין לעבן.

אין צוויי יאָר אַרום האָט דער פּאָליאַק געטראָפן דעם לע־רער מיט זיין פרוי אין טעאַטער. ער האָט געפונען, „אַז זיי האָבן זייער גליקלעך אויסגעזען, אוהו״!

אין דריי יאָר אַרום האָט דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן אין יאָהאַנעסטאַג געמאַכט אַן אויספלוג. דאָרט האָט ער אָנגע־טראָפן דעם לערער ווי ער פירט מיט איין האַנט אַ קינדער־ווע־געלע, און אין דער אַנדערער טראָגט ער אַ קאָרב מיט עסנוואַרג. נאָך אים האָט זיך געשלעפּט אַ גאַנצער קאַראַוואַן מיט הערן און דאַמען, וואָס „האָבן געהאַט אַ דאָרפישן אויסזען״. דער לערער האָט נאָכן מיטאָג געזונגען לידער און האָט געשפּרונגען ווי אַ באָק מיט די קינדער. אויפן פנים איז ער געווען אויף צען יאָר יינגער און איז געווען זייער העפלעך, ווי אַן אמתער קאַוואַליער מיט די דאַמען.

דער באַלעבאָס, וואָס איז געווען גאָרניט ווייט פון דער געזעלשאַפט, האָט ביי מיטאָג צוגעהערט אַ שמועס צווישן דעם לערער בלאָם מיט זיין ווייב. ווען די ווייב זיינע האָט

אַרויסגענומען אַ שיסל ראַקעס, האָט זי געבעטן דעם לערער, ער זאָל קיין פּאַראיבל ניט האָבן, וואָרעם איר איז גאַנץ אוממעגלעך געווען צו קריגן ווייבלעכע ראַקעס, ניט קוקנדיק דערויף וואָס זי האָט אויסגעמעקירט דעם גאַנצן מאַרק. דער לערער האָט אַרומגענומען זיין ווייב ביי דער טאַליע, האָט זי געקושט און געזאָגט, אַז ער עסט פּונקט אַזוי גערן מענלעכע ראַקעס ווי ווייבלעכע און איז גאַנץ צופרידן. אַז דאָס קינד אין וועגעלע האָט אָנגעהויבן וויינען, האָט עס דער לערער גענומען אויף די הענט און אַזוי לאַנג געהאָטשקעט ביז דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט.

— יאָ, דאָס זיינען דאָך אַלץ נאָר קלייניקייטן, ווי אַזוי אָבער די מענטשן קומען אויס מיט אַ פֿאַמיליע, בשעת אין דער בחור־צייט האָט זיי קוים געקלעקט אויף דורכצולעבן אַ טאָג, איז באמת אַ רעטעניש. אַפּנים אָבער, אַז די קינדער ברענגען מיט זיך אויף דער וועלט אויך זייער עסן, אַזאַ פּנים האָט עס!

## ע ר ז אַ ץ.

אין זיין צייט האָט מען אים אין דער אוניווערסיטעט גע־האַלטן פאַר אַן עילוי, און עס איז ביי קיינעם גאָר קיין ספק ניט געווען, אַז פון אים וועט עפּעס גוואַלטיקס אויסוואַקסן. דערווייל אָבער האָט ער געמוזט אַלס קאַנדידאַט־יוריסט פאָרן קיין שטאָק־האָלם, צו זוכן פאַר זיך עפּעס אַ שטעלע. זיין דאָקטאָר־דיסער־טאַציע האָט ער אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. תאווה צו כבוד האָט ער געהאַט געענוג, אָבער קיין גראָשן ביי לייב און לעבן. דער־פאַר האָט ער באַשלאָסן צו חתונה האָבן רייך און מיט יחוס. און טאַקע דעריבער האָט ער נאָך אין אופּסאַלע אין דער אוני־ווערסיטעט און שפּעטער אין דער הויפּטשטאָט שטאָקהאָלם זיך געחברט נאָר מיט דער אַריסטאָקראַטיע. אין אופּסאַלע האָט ער ווי אַן עלטערער סטודענט תמיד געטרונקען „ברודערשאַפט" מיט די ניי־אָנגעקומענע פּריצישע זין, ביי וועמען עס איז געווען אַ כבוד באַקאַנט צו ווערן מיט אַן עלטערן היימישן סטודענט. אויף אַזאַ אויפן האָט ער זיך דערוואָרבן „עס"־פריינדשאַפטן, און נאָכדעם איז ער צו זומער־צייט תמיד פאַרבעטן געוואָרן אויפן שלאָס צו די עלטערן.

דאָרט איז געווען זיין „יאַגד"־פּלאַץ. ער האָט פאַר־מאָגט אַלערליי טאַלאַנטן צו פריילעך מאַכן אַ געזעלשאַפט: האָט געזונגען, געשפּילט און איז געווען אַ פיינער שמועסער מיט דאַ־מען. דעריבער איז ער אומעטום געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. ער האָט זיך געקליידט עלעגאַנט, גאָרניט נאָך זיינע מיטלען, אָבער קיין געלט האָט ער קיינמאָל ביי די אַריסטאָקראַטן אָדער פריינד ניט געליען, ער האָט אַפילו געקויפט אַ פּאָר ווערטלאָזע

אַקציעס, און ביי געלעגנהייט ניט פאַרגעסן צו דערציילן, אַז ער מוז זיין אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג.

צוויי זומערס האָט ער זיך געשאַרט אַרום אַ פּריצישע מיידל, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ביסל ערד, און מ׳האָט שוין שטאַרק גערעדט פון זיינע גוטע שאַנסן. ערשט פּלוצלונג איז ער פאַרשוואונדן פון דעם מיוחסדיקן האָריזאָנט און האָט זיך פאַרקנסט מיט עפּעס אַן אָרימע מיידל, וואָס איר טאַטע איז געווען אַ באָנדער, גאָר אָן אַ ברעקל ערד־באַזיץ.

די פריינד זיינע האָבן גאָרניט געקענט משיג זיין, ווי אַזוי ער אַליין האָט זיך דעם וועג פאַרשטעלט. ער האָט זיך דאָך דעם וועג פריער אַזוי גוט אויסגעפּלאַסטערט, נאָר נעם און פאָר; עס איז דאָך שוין אַלץ גרייט געווען צום טיש, נאָר נעם און עס. יאָ, ער האָט עס באמת אַליין ניט גוט תּופס געווען, ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פאַסירן, אַז אַ קליין מיידלש פּנימל, וואָס ער האָט איינמאָל געטראָפן אויפן דאַמפער, האָט אַלע זיינע לאַנגיאָריקע פּלענער צו נישט געמאַכט. ער איז געווען פאַרכּישופט, געכאַפּט.

ער האָט זיינע פריינד געפרעגט, צי געפינען זיי ניט, אַז זי איז שיין.

ניין, דעם אמת זאָגנדיק, געפינען זיי דאָס ניט.

— אָבער, ווי אינטעליגענט זי איז! קוקט איר נאָר אַריין אין די אויגן, ווי זי רײדן!

די פריינד האָבן ניט געזען און נאָך ווייניקער געהערט, וואָרעם די מיידל האָט קיינמאָל קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

אָבער ער האָט קיינמאָל קיין אָוונט ניט דורכגעלאָזן, ער זאָל ניט זיין ביים באָנדער אין הויז; אָ דאָס איז אַ אינטעליגענטער מענטש! ער איז געלעגן אויף די קני און צוגעהאַלטן דעם פאָדעם, וואָס זי האָט געהעקלט, פּונקט ווי ער האָט עס אַמאָל געטאָן אין די זומערשלעסער. ער האָט פאַר איר געזונגען, געשפּילט, גערעדט איבער טעאַטער און רעליגיע; און אין אירע טיפע אויגן האָט ער תּמיד געפונען אַ גוטע תּשובה. ער האָט צו־

איר געווידמעט לידער, און ער האָט פאַר אירע פיס געלייגט אַלע זיינע כבוד־חלומות, און אויך זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע.

און נאָכדעם האָט ער חתונה געהאַט.

דער באָנדער האָט געכאַפּט אַ צו־גרויסע כוסע אויף דער חתונה און האָט געהאַלטן אַן אומאָנשטענדיקע רעדע איבער מיידלעך.

דער איידים אָבער האָט דערין געזען אַזויפיל פּשוטקייט, אַזויפיל פיינקייט, אַז ער האָט אים נאָך צוגעגעבן חשק, אָנ־שטאָט אים אַיינצושטילן. ער האָט זיך אַזוי גוט געפילט צווישן אָט די פּשוטע מענטשן! צווישן זיי האָט ער אַליין אויך געקענט זיין פּשוט.

— אָט דאָס איז די ליבע, האָבן די פריינד געזאָגט, אַ מאָדנע וואונדערלעכע זאַך איז אָט די ליבע!

און אַזוי איז שוין נאָך דער חתונה. איין חודש, צוויי חדשים, און ער איז געווען גליקלעך־איבערגליקלעך. די אָוונטן האָבן זיי פאַרבראַכט אינאיינעם און ער האָט ווידער געזונגען פון דער „רויז אין וואַלד", איר ליבלינגס־ליד. ער האָט גערעדט איבער טעאַטער און רעליגיע, און זי איז דערביי געזעסן און זיך צוגעהערט מיט כוונה. אָבער זי אַליין האָט גאָרניט גערעדט, זי האָט אין אַלץ מסכים געווען מיט אים און האָט געהעקלט קאַפּעס.

צום דריטן חודש האָט זיך ביי אים ווידער אָפּגערופן דער אַלטער הרגל צו כאַפּן אַ דרעמל נאָך מיטאָג. די ווייב האָט גע־וואָלט זיצן ביי אים, וואָרעם עס איז איר שווער געווען אַליין צו זיין. דאָס האָט אים אָבער געשטערט, ווייל ער האָט געהאַט אַ גרויסע באַדערפעניש צו בלייבן אַליין מיט זיינע געדאַנקען.

אָפּטמאָל פלעגט זי צו מיטאָג אים אַרויס אַנטקעגן; און פלעגט זייער שטאָלץ זיין, ווען ער פלעגט פאַרלאָזן זיינע חברים און אַריבערגיין צו איר. און זי פלעגט אים ברענגען מיט נצחון אַהיים; ער איז געווען איר מאַן!

אויפן פערטן חודש האָט אים שוין אַ ביסל דערעסן צו

זינגען איר ליבלינגסליד. עס איז שוין אַזוי אָפּגעניצט! האָט ער געלייענט אַ בוך און מ׳איז ביידע שטיל געזעסן.

איינמאָל אין אָוונט האָט ער געמוזט אַוועק אויף אַ זיצונג, וואָס האָט זיך געזאָלט ענדיקן מיט אַ באַנקעט. דאָס איז געווען דער ערשטער אָוונט, וואָס ער איז ניט געווען אינדערהיים. די ווייב האָט געמוזט פאַרבעטן צו זיך אירע אַ פריינדין, און לייגן זיך וואָס פריער שלאָפן, ווייל ער וועט ערשט שפּעט אין דער נאַכט אַהיים קומען.

די פריינדין איז געקומען און איז ניין אַזייגער צוריק אַוועק. די פרוי האָט זיך געזעצט אין סאַלאָן אָפּוואַרטן דעם מאַן, וואָרעם זי האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט לייגן איידער ער וועט אַהיים קומען. זי האָט קיין רו ניט געהאַט.

איז זי אַזוי געזעסן אַליין אין דער וואוינונג. וואָס האָט זי געקענט טאָן? די דינסטמיידל איז אַוועק שלאָפן, און אין שטוב איז געוואָרן שטיל. ס׳האָט זיך נאָר געהערט דער כסדרדיקער טיק־טאַק פון וואַנט־זייגער. ס׳איז ערשט געווען אַ זייגער צען און זי איז שוין מיד געוואָרן צו העקלען די דעקע און האָט עס אַוועקגעלייגט פון האַנט. זי האָט אַרומגעבלאָנקט אַהין און אַהער, אַ ביסל אויפגערעגט און נערוועז.

— אָט אַזוי איז דאָס, ווען מ׳האָט חתונה! מ׳ווערט אַרויס־געריסן פון דער אייגענער סביבה, אַריינגעזעצט אין דריי צימערן און וואַרט ביז דער מאַן וועט קומען האַלב שיכור אַהיים. אָבער ער האָט דאָך מיך ליב, ער מוז דאָך פאָרט זיין דאָרט, וואו די געשעפטן פאָדערן דאָס פון אים. נאָר אַ נאַר ווי איך קען אַזאַ זאַך ניט פאַרשטיין. ווער ווייס אָבער, צי האָט ער מיך נאָך ליב? אָט האָט ער זיך דאָך אָפּגעזאָגט די טעג צוצוהאַלטן דעם פאָדים, ווי ער האָט עס פריער, פאַר דער חתונה, אַזוי גערן גע־טאָן. האָט ער נעכטן ניט אויסגעזען אָנגעברוגזט, בשעת איך בין אים געקומען אַנטקעגן צו מיטאָג־צייט? און אַז ער האָט היינטיקן אָוונט אַ זיצונג, מוז ער דאָך ביים באַנקעט ניט בלייבן!

ס׳איז געווען האַלב עלף אַ זייגער, ווען זי איז מיטן דאָזיקן ערשטן עקזאַמען פאַרטיק געוואָרן. זי האָט זיך נאָר געחידושט ווי אַזוי

זיינען איר אָט די געדאַנקען נאָך פריער ניט אַרויף אויפן זינען. און זי האָט ווידער אַרויסגערופן אין געדאַנק אַלע יענע טונקעלע מחשבות. אָבער איצט האָבן זיי זיך אָנגערוקט געדיכטער און שוואַרצער. ער רעדט דאָך שוין מיט מיר ניט מערער. ער האָט פשוט געלייַגט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל כאַפּן אַ דרעמל נאָך מיטאָג. אין אמתן אָבער האָט ער גאָר געלייענט אַ פראַנצויזישן ראָמאַן!

ער האָט זי אָפּגענאַרט!

עס איז שוין געווען האַלב צוועלף אַ זייגער, די שטילקייט אַרום איר האָט זי געשראָקן. זי האָט געעפנט דאָס פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין. דאָרט אונטן זיינען געשטאַנען צוויי מאַנספּאַרשוין און האָבן פאַרהאַנדלט מיט צוויי מיידלעך. יע, אָט אַזוי זיינען די מענער! און ווען ער וואָלט אויך אַזוי געטאָן? דאַמאָלסט בלייבט פאַר איר נאָר איין אויסגאַנג: פון בריק און אין וואַסער!

זי האָט צוגעמאַכט די פענסטער און האָט אָנגעצונדן די לאָמפּ אין שלאָפצימער. ער האָט אַמאָל, ביי אינטימע מינוטן, געזאָגט, אַז מ׳דאַרף זען מיט די אויגן, וואָס מען טוט. אַלץ אין שלאָפצימער האָט נאָך געבורלויעט. די גרינע דעקע אויף דער בעט האָט אויסגעזען, ווי אַן אָפּגעשניטענע לאָנקע, און די קליינע ווייסע קישנס ווי יונגע קעצעלעך אין גראָז. די פּאָליטור פון איר טואַלעטן-טישל האָט געלויכטן; די גלאָז-פּלאַטע האָט נאָך ניט געהאַט יענע מיאוסע פלעקן, וואָס עס באַקומט פון שפּריצנדיקן וואַסער. דאָס זילבער אויף דער האָר-באַרשט, אויף דעם פּודער-קעסטעלע, אויף דעם צאָן-בערשטל, אַלץ האָט נאָך געבלאַנקט. אירע פּאַנטאָפל, דאָרט אונטערן בעט, זיינען נאָך געווען אַזוי שיין און ניי, אַזוי ווי מ׳וואָלט זיי נאָך גאָרניט אָנגעטאָן. אַלץ איז געווען פריש, אָבער דאָך שוין אַלט. זי האָט אויפן קאָפּ אַלע זיינע לידער, אַלע זיינע סאַלאָן-געזאַנגען, אַלע ווערטער זיינע, אַלע געדאַנקען זיינע. זי האָט גענוי געוואוסט, וואָס ער וועט זאָגן, בעת ער זעצט זיך צום מיטאָג, אַלץ וואָס ער וועט זאָגן, בשעת זיי בלייבן אַליין ביינאַכט.

דאָס האָט איר שוין אַלץ דערציילט. האָט זי אים ליב גע־האַט? אַוודאי האָט זי אים ליב געהאַט! אָבער צי איז דאָס שוין אַלץ, אַלע חלומות פון איר יוגנט? וועט שוין אַזוי דאָס לעבן בלייבן? יאָ! אָבער, אָבער זיי וועלן דאָך מסתמא אַ קינד האָבן. אַוודאי, אָבער ס׳איז נאָך גאָר קיין סימן ניטאָ! דעמאָלט וואָלט זי שוין מערניט געווען אַליין! און דאַמאָלסט זאָל ער זיך גיין ווען און וואו ער וויל; זי וואָלט דאָך שוין געהאַט עמיצן, מיט וועמען צו פאַרנעמען זיך. אפשר איז דער חסרון, וואָס עס איז ניטאָ קיין קינד. און אַפנים, אַז אַ מענטש האָט חתונה טאַקע צו־ליב עפּעס אַנדערש, ווי צו האָבן אַ געזעצלעכע געליבטע. מיגלעך! אָבער ליב האָבן מוז ער זי דאָך, און גראָד די ליבע איז ניטאָ! און זי האָט זיך צעוויינט.

ווען דער מאַן איז איינס אַ זייגער געקומען אַהיים, איז ער כּלל ניט געווען שיכּור. נאָר ער איז כּמעט ביין געוואָרן, ווען ער האָט דערזען ווי זי זיצט נאָך.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געלייגט שלאָפן? — איז גע־ווען זיין ערשטער ברוך־הבּא.

— ווי אַזוי קען איך זיך באַרואיקן, אַז איך וואַרט אויף דיר?

— נו, דאָס קען דאָך גאָר פיין ווערן! טאָר איך שוין בכלל מער ניט אַרויסגיין! עפּעס שיינט מיר אַזוי ווי דו האָסט אויך געוויינט!

— יאָ, אמת, איך האָב געוויינט, איך האָב געמוזט וויינען, וואָרעם דו—האָסט—דאָך מיך—שוין מער—ניט ליב!

— דערפאַר, מחמת איך מוז געשעפטלעך אַוועקגיין, האָב איך דיך שוין מערניט ליב?

— אַ באַנקעטל איז ניט קיין געשעפט!

— אָט האָסטו דיר, בכן קען מען שוין איבערהויפּט קיינ־מאָל ניט אַרויס. די ווייבער זיינען באמת שוין צו לעסטיק.

— לעסטיק? יאָ, איך האָב דאָס טאַקע נעכטן צו מיטאָג געזען, ווען איך בין דיר אַנטקעגן געגאַנגען. אָבער מער וועל איך דיר שוין ניט גיין איבערנעמען.

— אָבער, קינד מיינס, ווען איך גיי מיט מיין שעף...

— הו־הו־הו!

זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, און איר גאַנצער קערפּער האָט געצוקט.

ער האָט געמוזט רופן די דינסטמיידל, זי זאָל איר צולייגן אַ וואַרימע פלאַש וואַסער.

און ער האָט זיך אויך צעוויינט! מיט הייסע טרערן! ער האָט זיך אַליין באַוויינט, זיין האַרטקייט, זיין שלעכטקייט, זיינע אילוזיעס, אַלץ, אַלץ!

אָבער דאָס זיינען דאָך געווען עפּעס מער ווי חלומות: ער האָט דאָך זי ליב געהאַט! האָט ער זי ניט ליב געהאַט? און זי האָט דאָך טאַקע געזאָגט, אַז זי האָט אים ווידער ליב, ווען ער איז איצטער ביי דער סאָפע געשטאַנען פאַר איר אויף די קני און געקושט אירע אויגן. אַוודאי, זיי האָבן זיך האָלט! נישט־מער, אַ וואָלקן איז איבער זיי אַריבער! מיאוסע מחשבות, וואָס קריכן דעם מענטשן אין קאָפּ אַריין אין מינוטן פון איינזאַמקייט. זי וויל מער ניט, מער שוין קיינמאָל ניט בלייבן אַליין. און זיי זיינען אַרומגענומענע איינגעשלאָפן, און אַ שמייכל האָט ווידער באַשיינט איר פנים.

אויף מאָרגן אָבער איז זי אים ניט געגאַנגען אַנטקעגן. און צו־מיטאָג האָט ער גאָרניט נאָכגעפרעגט ווענן דעם. ער האָט אַ סך גערעדט, אָבער מערניט סתם צוליבן ריידן; ס'האָט זיך געדוכט, אַזוי ווי ער רעדט מיט זיך אַליין.

אינאָוונט האָבן זיי ביידע פאַרבראַכט אין דער היים און ער האָט איר דערציילט לאַנג און ברייט וועגן לעבן אויף דעם שלאָס סיעסטאָהאָלם, וואָס די יונגע דאַמען האָבן געזאָגט צום באַראָן, און ווי מ'האָט גערופן די פערד פון גראַף מיט די נעמען. און אויפן צווייטן טאָג האָט ער מיט איר גערעדט ווענן זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע.

איינמאָל צו מיטאָג איז ער געקומען זייער אַ פאַרמאַטער־טער אַהיים. זי איז געזעסן אין סאַלאָן און האָט אויף אים גע־וואַרט. איר קנויל פאָדים איז אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל. און אַז

ער איז גראָד פאַרביי געגאַנגען, האָט זיך דאָס פאָדים אַרומגע־וויקלט אַרום זיין פוס. די דעקע רייסט זיך אַרויס פון איר האַנט און ער שלעפּט זי מיט נאָך זיך; דערביי ווערט ער בייז און שליידערט פון זיך אָפּ מיטן פוס דעם קנויל־פאָדים.

זי טרעט אַרויס מיט שאַרפע ווערטער קעגן זיין גראָבקייט.

און ער ענטפערט: ער האָט קיין צייט ניט אָפּצוגעבן זיך מיט אירע שמאַטעס, און עס וואָלט גאָרניט געשאַדט, ווען זי פאַרנעמט זיך מיט עפּעס ניצלעכערס. ער מוז טראַכטן מכוח זיין דיסערטאַציע, אויב ער וויל פאַר זיך אַ תּכלית שאַפן. זיי מוזן דעריבער גאַנץ שטאַרק טראַכטן אַ ביסל שפּאָרעוודיקער צו לעבן.

אָט צו וואָס עס איז דערגאַנגען!

דעם צווייטן טאָג איז די יונגע דאַמע געזעסן מיט פאַר־וויינטע אויגן און האָט געמאַכט אַ זאָק פאַר איר מאַן. קומט ער און זאָגט איר, אַז מאַשינאָווע זאָקן צו קויפן איז אַ סך וועלוועלער. האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. וואָס זאָל זי טאָן? די דינסטמיידל מאַכט די גאַנצע אַרבעט אין שטוב, אין קיך איז פאַר אַ צווייטן קיין אַרבעט ניטאָ. די צימערן ראַמט זי אַליין אויף. וויל ער, אפשר, זי זאָל אָפּזאָגן די דינסטמיידל?

— ניין, ניין!

— נו, בכן, וואָס וויל ער פון איר?

— ער קען דאָס ניט זאָגן גענוי, אָבער עפּעס איז ביי אים אָן אַ ספק ניט כשורה. די באַלעבאַטישקייט קאָסט צו טייער. דאָס איז אַלץ. לאַנג קען דאָס אַזוי ניט דויערן ווייטער, ער וועט קיינמאָל ניט קומען דערצו, ער זאָל קענען אַרבעטן אויף זיין דיסערטאַציע.

מ׳וויינט, מ׳קושט זיך, און מ׳בעט זיך שטאַרק איבער!

אָבער פון איצטער האָט ער אָנגעהויבן עטלעכע אָוונטן אין דער וואָך אַרויסצוגיין. געשעפטן! אַ מענטש מוז זיך לאָזן זען צווישן לייטן. אַזוי פירט זיך די וועלט, אַז ניט ווערט מען פאַרגעסן.

אָ, די לאַנגע, לאַנגע אָוונטן! איצט אָבער פלעגט זי זיך ליגן אין בעט און האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיק, בעת דער מאַן פלעגט קומען אַהיים.

---

עס איז אַריבער אַ יאָר, נאָר פון אַ קינד איז נאָך קיין סימן ניט געווען. דער מאַן האָט געטראַכט: עס איז דאָך גאַנץ ענלעך צו אַ קורצער פאַרהעלטעניש, וואָס איך האָב אַ מאָל געהאַט מיט אַ פרוי, דער חילוק איז נאָר, וואָס די איצטיקע איז לאַנגווייליקער און טייערער. די שמועסן האָבן אויפגעהערט און געבליבן זיינען פוסטע רייד מכוח די שטוב-ענינים. זי איז פשוט אַ נאַר — האָט ער געטראַכט. אין אמתן הער איך זיך דאָך נאָר אַליין צו צו מיינע ווערטער, בעת איך רייד, און די טיפקייט אין אירע אויגן קומט דאָך נאָר דערפון, וואָס זי האָט גרויסע פופילן, אַזוינע אומגעוויינלעך, גרויסע פופילן.

ער האָט מיט איר איצטער שוין אָפן גערעדט פון זיין אַמאָליקער ליבע, ווי וועגן עפּעס, וואָס איז שוין ניטאָ. דערביי האָט ער געפילט ווי אַ שטאָך אין האַרצן, ווי עפּעס וואָס באַאומרואיקט אומבררחמנותדיק, וואָס קען קיינמאָל ניט אָפשטאַרבן אינגאַנצן.

און אָפטמאָל האָט ער צו זיך אַליין גערעדט:

אַלץ אויף דער ערד שטייט אונטער דער שליטה פון אַלטקייט. פאַרוואָס זאָל עפּעס איר ליבלינגס-ליד אייביק געווערן? האָט מען עס דריי הונדערט פינף-און-זעכציק מאָל געהערט, איז דאָס שוין אָפּגעניצט; מ'קען דאָ גאָרניט העלפן. אָבער צי איז מיין ווייב גערעכט, ווען זי דרינגט דערפון אַרויס, אַז אויך מיט דער ליבע איז אַן עק? ניין, און אפשר יאָ! איז דאָס אפשר ניט מער ווי אַ קאָנקובינאַט? יאָ, עס איז אַזוי, וואָרעם קיין קינדער האָבן מיר דאָך ניט!

איינמאָל האָט ער זיך אַנטשלאָסן צו ריידן מכוח דעם מיט אַ באַוויבטן קאָלעגע. זיי זיינען טאַקע ביידע געווען חברים פון דעם פריימוי־ערער־אָרדן פאַר באַווייבטע.

— ווי לאַנג איז נאָך דיין חתונה?

— זעקס יאָר!

— געפינסטו ניט אַרויס, אַז דאָס חתונה האָבן איז לאַנג־ווייליק.

— אין אָנהייב איז טאַקע געווען אַ ביסל לאַנגווייליק; נאָכדעם אָבער ווי עס זיינען געקומען קינדער, איז ווידער אַ ביסל פריילעכער געוואָרן.

— אַזוי, וואָס איך הער? ס'איז עפּעס מערקווירדיק וואָס איך האָב קיין קינדער ניט.

— דו ביסט דאָ גאָרניט שולדיק; מ'קען אָבער פאַרריכטן. שיק דיין ווייב צום דאָקטאָר!

ער האָט עס פאַרטרויט דער ווייב, און זי איז אַוועק צום דאָקטאָר.

זעקס וואָכן שפּעטער—און זיי זיינען דערפרייט געוואָרן.

איצטער האָט זיך אָנגעהויבן אין שטוב אַן אַנדער לעבן. אָ, וויפל אַרבעט דערביי איז געווען. אין סאַלאָן אויפן טיש זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן קינדער־קליידלעך, וועלכע מ'האָט באַהאַלטן אונטערן אַלבאָם, בעת עמיצער איז אַריין. און מ'האָט זיי ווידער אַרויסגענומען, נאָכדעם ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נאָר „ער" געווען. דערצו האָט מען געמוזט צוטראַכטן אַ נאָמען פאַר אים. וואָרעם אַ יינגל מוז עס דאָך זיין. און מ'האָט אויך געמוזט אָפט דעם דאָקטאָר צו דער פרוי רופן, און מעדיצינישע ביכער קויפן, און אַ וויגעלע און בעטגעוואַנט.

מזל־טוב, ס'איז דאָ אַ קינד! און דערצו טאַקע אַ יינגל!

אַז ער האָט דערזען „דעם קליינעם פּאַוויאַן וואָס האָט געשמעקט מיט פּוטער", ווי ער ליגט ביי די בריסט, וועלכע זיינען ביז אַהער געווען פאַר אים נאָר אַ שפּילצייג, האָט ער דערזען אין דער קליינער פרוי די מוטער פון זיין קינד. און אַז ער האָט געזען ווי די גרויסע פּופּילן פון דער ווייבס אויגן האָבן טיף אָנגעקוקט דאָס קינד, ווי זיי וואָלטן דורכגעדרונגען ביז אין זיין צוקונפט אַריין, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אָט אין די אויגן איז דאָך פאַרהאַן עפּעס טיפעס. יאָ, דאָס איז געווען נאָך

טיפער ווי זיין טעאַטער און רעליגיע האָבן דאָס געקענט פאַר־שטיין. און איצט ערשט האָט ווידער אויפגעפלאַמט דאָס אַלטע געפיל, דאָס געפיל פון ליבע, פון דער אַלטער ליבע, און נאָך מיט עפּעס אַ צוגאָב דערצו, וואָס ער האָט שטענדיק פּאָראויסגע־פילט, אָבער קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען ווי געהעריק.

ווי שיין זי איז געווען, ווען זי איז אַראָפּ פון בעט. און ווי קלוג אין אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום קינד.

און ער האָט זיך דערפילט פאַר אַ מאַן, און אָנשטאָט צו ריידן פון דעם גראַפּס פערד און דעם קראָקעט־שפּיל פון באַראָן, האָט ער איצט כמעט שוין צופיל גערעדט פון זיין זון.

און איצט, בעת ער פלעגט אַמאָל אַרויסגיין אינאָוונט פון שטוב, פלעגט ער בענקען אַהיים; ניט ווייל זיין ווייב איז דאָרט געזעסן ווי אַ בייז געוויסן און האָט געוואַרט אויף אים, נאָר ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זי איז ניט געווען אַליין. און אַז ער איז אַהיים געקומען, זיינען זיי שוין געשלאָפן, ביידע, זי און דאָס קינד. ער האָט געקענט כמעט אייפערזיכטיק ווערן צום קליינעם, וואָרעם עס איז דאָך פּאָרט עפּעס אַזוי גוט, ווען דו ווייסט, אַז מ׳זיצט און מ׳וואַרט אויף דיר מיט בענקשאַפט.

— נו, איצטער האָט ער שוין געמעגט כאַפּן אַ דרעמל נאָכמיטאָג. און אַז דער טאַטע איז אַוועק, איז דאָס קלאַוויר ווידער געעפנט געוואָרן און זי האָט געזונגען איר ליבלינגסליד פון „דער רויז אין וואַלד". וואָרעם פאַר האַראָלדן איז דאָס גע־ווען גאָר אַ נייע זאַך, און עס איז אויך שפּאָגל־ניי געוואָרן פאַר לאַאורען, וועלכע האָט עס שוין לאַנג ניט געהערט.

צו העקלען איז שוין מער קיין צייט ניט געווען, נאָר דע־קעס זיינען אין שטוב געווען איבערגענוג. אָבער אויך פאַר דער דיסערטאַציע האָט ער קיין צייט ניט געהאַט.

— די דיסערטאַציע וועט שוין שרייבן האַראָלד, האָט דער טאַטע געזאָגט. וואָרעם ער האָט איצט געוואוסט, אַז זיין לעבן וועט זיך ניט אויסלאָזן, הגם עס גייט דאָך צום סוף.

אָפט זיינען זיי איצט אין די אָוונטס געזעסן אינאיינעם און

געשמועסט; איצטער האָבן זיי שוין ביידע גערעדט, וואָרעם איצט האָט זי שוין פאַרשטאַנען דעם געשפּרעך.

זי איז זיך מודה, אַז זי איז אַ פּשוטער מענטש, וואָס פאַרשטייט ווייניק פון טעאַטער און רעליגיע. זי האָט עס אים שוין ניט איינמאָל געזאָגט, הגם ער האָט עס ניט געוואָלט אָננעמען פאַר אמת.

און דווקא איצט האָט ער עס ערשט ניט געוואָלט אָננעמען פאַר אַן אמת.

און זיי האָבן געזונגען זייער ליבלינגס־ליד און האַראָלד האָט געהאָלפן שרייען און זיי האָבן געטאַנצט נאָך דער מעלאָדיע, געוויגט מיט איר דאָס קינד, און דאָס ליד איז פונדעסטוועגן ניט אָפּגעניצט געוואָרן!

---

# ס י כ ס ו כ י ם.

די אויגן האָבן זיך בײַ אים געעפנט צו זען, אַז די וועלט איז אַן עולם הָפוך, אָבער עס האָט אים געפעלט דער כּוח דורכ־צודרינגען די טונקלקייט ביז צו דער סיבה, פאַרוואָס זי איז אַזאַ פאַרקערטע; דעריבער איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ יאוש, און איז געוואָרן, וואָס מ'רופט, אַ מענטש מיט „אַ צעריסענער נשמה". האָט עס פּאַסירט, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, וואָס האָט נאָכדעם חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן. ער האָט זיך באַ־קלאָגט פאַר זײַנע פריינד אויף זײַן מזל, אָבער יענע האָבן פון אים חוזק געמאַכט. און אָט אַזוי איז ער ווייטער בעגאַנגען זײַן וועג אַן „אומפאַרשטאַנענער". ער האָט געהערט צום העכערן „קרייז" און האָט זיך באַטייליקט אין אַלע זײַנע שמחות, וואָס האָבן אים צעשטרייט; אין תּוך אָבער האָט ער אויף די אַלע תּענוגים געקוקט מיט פאַראַכטונג, און האָט עס אויך פון קיינעם ניט באַהאַלטן.

איינמאָל אין אַן אָוונט איז ער געווען אויף אַ באַל. ער האָט געטאַנצט מיט אַ יונגער מיידל, אַ גרויסע פאַרשוין, און זייער אַ לעבעדיקע. אַז דער וואַלס האָט זיך געענדיקט, האָט ער זי אָפּגעשטעלט בײַ אַ וואַנט. ער האָט געמוזט מיט איר ריידן, האָט אָבער ניט געוואוסט פון וואָס מ'הייבט אָן. לסוף האָט די מיידל איבערגעריסן דאָס שווייגן און האָט געזאָגט מיט אַ האַרטן שמייכל:

— איר טאַנצט, ווי עס שיינט, זייער גערן, הער באַראָן?

— ניין, לגמרי ניט! — האָט ער געענטפערט. — און איר?

— קיין זאַך איז מיר ניט אַזוי מיאוס, ווי דאָס, — האָט זי געענטפערט.

ער האָט געפונען זיין אמתן זיווג.

— טאָ פאַרוואָס טאַנצט איר אייגנטלעך?

— צוליב דעם אייגענעם טעם ווי איר, — האָט זי געענטפערט.

— קענט איר דען מיינע געדאַנקען? — האָט זי געפרעגט.

— דאָס איז גאָר ניט אַזוי שווער: מענטשן, וואָס טראַכטן דיזעלביקע געדאַנקען, ווייסן שטענדיק איינער דעם צווייטנס געדאַנקען.

— הם! איר זייט אַ גאַנץ מאָדנע מיידל; גלויבט איר אין ליבע?

— ניין!

— איך אויך ניט, אָבער אַזוי צי אַזוי, חתונה האָבן מוז מען.

— יאָ, איך הייב כמעט אָן צו גלויבן!

— וואָלט איר מיט מיר חתונה געהאַט?

— פאַרוואָס ניט? שלאָגן וועלן מיר זיך, לפּחות, ניט!

— פע! אָבער ווי אַזוי קענט איר דאָס וויסן!

— ווייל מיר האָבן אין אַלץ דיזעלביקע מיינונג.

— אמת, אָבער דאָס קען אַ ביסל צו מאָנאָטאָן ווערן? מיר האָבן דאָך ניט מכּוח וואָס צו ריידן, וואָרעם יעדער פון אונז קען דאָך די געדאַנקען פון צווייטן.

— יאָ, אָבער נאָך מאָנאָטאָנער וואָלט געווען ניט חתונה צו האָבן און אומפאַרשטאַנען צו זיין.

— דאָס איז אמת, ווילט איר אַ צייט צום באַטראַכטן?

— יאָ, ביז צום נאָענטסטן טאַנץ-אָוונט.

— ניט לענגער?

— פאַרוואָס עפּעס לענגער?

ער האָט זי אַריינגעפירט אין סאַלאָן און האָט זי פאַרלאָזן. נאָכדעם האָט ער געטרונקען אַ גלאָז שאַמפּאַניער. ביים אָוונט-

ברויט האָט ער זי באַקוקט פון ווייטן. זי האָט זיך געלאָזן מכבד זיין פון צוויי יונגע דיפּלאָמאַטן, עס האָט אָבער אויסגע־זען, ווי זי מאַכט פון זיי חוזק און באַגייט זיך מיט זיי ווי מיט דינער.

ווען דער באַשטימטער טאָג איז געקומען, איז ער תיכּף אַוועק צו איר מיט אַ בוקעט אין האַנט.

— מסכּים?

יאָ, — האָט זי געענטפערט.

און זיי האָבן זיך פאַרקנסט.

דאָס איז אַ פּאַסיקער שידוך, האָט די וועלט געזאָגט. זיי זיינען ווי געבוירן איינער פאַר דעם אַנדערן. דערזעלביקער מצב אין דער געזעלשאַפט, די גלייכע עשירות בייביידן, און ביידע מיטן זעלביקן „בלאַזירטן" קוק אויפן לעבן. מיטן וואָרט „בלאַזירט" האָט די וועלט געמיינט צו זאָגן, אַז זיי פאַרטראָגן ניט קיין בעלער, קיין טעאַטערן, באַזאַרן און אַנדערע תּענוגים, וואָס גיבן צו דעם לעבן אַ ווערט.

זיי זיינען געווען ווי צוויי גלייכע שרייב־טאַפלען, גלייך אָבער אָן אַ שום אַנונג, אויב דאָס לעבן וועט אויף ביידן דעם זעלביקן טעקסט אָנשרייבן.

אין משך פון דער גאַנצער תּנאים־צייט, אין די צערטלעכ־סטע מינוטן האָבן זיי קיינמאָל איינע די אַנדערע ניט געפרעגט: האָסטו מיך ליב? ווייל זיי האָבן דאָך געוואוסט, אַז זיי האָבן ניט געגלויבט אין דער ליבע. זיי האָבן צווישן זיך ווייניק גע־רעדט, אָבער זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען.

און אַזוי האָבן זיי חתונה געהאַט.

דאָס קינד האָט נאָר אויף אַזויפיל געווירקט אויף זייער באַציאונג צווישן זיך, אויף וויפל עס האָט זיי צוגעגעבן שטאָף צום ריידן.

ביים מאַן האָט זיך איצט דערוועקט אַ געוויסער חשק צו מעשים. ער האָט דערפילט זיין אחריות, און נאָכמער, מחמת ער איז שוין פּשוט געווען מיד פון ליידיק־גיין. ער האָט געלעבט פון פּראָצענט, אָבער קיין מלוכישע שטעלע האָט ער ניט גע־

האַט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צו געפינען פאַר זיך עפּעס אַן אַרבעט, וואָס זאָל קענען אויספילן זיין לעבן. ער האָט געהערט דעם ערשטן מאָרגן־רוף פון די אויפגעוועקטע גרויסע נשמות, און ער האָט עס געפילט פאַר זיין חוב צו נעמען אַן אָנטייל אין דער גרויסער אויספאָרשונגס־אַרבעט צו אויסגעפינען די סיבה פון דעם אָרימען מענטשלעכן מצב. ער האָט שטודירט, האָט זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטיק און האָט לסוף אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אין אַ צייטונג מכוח דער שול־פראַגע. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מ'האָט אים אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד אין דער שול־קאָמיסיע. איצט ערשט האָט ער זיך גענומען צו ברייטערע סטודיעס, וואָרעם די אַלע פראַגן האָבן געפאָדערט אַ גרינדלעכע אויפקלערונג.

די באַראָנין איז געלעגן אויף דער סאָפע און האָט געלייענט שאָטאָבריאַנען אָדער מיוסען. זי האָט זיך שוין לאַנג מיאש געווען פון דער מעגלעכקייט מתקן צו זיין די מענטשהייט. דאָס פאָרען זיך אין דעם שטויב און מיסט, וואָס די הונדערטער יאָרן האָבן אַרויפגעלייגט אויף דער מענטשלעכער לעבנס־הנהגה, איז איר געווען ניט צום האַרצן. פונדעסטוועגן האָט זי געפילט בחוש, אַז זי קען איר מאַן ניט נאָכהאַלטן. זיי זיינען געווען ווי צוויי פערד אויפן וועט־געלאַף. איידער דאָס געוועט איז פאָרגעקומען זיינען זיי אָפּגעוואויגן געוואָרן, און האָבן געהאַט איין געוויכט. זיי האָבן זיך געגעבן אַ וואָרט צו האַלטן זיך טריט ביי טריט אין געלאַף, און אויסגערעכנט איז געווען, אַז ביידע זאָלן אין איין צייט צום ציל קומען און אין איין צייט אַרויס פון וועט־קאַמף. איצט אָבער, ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מאַן איז שוין אויף דער לענג פון אַ פערד־קערפּער אַוועק ווייטער פון איר. אויב זי וועט זיך איצט ניט צואיילן, וועט זי מוזן בלייבן פון הינטן.

און אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט! דעם אַנדער יאָר איז ער געוואָרן בודזשעט־קאָנטראָלאָר פון פּאַרלאַמענט. צוויי חדשים האָט ער פאַרבראַכט אויף נסיעות איבערן לאַנד. איצט ערשט האָט די באַראָנין דערפילט, אַז זי האָט אים ליב; זי האָט עס געפילט,

ווייל זי האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן דעם מאַן, וואָס האָט אויף אַזאַ אופן איינגענומען איר האַרץ.

ווען ער איז צוריקגעקומען, איז זי געווען פייער־פלאַם; ער אָבער איז געווען פול־איבערפולט מיט דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט אויף זיין נסיעה. ביי אים איז קלאָר געווען, אַז איצט איז גראָד דער מאָמענט צו גטן זיך מיט זיין ווייב, אָבער ער האָט עס געוואָלט אָפּליינגן, און אויב, מעגלעך, אָפּ־האַלטן. ער האָט געמאָלט פאַר איר אין גרויסע לעבעדיקע ביל־דער, ווי עס איז אויפגעבויט אָט די דאָזיקע קאָלאָסאַלע ריזנמאַ־שינע, וואָס רופט זיך מלוכה. ער האָט איר געפרווט מסביר זיין דעם גאַנג פון די רעדער, די כלערלייאיקייט פון די איבער־טראָגונגען, די רעגוליאַטאָרן און די טאָרמאַזן, שלעכטע קלאַפּאַ־נעס און אומזיכערע ווענטיליאַטאָרס.

אַ ווײַלע האָט זי זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, איז אָבער באַלד מיד געוואָרן. פילנדיק איר נישטיקייט און שוואַכקייט, האָט זי זיך געוואָרפן אויף דער דערציאונג פון קינד. זי האָט געוואָלט דערווייזן, אַז זי האָט דאָך אַ ווערט, ווי אַ מוסטער פון אַ מוטער. אָבער דער מאַן האָט דעם ווערט דערפון ניט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן. חתונה געהאַט האָט ער מיט אַ גוטן חבר, נו, און איצטער האָט ער אַ גוטע באָנע. ווער האָט עס געקענט אַנדערש מאַכן? און ווער האָט עס אַלץ געקענט פאָרויסזען?

דאָס הויז איז איצט שטענדיק געווען פול פון דעפּוטאַטן, און די לייט האָבן ביים עסן געשמועסט איבער פּאָליטיק. די ווייב האָט זיך באַגרעניצט דערמיט, וואָס זי האָט אַכטונג געגעבן, אַלץ זאָל ווי געהעריק סערווירט ווערן. דער באַראָן האָט פונ־דעסטוועגן שטענדיק אויסמערקירט, אַז לעבן דער באַלעבאָסטע זאָלן זיך געפינען עטלעכע יונגעלייט, וואָס זאָלן מיט איר ריידן איבער טעאַטער און מוזיק; אָבער די באַראָנין האָט דעם שמועס אַרויפגעפירט אויף קינדער־דערציאונג. נאָכן עסן, האָט מען, אמת, קיינמאָל ניט פאַרגעסן צו טרינקען פאַר איר געזונט, מ׳האָט זיך אָבער תיכף בריהש אַרויסגעמאַכט און אַריינגעכאַפּט אין מאַנס צימער צו רויכערן און ווייטער צו פירן דעם שמועס

איבער פּאָליטיק. די באַראָנין גייט דאַמאָלסט אַוועק אין קינ־דער־צימער און פילט מיט ביטערקייט, אַז ער איז איצטער שוין אַזוי ווייט אַוועק פון איר, אַז זי וועט אים שוין קיינמאָל ניט דעריאָגן.

ער האָט אינאָוונט אַ סך געאַרבעט אין דער היים און האָט געשריבן ביז טיף אין דער נאַכט אַריין, דערביי האָט ער זיך אָבער תּמיד אײַנגעשלאָסן אין זיין צימער. אַז ער האָט נאָכדעם געטראָפן זיין ווייב אַ פּאַרוויינטע, האָט עס אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, אָבער זיי האָבן זיך דאָך פּאָרט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן.

נאָר פון צייט צו צייט, ווען די אַרבעט האָט אים דערעסן, ווען ער האָט דערפילט, ווי זיין אייגענע פּערזענלעכקייט איז כסדר אָרימער געוואָרן, האָט ער דערשפּירט אַרום זיך אַ פּוסטקייט, ווי אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס וואַרימס, האַרציקס, פון וואָס ער האָט אַמאָל אין זיין יוגנט געחלומט. אָבער ער האָט זיך אַליין פאַר־באָטן אַזאַ מין געפיל, ווי אַ סימן פון אומטרייקייט, וואָרעם דער חוב קעגן זיין ווייב איז ביי אים געווען טיף אײַנגעוואָרצלט.

כדי איר דאָס לעבן אַ ביסל לייכטער צו מאַכן, האָט ער איר פאָרגעשלאָגן זי זאָל פאַרבעטן צו זיך איר קוזינע, פון וועלכער זי האָט שטענדיק דערציילט און וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען, זי זאָל ביי זיי פאַרברענגען דעם ווינטער.

די באַראָנין האָט שוין לאַנג געהאַט דעמדאָזיקן פאַר־לאַנג, איצט אָבער, ווען עס האָט געהאַלטן דערביי, ער זאָל דער־פילט ווערן, האָט זי קיין חשק ניט געהאַט; זי האָט עס טאַקע ניט געוואָלט. דער מאַן האָט נאָכגעפאָרשט אויף די סיבות; זי האָט זיי אָבער ניט געקענט באַווייזן. זי האָט צערייצט זיין ניי־געריקייט, און לסוף האָט זי מודה געווען, אַז זי האָט מורא פאַר דער קוזינע; זי וועט ביי איר אָפּנעמען איר מאַן; ער וועט זיך אין איר פאַרליבן.

— אַפּנים, אַז דאָרט איז עפּעס ניט קיין גלאַטע מיידל; כ'מוז אַקאָרשט אַ קוק טאָן.

די באַראָנין האָט געוויינט און געוואָרנט, דער באַראָן האָט נאָר געלאַכט, און די קוזינע איז געקומען.

געווען איז עס צו מיטאָג. דער באַראָן איז ווי געוויינלעך געקומען אַהיים אַ מידער, און האָט גאָר אין זינען גיט געהאַט ניט די קוזינע, ניט זיין נייגעריקייט נאָך איר. זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש. דער באַראָן האָט געפרעגט דער קוזינע, צי האָט זי ליב טעאַטער. ניין, זי האָט עס ניט ליב. זי האָט מער ליב די לעבעדיקע ממשות ווי די פאָטאָגראַפיע דערפון. זי האָט אין דער היים געגרינדעט אַ שול פאַר אָפגעריסענע קבצנים און אַ פאַר-איין פאַר פרייגעלאָזענע אַרעסטאַנטן. אַהאַ! דער באַראָן האָט גראָד שטודירט דאָס טורמע-וועזן. די קוזינע האָט אים געקענט געבן אייניקע ידיעות וועגן דעם. און אין משך פון גאַנצן מי-טאָג האָט מען גערעדט וועגן טורמע-וועזן. די קוזינע האָט לסוף צוגעזאָגט צו באַהאַנדלען די פראַגע שריפטלעך און ער וועט עס נאָכדעם דורכקוקן און באַאַרבעטן.

אַלץ וואָס די באַראָנין האָט פאָראויסגעזען איז מקוים געוואָרן. דער הער באַראָן האָט געטאָן אַ גייסטיקן שידוך מיט דער קוזינע און די ווייב איז פאַרלאָזן געווען. אַחוצדעם איז די קוזינע געווען אויך אַ שיינע, און אַז זי האָט זיך ביים שרייב-טיש אָנגעבייגט צום באַראָן, האָט ער געפילט עפּעס אַ תענוג, ווען איר האַנט האָט אים באַרירט און איר הייסער אָטעם האָט אים געבריט. און ניט שטענדיק האָבן זיי גערעדט פון טורמע-וועזן. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן ליבע. זי האָט געגלויבט אין דער ליבע פון נשמות, און האָט ווי מעגלעך דייטלעך דערקלערט, אַז אַ זיווּוג אָן דער ליבע פון די נשמות, איז פראָסטיטוציע. דער באַראָן איז ניט געווען באַהאַוונט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם נייעם קוק אויף דער ליבע. אָבער לויט זיין מיינונג איז דאָס זייער האַרב געזאָגט, הגם אַ סך אמת איז דערין דאָ.

אַחוץ דעם האָט די קוזינע נאָך געהאַט אַ סך אַנדערע מעלות, וואָס זיינען געווען נים אָפּצושאַצן פאַר אַן אמתן גייס-טיקן זיווּג. זי האָט האָלט געהאַט דעם ריח פון טאַבאַק און האָט אַליין אויך גערויכערט. דעריבער האָט זי תיכף נאָכן עסן גע-קענט אַריינגיין מיטן באַראָן אין רויכער-צימער און פירן אַ געש-פרעך איבער פּאָליטיק. ווי שיין זי איז דאַן געווען!

אַ ביסל געפּייניקט פון זיין געוויסן, האָט זיך דער באַראָן דאַן אויפגעהויבן אויף אַ רגעלע צו דער ווייב אין קינדער־צי־מער אַריין, זי און דאָס קינד געקושט און נאָכגעפרעגט ווי עס גייט זיי. די באַראָנין איז אויך דערפאַר געווען דאַנקבאַר, נאָר גליקליך איז זי ניט געווען. דער באַראָן קערט זיך נאָכדעם צוריק צו זיין געזעלשאַפט זייער גוט אויפגעלייגט, ווי איינער, וואָס האָט דערפילט אַ חוב. פונדעסטוועגן איז ער אָפט געווען אין אַ שלעכטער שטימונג, וואָס זיין ווייב קען דערביי ניט זיין ווי זיינע אַ ווייב. און אָט די לאַסט האָט אים שטאַרק באַדריקט.

צו פרילינג־צו, איז די קוזינע ניט געפאָרן צוריק אַהיים, נאָר זי האָט באַגלייט מאַן און ווייב אין די בעדער. דאָרט האָט זי געשטעלט עטלעכע קליינע ספּעקטאַקלען פאַר די אָרעמעלייט און זי און ער האָבן אויסגעפירט די ראָליעס פון דעם ליבהאָבער און דער געליבטער. דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט. ס'איז אָבער נאָר געווען אַ גייסטיק פייער. בשותפישע אינטערעסן, דער אייגענער קוק אויפן לעבן, און אפשר אויך די ענלעכקייט פון נאַטורן.

די באַראָנין האָט געגוג פרייע צייט געהאַט צו אָפּגעבן זיך אַ דין וחשבון פון איר איצטיקן מצב. איינמאָל האָט זי אַרויס־געזאָגט פאַרן מאַן, אַז וויבאַלד צווישן זיי איז אַלץ סיי ווי סיי שוין געענדיקט, וואָלט גאָר געווען די בעסטע זאַך, זיך צו גטן. אָבער אָט דאָס האָט ער דווקא ניט געוואָלט, און איז אַריינגע־פאַלן אין יאוש. די קוזינע זאָל אַהיים פאָרן, און זאָל זיין ווייב זען, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַן ערן־מאַן.

די קוזינע איז אָפּגעפאָרן. ס'האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן אָפּטע קאָרעספּאָנדענץ. די באַראָנין האָט געמוזט לייענען אַלע בריוו. זי האָט ניט געוואָלט, נאָר דער באַראָן האָט עס פאַר־לאַנגט. שפּעטער אָבער האָט ער שוין מער ניט פאַרלאַנגט און האָט אַליין געלייענט זיינע בריוו.

און זי איז פאָרט געקומען צוריק! אָט דאָ ערשט האָט זיך אָנ־געהויבן די שפּיל. דער באַראָן האָט זיך צערומגעזען, אַז ער קען אָן איר ניט לעבן! וואָס טוט מען? אַ גט? דאָס איז פאַר אים דער טויט!

ווייטער בלייבן ביים אַלטן—איז אוממעגלעך! עס איז געווען נאָר איין איינציקער ערלעכער אויסוועג: צערייסן דעם זיווג מיט דער ווייב, וואָס איז איצט שוין ניט מער ווי פּראָסטיטוציע, און חתונה האָבן מיט דער קוזינע.

די קוזינע האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט הערן! זאָל מען ניט זאָגן, אַז זי האָט אָפּגערעדט אַ מאַן פון זיין ווייב, און דער סקאַנדאַל, דער לייטישער געלעכטער!

— אָבער ס׳איז ניט ערלעך, ער זאָל זיין ווייב ניט אויס־זאָגן פון אַלק, עס איז ניט ערלעך אַזוי ווייטער צו לאָזן, און ווער ווייס, ווי ווייט עס קען דאָך דערגיין.

— וואָס? וואָס מיינט ער? ווי ווייט קען דאָס גיין?
— דאָס קען מען ניט וויסן!
— אָ, סאַר אַ בזיונות! וואָס טראַכט ער זיך פון איר?
— אַז זי איז אַ פּרוי!

און ער איז געפאַלן פאַר איר אויף די קני, האָט געבעטן תחנונים און דערקלערט, אַז פון זיינטוועגן זאָל כאַפּן דער רוח אַלע טורמעס און שולן פאַר קבצנים, ער ווייס ניט, ווער און וואָס זי איז, ער ווייס נאָר, אַז ער האָט זי ליב.

נאָר זי האָט אים אָפּגעשטויסן מיט פאַראַכטונג און אין איילעניש געכאַפּט און אַנטלאָפן קיין פּאַריז.

ער איז איר תיכּף נאָכגעפאָרן. פון האַמבורג האָט ער גע־שריבן זיין ווייב אַ בריוו. ער האָט איר דערקלערט, אַז זיי האָבן אַ טעות געמאַכט און דעמדאָזיקן טעות ניט צו מתקן זיין איז אוממאָראַליש. ער האָט פאַרלאַנגט אַ גט.

און זיי האָבן זיך געגט.

---

מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דער באַראָן חתונה געהאַט מיט דער קוזינע. זיי האָבן באַקומען אַ קינד. אָבער דאָס האָט איר גליק גאָר ניט געשטערט, אדרבא, וויפל נייע אידעען פאַרבאָרגט אין זיך די וועלט, וויפל נייע ווינטן עס בלאָזן דאָרט!

לויט זיין רצון, האָט זי אָנגעשריבן אַ בוך „איבער יונגע פאַרברעכער". די קריטיק האָט עס אַראָפּגעריסן, איז זי געוואָרן מלא חמה און האָט געשוואָרן בכלל מער ניט צו שרייבן. ער האָט זיך דערלויבט זי אַ פרעג צו טאָן, אויב זי שרייבט נאָר, כדי געלויבט צו ווערן און נאָר צוליב כבוד. — זי האָט געענטפערט מיט אַ פראַגע, צוליב וואָס ער שרייבט? אָט אַזוי האָט מען זיך צעווערטלט. — אדרבא, עס פרישט נאָר אָפּ, ווען מ'הערט איינמאָל אַן אַנדער אָנזיכט, איידער שטענדיק דיזעל־ביקע. — שטענדיק דיזעלביקע? וואָס הייסט עס? האָט זי דען ניט איר אייגענעם קוק אויף אַלץ? — פון איצט אָן איז געווען איר גאַנצער שטאָלץ צו דערווייזן אים, אַז זי האָט איר אייגע־נעם קוק אויף זאַכן; זי האָט דעריבער געמוזט אַלץ פאַרקערט זאָגן ווי דער מאַן, עס זאָל חלילה קיין טעות ניט אַרויסקומען, אַז זי האַלט מיט זיין מיינונג.—ער האָט זיך דערצו אַרויסגעזאָגט, אַז זי מעג האָבן אייגענע אָנזיכטן וויפל זי וויל, נאָר זי זאָל אים ליב האָבן. — ליבע? וואָס איז דאָס אַזוינס? ער איז דאָך פונקט דיזעלביקע חיה ווי אַנדערע מענער, און ער איז געווען פאַלש קעגן איר. ער האָט ניט ליב געהאַט איר נשמה, נאָר איר קער־פער. — ניין, ביידע האָט ער ליב געהאַט, זי אינגאַנצן! — אָ, ווי פאַלש ער איז געווען! — ניין, ער איז געווען ניט פאַלש, נאָר אַ קרבן פון אייגענעם טעות, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער האָט ליב נאָר איר נשמה אַליין.

זיי זיינען זיך אַזויפיל אָנגעגאַנגען איבערן בולוואַר און האָבן זיך געמוזט צוזעצן ביי אַ קאַפע־הויז. זי האָט פאַררוי־כערט אַ פאַפּיראָס. קומט גראָד צו דער קעלנער און זאָגט גאַנץ גראָב, אַז מ'טאָר דאָ ניט רויכערן. דער באַראָן האָט פאַרלאַנגט אַן אויפקלערונג. דער קעלנער האָט דערקלערט, אַז דאָ איז אַ קאַפע־הויז פאַרן פיינערן פובליקום, וואָס וויל ניט פאַרטרייבן זיינע געסט, צולאָזנדיק „אַזוינע דאַמעס".

זיי זיינען אויפגעשטאַנען און אַוועק. דער באַראָן איז גע־ווען אין כעס און דער יונגער באַראָנין האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— אָט דאָס איז דער כּוח פון פּאָראווּרטייל! אַז אַ מאַנס־ביל רויכערט, איז דאָס ניט מער ווי אַ נאַרישקייט, וואָרעם עס איז בכלל נאַריש צו רויכערן, אָבער פאַר דער פרוי איז דאָס אַ זינד! ווער עס איז בכּוח, זאָל דעמדאָזיקן פּאָראוּרטייל מבטל זיין! און ווער עס וויל! דער באַראָן האָט ניט געוואָלט, אַז זיין ווייב זאָל זיין דער ערשטער קרבן, וואָס האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער קליינלעכער ערע און מיט דעם פּאָראוּרטייל. וואָרעם סוף־כּל־סוף איז עס טאַקע ניט מער ווי דאָס. אין רוסלאַנד רויכערן טאַקע די דאַמען אויף די רייכע בעלער, צווישן איין געריכט און דעם אַנדערן. די מענטשלעכע מנהגים ענדערן זיך מיטן קלימאַט. און פונדעסטוועגן האָבן אָט די קלייניקייטן אַ ווערדע אין לעבן, וואָרעם דאָס לעבן באַשטייט אינגאַנצן פון קלייניקייטן. ווען די מאַנסבילן און די ווייבער וואָלטן געהאַט דיזעלביקע מיאוסע רגילותן, וואָלט זייער מגע־ומשא צווישן זיך אַ סך לייכטער גע־ווען, און דער גאַנג אין איין טאַקט אַ סך גיכער ווי ביז אַ הער! וואָלטן זיי געהאַט די זעלביקע דערציאונג ווי די מענער, וואָלטן זיי דיזעלביקע אינטערעסן געהאַט און אין משך פון גאַנצן לעבן זיך ניט פונאַנדערגעגאַנגען.

דער באַראָן האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט עפּעס אַ נאַרישקייט אַרויסגערעדט. זי אָבער האָט זיך גאָרניט צוגעהערט צו זיינע רייד, וואָרעם אירע געדאַנקען זיינען אַוועק ווייטער פון דעם קעלנערס גראָבע ווערטער.

— אַ קעלנער האָט זי גראָב אויסגעזידלט, דאָס פיינערע פּובּליקום האָט איר געוויזן די טיר. דאָ ליגט עפּעס! אָן ספק! מ'האָט זי דערקענט! גאָר אָן ספק, זי האָט עס שוין לאַנג באַמערקט!

— וואָס האָט זי באַמערקט?

— אַז מ'איז איר ניט נוהג־כּבוד אין די רעסטאָראַנען. די לייט האַלטן זיי ניט פאַר מאַן־און־ווייב, ווייל זיי גייען ניט געאָרעמט, באַנעמען זיך מיט צופיל דרך־ארץ צווישן זיך. זי האָט שוין דאָס לאַנג ביי זיך געטראָגן, אָבער איצטער קען זי שוין

ניט מערער. אָבער דאָס איז נאָך כּלא קעגן דעם, וואָס איר קומט אויס אויסצושטיין פון די הויז־שכנים!

— וואָס ליידט זי דען פון די הויז־שכנים, וואָס זי האָט אים ניט מודיע געווען?

אַך, וואָס פאַר אַ זאַכן! וואָס פאַר אַ בריוו! און דערצו נאָך אַנאָנימע!

— נו, און ער אַליין? מ׳באַגייט זיך דאָך מיט אים ווי מיט אַ פאַרבּרעכער, און וואָס איז זיין חטא? ער האָט מקיים געווען אַלע תּביעות פון געזעץ און האָט קעגן זיין ערשטע ווייב ניט געזינדיקט; זיין בקשה צו גטן זיך איז באַוויליקט געוואָרן געזעצלעך. די הייליקע קירכע האָט געשריבן און געחתמעט, אים געגעבן איר היתּר דערויף. ער האָט אַלזאָ ניט חוטא געווען קעגן קיינעם! מ׳קען דאָך אַפילו מבטל זיין אַ שבועה פון אַ גאַנצן פאָלק צו זיין קייזער, ווען דאָס לאַנד ווערט איינגענומען דורך אַן אַנדערן. פאַרוואָס אַלזאָ אָנערקענט ניט דער עולם, אַז מ׳קען מבטל מאַכן אַ הבטחה. האָט דען די געזעלשאַפט אַליין ניט געגעבן דעם קאָנסיסטאָריום דעם כּוח צו מבטל מאַכן דעם זיווג? ווי קען דען די געזעלשאַפט ווערן אַ שופט איבער איר אייגענעם געזעץ! אַנדערש ניט, די געזעלשאַפט שטייט אין אַ מלחמה מיט זיך אַליין! ער ווערט דאָך ווי אַ פאַרברעכער באַהאַנדלט! האָט דען זיין אַלטער פריינד, דער סעקרעטאַר פון קאָנסולאַט, אים ניט צוריקגעשיקט בלויז איין קאַרטע, ווען ער האָט אים צוגעשיקט זיינע און זיין פרויס וויזיט־קאַרטע? צי ווערט ער ניט בכלל איגנאָרירט אויף יעדן טריט און שריט!

— אָ, זי האָט נאָך געמוזט אַ סך ערגערס דערטראָגן. איינע, אַ פריינדין האָט פשוט פאַר איר פאַרשלאָסן די טיר, און אַנדערע האָבן אין גאַס פון איר דעם קאָפּ אָפּגעקערט.

נאָר יענער ווייס, וואו דער שוך דריקט, ווער עס טראָגט אים! זיי האָבן איצטער די שיך געטראָגן, די אמתע שפּאַנישע שטיוול. זיי זיינען געווען אין קאָנפליקט מיט דער געזעלשאַפט. די חשובע לייט האָבן זיי אָפּגעשטויסן! די חשובע! אָט דער עולם פון האַלבע אידיאָטן, וואָס לעבן שטילערהייט ווי די הינט,

און זיינען זיך נוהג כבוד כל־זמן עס קומט ניט צו קיין סקאַנ־דאַל, דאָס הייסט כל־זמן מ׳איז אויף אַזויפיל ערלעך, אַז מ׳וואַרט אָפּ ביז דער געזעץ דערלויבט ניט די געווינ־שטע פרייהייט. און אָט דער חשובער עולם זיצט זיך טיף אין זיין זומפּ פון זינד און טיילט פונאַנדער סאָציאַלע חשיבות לויט אַזאַ מאַסשטאַב, וואו די ערלעכקייט שטייט טיף אונטערן נול. די געזעלשאַפט איז אַלזאָ אַ געוועב פון ליגן און רמאות! ס׳איז גאָר אַ חידוש, וואָס מ׳האָט עס שוין לאַנג ניט פאַרשטאַנען! איצט אָבער מוז מען אָט דעם גאַנצן שיינעם בנין גוט בודק זיין, צו זען, ווי שטייט עס דאָרט מיט זיין יסוד.

שוין לאַנג, אַז זיי האָבן ניט געפילט אַזאַ געפיל פון אחדות, ווי איצטער, קומענדיק אַהיים. פון איצט אָן איז די באַ־ראָנין כסדר געווען אין שטוב ביי איר קינד און דערוואַרט אַ צווייטס בקרוב. דערדאָזיקער קאַמף איז פאַר איר געווען צו שווער און זי איז שוין מיד געוואָרן! עס קריכט איר שוין אַלץ פון האַלז! שרייבן איבער אַרעסטאַנטן אין אַ ווארימען, עלעגאַנט־מעבלירטן צימער און דערלאַנגען אויף אַ געהעריקער דיסטאַנץ אַ גוט באַהענטשיקטע האַנט, דאָס איז רעכט און פיין אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט — אָבער געבן די האַנט אַ פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ געגטן מאַן, דאָס וויל די געזעלשאַפט ניט. פאַרוואָס ניט? קיין תשובה איז דערויף ניט געווען.

דער באַראָן איז געשטאַנען אין מיטן קאָך פון לעבן. ער האָט באַזוכט די פאַרלאַמענטאַרישע קאַמערן, איז געווען אויף פאַרזאַמלונגען און אומעטום האָט ער געהערט צאָרנדיקע ווער־טער קעגן דער געזעלשאַפט. ער האָט געלייענט צייטונגען און צייטשריפטן, האָט שטודירט די ליטעראַטור. זיין ווייב אָבער האָט דערוואַרט דערזעלביקער גורל ווי דער ערשטער: צו בלייבן הינטערשטעליק! אָבער עפּעס מאָדנע איז עס געווען! זי האָט ניט געקענט נאָכגיין נאָך די אַלע פּרטים פון זיינע פאָר־שונגען, אַ סך אין די נייע טעאָריעס איז איר ניט געווען צום האַרצן, זי האָט אָבער געפילט, אַז ער איז גערעכט און אַרבעט פאַר אַ גוטער זאַך. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט די הסכמה,

פון זיין ווייב, אַ הסכּמה, וואָס ווערט ניט אָפּגעשוואַכט צו להכעיס אַלע נסיונות; אַז ער האָט אין איר אַ פריינדין, וואָס וויל זיין טובה. זייער געמיינזאַמער גורל האָט זיי ענג צונויפגעטוליעט ווי צעשראָקענע טויבן אין אַ שטורעם. איר ווייבלעכקייט, וואָס ווערט איצט אַזוי ווייניק געשעצט, די תּביעה, דאָס געפיל פון דער מוטער, פון דער נאַטור־קראַפט, וואָס די ווייב האָט מיט זיך באַקומען, איז איצטער אויסגעבראָכן מיט קראַפט. אָט די ווייבלעכקייט האָט זיך געלייגט ווי די וואַרימקייט פון פליג־גלען אויף די קינדער, ווי די שיין פון זון אויפן מאַן, ווי האַר־ציקער שלום־בית איבער אַלע ווינקעלעך פון שטוב. עס האָט אים זייער אָפּט געחידושט, וואָס ער פילט ניט מער קיין מאַנגל אין דעמדאָזיקן חבר, מיט וועמען ער האָט פריער איבער אַלץ גע־קענט ריידן. ער האָט אַרויסגעפונען, אַז זיינע געדאַנקען האָבן אַ סך אויסגעשפּילט אין שטאַרקייט, זינט ער האָט אויפגעהערט תּיכף אַלץ אַרויסצופלוידערן. ער האָט געפילט, אַז ער האָט אַ סך מער געוואונען פון איר שטילער הסכּמה, פון איר וואַרימען מיטגעפיל און פון איר מיטהילף. ער האָט זיך געפילט אַ סך שטאַרקער ווי פריער. ער איז ניט געווען כּסדר אונטער אַ קאָנטראָל. ער איז איצט געווען איינזאַם, אָבער ניט אַזוי ווי פריער, וואָרעם דאַמאָלסט פלעגט ער זיך שטענדיק אָנשטויסן אויף סתירות, וואָס פלעגן דערוועקן אין אים נאָר צווייפל און יאוש.

---

עס איז געווען ניטל צו נאַכט אין פּאַריז. איר קליינער סאַלאָן אויפן נאָרד לאַ ריין איז שוין געווען אינגאַנצן אויפגע־ראַמט און מ'האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסן טענענבוים פון וואַלד סענט־זשערמען. דער באַראָן און די באַראָנין האָבן געוואָלט נאָכן פרישטיק צוזאַמען אַרויסגיין אין גאַס איינצוקויפן מתּנות פאַר די קינדער. דער באַראָן איז אַ ביסל געווען פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען, וואָרים גראָד ערשט איז אַרויס פון דרוק זיין שריפט: „צי איז דער אייבערשטער קלאַס די געזעלשאַפט". זיי זיינען געזעסן ביים קאַפע־טיש אין דעם שיינעם עס־זאַל, און די

טירן זיינען געווען פונאַנדערגעעפנט ביז צו דעם קינדער־צימער. זיי האָבן געהערט, ווי די אַם שפּילט זיך מיטן קליינעם קינד, און די באַראָנין האָט געשמייכלט פון גליק און נחת. זי איז מילד געוואָרן און איר פרייד איז געווען אַ רואיקע. נאָכדעם האָט זיך איינס פון די קינדער צעשריִען און זי איז אַוועק אַ קוק טאָן, פאַרוואָס ער שרייט. אין דעם מאָמענט איז אַריין דער דינער מיט דער פּאָסט אין דער האַנט. דער באַראָן האָט געעפנט צוויי דרוק־זאַכן. די ערשטע איז געווען „אַ גרויסע, השובע" צייטונג. ער האָט זי פונאַנדערגענומען און האָט תּיכּף דערזען אַ קעפּל מיט פעטע אותיות „אַ חוזק־מאַכער!" און נאָכדעם האָט ער געלייענט עטלעכע שורות: „דער ניטל איז געקומען! אָט דער יום־טוב, וואָס איז אַזוי טייער יעדערן, וואָס פאַרמאָגט אַ ריין האַרץ, דער־דאָזיקער יום־טוב, וואָס איז הייליק פאַר אַלע קריסטלעכע פעלקער אויף דער ערד, וואָס ברענגט אין זיינע פליגלען פריד און שלום פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אַ טאָג, ווען אַפילו דער רוצח באַהאַלט זיין מעסער אין קעשענע און דער גנב היט אָפּ דעם הייליקן געזעץ פון אייגנטום; דערדאָזיקער יום־טוב, וואָס האָט באַזונדערס אין די נאָרדישע לענדער זיינע היסטאָרישע סיבות און שטעקט מיט זיינע וואָרצלען נאָך אין אור־אַלטער אַז. אַז. וו. און דאָ קומט מיט זיין עיפוש עפּעס אַ פאַרשוין, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן צו צערייסן די הייליקסטע בענדער, און שפּייט זיין גיפטיקן כּעס אין פּנים פון די חשובסטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, אַ כּעס, וואָס איז דיקטירט פון קליינלעכסטן נקמה־געפיל..." ער האָט צונויפגעלייגט די צייטונג און האָט זי אַריינגעלייגט אין קעשענע פון שלאָפראָק. נאָכדעם האָט ער אויפגעעפנט די צווייטע דרוק־זאַך. ס'איז געווען אַ קאַריקאַטור אויף אים און זיין ווייב. ער האָט דידאָזיקע צייטונג אַריינגעשטעקט דאָרט, וואו די ערשטע, האָט עס אָבער געמוזט שנעל מאַכן, ווייל זיין ווייב איז שוין אַריין. ער האָט געענדיקט זיין אָנבייסן, און איז אייליק אַריין אין זיין צימער איבערצוטאָן זיך. נאָכדעם זיינען זיי אַרויס.

די זון האָט געשיינט אויף די אַרומגעזאַמטע פלאַטאַנען פון

שאַמפּ עליסעי, און דער קאָנקאָרדי פּלאַץ האָט זיך פונאַנדערגע־עפנט ווי אַ גרויסע אָאַזע פון זונענשיין אינמיטן פון אַ שטיינער־נעם מדבר. זי האָט געהאַלטן איר אָרעם אין זיינעם, אָבער ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי זי וואָלט אים אונטערגעשטיצט, ניט ער זי. זי האָט גערעדט וועגן דעם, וואָס מ׳זאָל פאַר די קינדער קויפן, און ער האָט געענטפערט, ווי עס האָט זיך געלאָזן. לסוף האָט ער מיטאַמאָל איבערגעהאַקט דעם שמועס און האָט אַ פרעג געטאָן, ניט האָבנדיק קיין שום אויסרייד דערצו:

— ווייסטו, וואָס איז דער חילוק צווישן שטראָף און נקמה?

— ניין, איך האָב וועגן דעם ניט נאָכגעטראַכט.

— איך טראַכט מיר, אפשר איז דאָס דער חילוק: ווען אַן אַנאָנימער צייטונגס־שרייבער איז זיך נוקם, איז דאָס שטראָף; ווען אָבער אַ מענטש מיט אַ נאָמען, ניט קיין צייטונגס־שרייבער, שטראָפט, איז דאָס נקמה!

זי האָט אים געבעטן, ער זאָל דאָך דעם ניטל־יום־טוב ניט פאַרשטערן מיט געשפרעכן וועגן צייטונגען.

— דערדאָזיקער יום־טוב, האָט ער פאַר זיך איבערגעחזרט, וואָס ברענגט מיט זיך פרידן און שלום...

זיי זיינען געגאַנגען דורך די אַרקאַדן פון דער ריוואָלי־גאַס, האָבן פאַרקירעוועט צו די בולוואַרן און האָבן דאָרט איינגעקויפט. אין גראַנד־האָטעל האָבן זיי געגעסן. זי איז געווען זייער אויפגערוימט און האָט זיך באַמיט אים פריילעך צו מאַכן. ער איז אָבער געבליבן פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. לסוף האָט ער אַוועקגעשטעלט אַזאַ פראַגע:

— ווי קען אַ מענטש ליידן פון חרטה, בעת ער ווייס, אַז ער האָט גוט געטאָן?

זי האָט דערויף קיין תשובה ניט געהאַט.

— שטאַמט עס דערפון, וואָס דער אייבערשטער קלאַס האָט אונז דערצויגן צו ליידן פון חרטה, איטלעכס מאָל ווען מיר שטעלן זיך אים אַנטקעגן? אפנים! פאַרוואָס האָט יענער קיין רעכט ניט אָנצורירן די אומגערעכטיקייט, וואָס ער האָט

פון איר אַליין געליטן? ווייל נאָר יענער, וואָס האָט פון איר געליטן, קען פוגע בכּבוד זיין, און דער אייבערשטער קלאַס וויל ניט קיין פּגיעת־הכּבוד. פאַרוואָס האָב איך פריער ניט אָנגע־רירט דעם אייבערשטן קלאַס, בעת איך האָב נאָך צו אים גע־הערט? ווייל איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס ער איז! כּדי צו האָבן דעם ריכטיקן קוק אויף אַ בילד, מוז מען זיך שטעלן אין אַ געוויסן דיסטאַנץ פון אים.

— אין ניטל־יום־טוב רעדט מען ניט פון אַזוינע זאַכן.

— ס'איז אמת, היינט איז ניטל־יום־טוב, „דערדאָזיקער יום־טוב"...

זיי זיינען געפאָרן אַהיים. מ'האָט אָנגעצונדן די „יאָלקע", וואָס האָט אַרום זיך פאַרשפּרייט נחת און גליק; אָבער די טונ־קעלע טענענבוים־צווייגן האָבן דערמאָנט אַ באַגרעבעניש און האָבן מרה־שחורהדיק אויסגעזען ווי דעם באַראָנס פּנים. נאָכדעם איז געקומען די אַם מיט די קינדער. און זיין פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט, ווייל זיין האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז ווען די קינדער וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי שניידן אין פרייד, וואָס מיר האָבן געזייט מיט טרערן; דאַמאָלסט וועלן זיי נאָר חרטה האָבן, אויב זיי וועלן זינדיקן קעגן דער נאַטור. זיי וועלן ניט געפּייניקט ווערן פון זייער געוויסן, וועלן ניט באַשטראָפט ווערן מיטן קאַנטשיק, ניט איינגעוויגט ווערן מיט גלחים־מעשׂיות, וואָס ווערן פאַרפאַסט פון דעם אייבערשטן קלאַס פאַר און לטובת דעם איי־בערשטן קלאַס.

ווי די באַראָנין האָט זיך צוגעזעצט צום קלאַוויר, זיינען אַריין די מיידל פון קיך און דער דינער. און זי האָט געשפּילט אַלטע, אומעטיקע טענץ, וואָס געפעלן זייער דעם צפון־מענטשן, און די דינסט־לייט האָבן געטאַנצט מיט די קינדער. פריילעך זיינען זיי אָבער ניט געווען. ס'האָט אויסגעזען, ווי זיי דערפילן נאָר אַ חוב, וואָס ליגט אויף זיי און נעמען נאָר אָנטייל, ווי ביי אַן עפנטלעכער עבודה אין קלויסטער.

דערנאָך האָבן די קינדער און די דינסט־לייט באַקומען זייערע מתּנות, און די קינדער האָבן געמוזט גיין שלאָפן.

די באַראָנין איז אַריין אין סאַלאָן און האָט זיך אַריינגע־זעצט אין אַ פאָטעל. דער באַראָן האָט זיך געזעצט אויף אַ פוס־בענקעלע, איר צופוסנס, און האָט אַראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ אויף אירע קני. אָ, ווי שווער זיין קאָפּ איז געווען, ווי שווער! זי האָט אים געגלעט איבערן שטערן, האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

— וואָס איז, ער וויינט?

— יאָ, ער וויינט!

זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַ מאַנסביל וויינענדיק. דאָס איז געווען שרעקלעך! די גאַנצע שטאַרקע געשטאַלט האָט זיך געטרייסלט, אָבער ער האָט ניט געכליפּעט, און מ׳האָט פון אים קיין לויט ניט געהערט.

— פאַרוואָס וויינט ער?

— ער איז אַזוי אומגליקלעך!

— איז ער אומגליקלעך מיט איר?

— ניין, ניין, ניט מיט איר, ער איז אָבער דאָך אומ־גליקלעך!

— האָט זיך ווער מיט אים מיאוס באַגאַנגען?

— אַוודאי!

— קען ער דערציילן מכוח דעם?

— ניין! ער וויל נאָר זיצן לעבן איר! ווי ער איז אַמאָל, מיט אַ צייט צוריק, געזעסן לעבן זיין מאַמען!

זי האָט מיט אים געפּלוידערט, סתם אין דער וועלט אַריין, ווי מיט אַ קינד! זי האָט אים אויסגעקושט די וויעס פון די אויגן, האָט אים אָפּגעווישט די טרערן מיט איר נאָזטיכל. זי האָט זיך אַזוי שטאָלץ געפילט, אַזוי מאָדנע שטאַרק, און האָט ניט געוויינט. אָנקוקנדיק זי ווי זי איז, האָט ער ווידער באַ־קומען מוט.

— אַז ער זאָל אַזוי שוואַך זיין! עס איז דאָך שרעקלעך, וואָס עס איז בפועל אַזוי שווער צו פאַרטראָגן די פאַבריצירטע אָנזיכטן פון די קעגנער. גלויבן דען זיינע פיינד אַליין אין דעם, וואָס זיי זאָגן?

— עס איז אַפילו אַ שרעקלעכער געדאַנק, אָבער גלויבן גלויבן זיי געוויס. ווייס מען דאָך, אַז עס וואַקסן אָן שטיינער אויף די באַקציינער, פאַרוואָס זאָלן ניט אָנוואַקסן אָנזיכטן אין די מוחות? אָבער זי גלויבט פונדעסטוועגן, אַז גערעכט איז ער, און אַז זיין כוונה איז אַ גוטע?

— יאָ, זי גלויבט דערין! זאָל ער נאָר אויף איר ניט בייז ווערן: צי בענקט ער ניט איצט נאָך זיין ערשטן קינד?

— אַוודאי, אָבער מ'קען זיך דאָ גאָר ניט העלפן, איצט, לפחות, נאָך ניט! נאָר ער און די אַנדערע, וואָס אַרבעטן פאַר דער צוקונפט, מוזן אויך דערצו אַן עצה אויסגעפינען. דערווייל ווייס ער נאָך ניט, אָבער עס וועלן אָנשטיין שטאַרקערע קעפּ ווי זיינער, און אַלע אינאיינעם וועלן דאָך אַמאָל פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע, וואָס לאָזט זיך איצטער ניט פאַרענטפערן.

— יאָ, זיי מוזן עס פאַרענטפערן!

— אָבער, זייער זיווג? איז ער נאָך אַן אמתער זיווג, ווען ער וויל אַפילו פאַר איר ניט זיין עגמת־נפש אַרויסריידן? צי איז דאָס אויך ניט פראָס...?

— ניין, דאָס איז אַן אמתער זיווג, ווייל זיי האָבן זיך דאָך ליב. מיט זיין ערשטער ווייב איז ניט אַזוי געווען! זיי האָבן זיך דאָך ליב? קען זי דאָס לייקענען?

— ניין, טייערער, ניין, זי קען ניט לייקענען!

— אויב אַזוי, איז דאָס דער אמתער זיווג, מן השמים, און באַשערט פון דער נאַטור.

---

## דער אומנאַטירלעכער אָפּקלייב.

### איבער דער אַנטשטייאונג פון דער ראַסע.

מיט גרויסן און איידעלן גרימצאָרן האָט דער באַראָן איבערגעלייענט אין אַ בראָשורע, אַז דער אייבערשטער קלאַס פון מענטשן מוז צו גרונט גיין, אויב ער וועט זיינע קינדער ניט קאָרמענען מיט די מילך פון די ווייבער פון נידעריקן קלאַס. ער האָט געלייענט דאַרווינען און געגלויבט, אַז צוליב זייער אָפּקלייב זיינען די אַריסטאָקראַטן אַ העכערע מדרגה אין דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן מין. אָבער צוליב דער ירושה-טעאָריע, האָט ער ביי זיך ניט געקענט פועלן צו באַנוצן פאַר זיינע קינדער אַן אַם. מיט דער מילך פון נידעריקן קלאַס קענען דאָך אויך אַריינפּליסן אין די אַריסטאָקראַטישע אָדערן געוויסע השגות, פאָרשטעלונגען און נייגונגען. דעריבער האָט ער ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז זיין ווייב דאַרף אַליין זויגן אירע קינדער. אויב אירע מילך וועט ניט קלעקן, מוז מען דאָס קינד צוקאָרמענען פון אַ פלאַש. אויף די מילך פון זיינע בהמות האָט ער געהאַט אַ רעכט, מחמת די בהמות האָבן פון זיין היי געגעסן, אָן וואָס זיי וואָלטן געפּגרט פון הונגער אָדער גאָר אויף דער וועלט ניט געקומען.

דאָס קינד איז למזל-טוב געבוירן געוואָרן. אַ זון! לכתחילה, איידער ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז זיין ווייב טראָגט, איז דער טאַטע געווען עטוואָס אומרואיק, ווייל ער אַליין איז געווען אַ קבצן, נאָר די ווייב איז געווען זייער רייך, און לויט דעם ירושה-געזעץ קאַפּ. 00 §, 00 האָט ער געקענט נאָר דאַמאָלסט הנאה האָבן פון איר רייכקייט, אויב דער זיווג איז באַשענקט געוואָרן מיט

אַ געזעצלעכן יורש. די שמחה איז דעריבער געווען זייער גרויס און ניט פאַלש. דער זון איז געווען אַ קליינע דורכזיכטיקע בריאה, פון ריינסטן אַריסטאָקראַטישן בלוט מיט בלויע אָדער־לעך אויף דער הויט. זיין בלוט איז אָבער, ניט קוקנדיק דערויף, געווען אַ שיטערס. די מאַמע זיינע האָט געהאַט אַ פיגור פון אַ מלאך, זי איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אויף איידעלע שפייזן, שטענדיק איינגעכוטעט אין פעלצוואַרג קעגן די קעלט, און האָט פאַרמאָגט יענע חשובע בלייכקייט אין פנים, וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער העכערער ראַסע.

זי האָט אַליין געקאָרמעט איר קינד. מ׳האָט ניט געדאַרפט מעלקן די פויערטעס, כדי צו געניסן פון לעבן. דאָס זיינען גע־ווען נאָר פוסטע מעשיות. דאָס קינד האָט געזויגן און האָט פערצן טעג געשריען. היות אָבער ווי די טבע פון אַלע קינדער איז צו שרייען, האָט עס קיין באַדייטונג ניט געהאַט. אָבער דאָס קינד האָט אָפּגענומען, וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעמאָגערט. דער דאָקטאָר איז געקומען. בסוד האָט ער אָפּן דערקלערט דעם באַראָן, אַז דאָס קינד מוז שטאַרבן, אויב זיין מוטער וועט אים ווייטער זויגן, מחמת זי איז נערוועז און האָט קיין מילך ניט פאַרן קינד. דערצו נאָך האָט ער קוואַנטיטאַטיוו אַנאַליזירט די מילך און האָט דערוויזן, אַז פון אַזאַ דערנערונג מוז דאָס קינד זייער גיך איינגיין.

וואָס טוט מען? דאָס קינד קען דאָך ניט שטאַרבן פון הונגער! איינס פון די ביידע: אַן אַם אָדער אַ פלעשעלע. פון פון אַן אַם האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. בשום אופן ניט. מ׳מוז פרווון מיט אַ פלעשעלע. דער דאָקטאָר האָט אָבער דווקא געהייסן נעמען אַן אַם.

די בעסטע האָלענדישע קו, וואָס האָט באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל אויף דער אויסשטעלונג, האָט מען אָפּגעזונדערט און מיט היי געפיטערט, מיט טרוקענע היי פון די בערג־לאָנקעס. דער דאָקטער האָט אַנאַליזירט די מילך, און אַלץ איז געווען גוט. ווי פשוט דאָס איז מיטן פלעשעלע! ווי אַזוי איז דאָס אים לכתחילה ניט איינגעפאַלן! דערמיט איז מען פטור פון אַן אַם, פון יענער

שטוביקער טיראַנין, װעלכע מ׳מוז חנפענען, יענע פּוילע בהמה, װאָס מ׳מוז שטאָפּן; און װי אַ צוגאָב דערצו קען זי נאָך האָבן אַ קלעפּיקע חלאת.

נאָר ניט קוקנדיק דערויף האָט דאָס קינד װייטער געדאַרט און האָט נאָך אַלץ געשריען. ביינאַכט און בייטאָג! ס׳איז געװען גאַנץ דייטלעך, אַז עס ליידט פון מאָגן. אַ נייע קו און אַ נייע אַנאַליזע! די מילך האָט מען געמישט מיט קאַרלסבאַדער װאַסער, (מיט עכטן קוואַל-װאַסער), אָבער דאָס קינד האָט נאָך אַלץ געשריען.

— קיין אַנדער עצה איז ניטאָ, װי נעמען אַן אַם — האָט דער דאָקטאָר ערקלערט.

— ניין, דערצו האָבן זיי ניט קיין חשק. זיי װילן ניט אָפּנעמען די מילך ביי אַנדערע קינדער, דאָס איז ניט נאַטירלעך. דערביי איז מען אויך ניט זיכער פון „ירושה".

היות װי דער באַראָן האָט זיך שוין אַרייַנגעלאָזן אין אַ שמועס װאָס נאַטירלעך און װאָס אומנאַטירלעך איז, האָט דער דאָקטאָר געפונען פאַר נייטיק אים אויפצוקלערן, אַז אויב מ׳זאָל לאָזן אַלץ מיט דער נאַטור, מוזן אַלע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אויסשטאַרבן און זייערע גיטער װעלן אַריבער צו דער מלוכה. אַזוי װיל די קלוגע נאַטור און פירן מיט איר אַ קאַמף איז נאַריש, דער מענטש מוז דערביי בלייבן דער באַזיגטער. דעם באַראָנס ראַסע איז פון דער נאַטור פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. די בעסטע ראיה איז, װאָס זיין װייב האָט ניט גענוג נערונג פאַר איר קינד. כּדי דאָס קינד זאָל קענען לעבן, מוז מען אַלזאָ די מילך פון אַן אַנדער נקבה רויבן אָדער קויפן. די ראַסע מוז, װי מ׳זעט, איר גאַנצע חיונה ציען פון רויב.

— איז דען די מילך, װאָס מ׳קויפט, רויב? מ׳קויפט עס דאָך!

— אַוודאי, מחמת דאָס געלט, מיט װעלכן מ׳קויפט די מילך ביי דער מוטער פון פאָלק, איז אַ פּראָדוקט פון אַרבעט. און װעמעס אַרבעט? די אַרבעט פון פאָלק! װייל די אַריסטאָקראַטיע אַרבעט דאָך ניט!

— דער דאָקטאָר איז, אַ פּנים, אַ סאָציאַליסט!

— ניין, ער איז אַ דאַרווינִיסט, אָבער אים אַרט גאָר ניט, אויב מ׳האַלט אים פאַר אַ סאָציאַליסט. ס׳איז אים אַלץ איינס!

— גוט, אָבער אויב מען קויפט, הייסט עס דען גערויבט? דאָס איז שוין צו שטרענג!

— אַוודאי, אויב מ׳קויפט מיט געלט, וואָס שטאַמט ניט פון אייגענער אַרבעט.

— מיט די אייגענע הענט?

— יאָ.

— אויב אַזוי, איז דאָך דער דאָקטאָר אויך אַ רויבער!

— אַוודאי! אָבער דאָס איז פאַר אים קיין מניעה ניט צו זאָגן אָפן דעם אמת! געדענקט אפשר דער באַראָן יענעם פּרו־מען רויבער פון דער ביבל, וואָס פּלעגט שטענדיק דעם אמת זאָגן?

דער שמועס איז אָפּגעהאַקט געוואָרן, און דער באַראָן האָט איינגעלאַדן אַ פּראָפעסאָר.

יענער האָט דעם באַראָן אָנגערופן גזלן, דערפאַר וואָס ער האָט ביז אַהער ניט גענומען קיין אַם.

דער באַראָן האָט געמוזט איינריידן זיין ווייב. ער האָט געמוזט מבטל זיין אַלע זיינע פריערדיקע טעמים און רעכענען זיך נאָר מיט איין פאַקט: מיט דער ליבע צו זיין קינד (אין שייכות מיטן ירושה־געזעץ).

אָבער וואו קריגט מען אַן אַם? נעמען איינע פון דער שטאָט איז גאָר אויפן געדאַנק ניט אַרויף, מחמת דאָרט זיינען אַלע מענטשן דורך און דורך פאַרדאָרבן! עס קען נאָר זיין אַ מיידל פון דאָרף. אָבער די באַראָנין האָט ניט געוואָלט קיין מיידלעך, וואָרעם אַ מיידל, וואָס האָט אַ קינד, איז אַ פאַרדאָרבענע בריאה: ווער ווייס, וואָס פאַר אַ ירושה דער זון קען נאָך, חלילה, פון אַזוינער באַקומען.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז אַלע אַמען זיינען מיידלעך, און אויב דער יונגער באַראָן וועט פון זיי ירשנען די נייגונג נאָכצולויפן נאָך מיידלעך, וועט עס זיין דער בעסטער סימן, אַז

ער איז אַ בריה אַ יונג; אַזוינע נייגונגען דאַרף מען אונטערשטיצן! אַ פויערשע ווייב וועט מען געוויס ניט קריגן, וואָרעם דער, וואָס פאַרמאָגט זיין אייגענע היים און זיין ערד, וויל אויך פאַרמעגן אייגענע קינדער.

— ווי אָבער, למשל, מ׳זאָל חתונה מאַכן אַ מיידל מיט אַ פאַרובאָק?

— וועט מען מוזן ניין חדשים וואַרטן.

— ווי אָבער, אַז מ׳זאָל חתונה מאַכן אַ מיידל, וואָס האָט שוין אַ קינד?

— דאָס איז אַ אידעע!

דער באַראָן האָט זייער גוט געוואוסט פון אַ מיידל, וואָס האָט שוין אַ קינד פון דריי חדשים. ער האָט עס צו גוט געוואוסט, וואָרעם זיין חתן־כלה־צייט האָט זיך געצויגן דריי יאָר לאַנג און דער דאָקטאָר האָט אים לסוף געמוזט „צושרייבן" אַ רעצעפּט אויף אומטרייקייט צו זיין כלה.

ער איז אַליין אַוועק צו איר און האָט זי געפרעגט. זי באַקומט אַן אייגענעם הויף מיט ערד, אויב זי וועט מסכים זיין חתונה האָבן פאַרן פאַרובאָק אַנדריי און ווערן אַן אַם ביים באַראָן. אוודאי, עס איז דאָך קלאָר געווען, אַז זי וועט בעסער מסכים זיין דערצו, איידער טראָגן אויף זיך אַליין די חרפה.

זונטאָג וועט מען זיי צום ערשטן, צום צווייטן און צום דריטן מאָל אויסרופן אין קלויסטער, און נאָכדעם זאָל אַנדריי פאָרן אויף צוויי חדשים אַהיים.

דער באַראָן האָט געקוקט אויף איר קינד מיט אַ מאָדנער קנאה. ס׳איז געווען אַ גרויסער, שטאַרקער יונגאַטש. קיין פאַרשוין איז ער ניט געווען, אָבער זיכער איז געווען, אַז ער איז בכוח צו לאָזן נאָך זיך אַ סך דורות. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן צום לעבן, נאָר דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט.

אַננאַ האָט געוואוינט, בעת מ׳האָט עס פון איר אַוועקגענומען אין יתומים־הויז, אָבער די גוטע קעסט ביי די הערן — זי האָט געגעסן פון איין טיש מיט די הערן און האָט באַקומען וויין אין פאָרטער וויפל איר האַרץ האָט געגלוסט — האָט איר ביס־

לעכּווייז געטרייסט אין איר קומער. זי האָט אויך געמעגט אַרויס־פאָרן אין עקיפּאַזש, און אויף דער קעלניע איז געזעסן דער קוטשער. דערצו האָט זי נאָך געקענט לייענען טויזנט־איין־נאַכט. נאָך קיינמאָל אין לעבן איז איר אַזוי גוט ניט געגאַנגען.

אין צוויי חדשים אַרום האָט זיך אַנדריי צוריקגעקערט. ער איז געווען צו גאַסט ביי זיינע עלטערן. געגעסן, געטרונקען און גוט אויסגערוט. ער האָט איבערגענומען זיין הויף פון באַראָן, האָט אָבער דערצו אויך פאַרלאַנגט זיין אַננען. צי קען ער ניט כאָטש אַביסל מיט איר זיך דורכריידן? ניין, דאָס האָט די באַראָנין ניט דערלאָזן. און אַ מעשה מיט אַן עק!

אַננאַ האָט אָנגעהויבּן אָפּצונעמען און דער קליינער באַראָן האָט געשריען. האָט מען זיך געהאַלטן אַן עצה מיטן דאָקטאָר.

— לאָזט זיי אינאיינעם זיין, האָט ער געזאָגט.

— איז דאָס ניט שעדלעך?

— פאַרקערט.

אָבער אַנדריי האָט געמוזט פריער „אַנאַליזירט" ווערן.

דערצו האָט אַנדריי ניט מסכּים געווען. ער האָט באַקומען עטלעכע שאָף אַ מתּנה און האָט זיך געלאָזן אַנאַליזירן.

דער קליינער באַראָן האָט אויפגעהערט צו שרייען.

נאָר דאָ קומט אָן אַ ידיעה פון יתומים־הויז, אַז אַננאַס זון איז געשטאָרבן אויף דיפּטעריט. אַננאַ האָט פאַרלאָרן די מילך און דער קליינער באַראָן האָט געלאָזן די כּוחות פון שרייען.

אַננען האָט מען געמוזט אָפּזאָגן און אָפּשיקן צו איר מאַן. אויף איר אָרט האָט מען געמוזט נעמען אַן אַנדער אַם. אַנדריי האָט זיך דערפרייט סוף־כּל־סוף צו האָבן אַ ווייב אויף אַן אמת. דערווייל האָט זיך אָבער אַננאַ אָנגענומען מיט פיינע רגילותן. אַזוי, למשל, האָט זי שוין ניט געקענט טרינקען די בראַזיליאַנער קאַווע און האָט געמוזט יאַוואַנער האָבן. זיי האָט שוין אויך ניט פאַרטראָגן זעקס מאָל אין דער וואָך פיש צו עסן. די ערד אַר־בעט איז געווען פאַר איר צו שווער; און דעריבער האָבן זיי ווייניק ברויט געהאַט.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אַנדריי געמוזט אָפּזאָגן פון הויף. אָבער דער באַראָן האָט זיך צו אים גוט באַצויגן און האָט אים ווידער אויפגענומען פאַר אַן אַרבעטער.

אַננאַ האָט אויך געאַרבעט אין הויף און אָפט געזען דעם קליינעם באַראָן. נאָר יענער האָט זי ניט דערקענט, אַזוי איז טאַקע בעסער געווען, און פונדעסטוועגן האָט זי דאָך פּאָרט אים געשפּייזט פון איר ברוסט. זי האָט זיין לעבן געראַטעוועט און צוליב אים פאַרלאָרן איר אייגן קינד. אָבער זי איז געווען פרוכטבאַר און האָט נאָך געבוירן עטלעכע זין, פון וועלכע איי־נער איז געווען אַ טאָג־אַרבעטער, איינער אַ באַן־באַדינער און איי־נער איז אַפילו אין טורמע געזעסן.

און דער אַלטער באַראָן האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף יענעם טאָג, ווען דער יונגער באַראָן וועט שוין חתונה האָבן און באַקומען אַ יורש. גאַנץ געזונט האָט ער ניט אויסגע־זען. ער וואָלט אַ סך רואיקער געווען ווען יענער קליינער באַראָן, וואָס איז געשטאָרבן אין יתומים־הויז, וואָלט געווען דער יורש פון הויף. און איבערלייענענדיק נאָכאַמאָל יענע בראָשורע, האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז דער העכערער קלאַס לעבט מיטן חסד פון אונטערשטן; און איבערלייענענדיק נאָכאַמאָל דאַרווינען, האָט ער ניט געקענט אָפּלייקענען, אַז דער אָפּקלייב, ווי ער איז ביי היינטיקן טאָג, איז אַלץ וואָס מ׳וויל, נאָר נאַטירלעך איז ער ניט. נאָר דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט, און זאָלן דער דאָקטאָר מיט די סאָציאַליסטן טענהן, וואָס זיי ווילן.

---

## די רעפאָרם־פּראָבע.

זי האָט זיך מיט עקל צוגעקוקט, ווי די מיידלעך ווערן דערצויגן צו גוטע באַלעבאָסטעס פאַר זייערע באַשערטע מענער. דערפאַר האָט זי זיך אויסגעלערנט אַזאַ האַנט־אַרבעט, וואָס זאָל איר אין אַלע פאַרהעלטעניש פון לעבן געבן איר חיונה. זי איז געווען אַ בלומען־מאַכערין.

ער האָט מיט ווייטאָג צוגעקוקט, ווי די מיידלעך וואַרטן נאָר אויפן באַשערטן מאַן, וואָס זאָל זיי אינגאַנצן פאַרזאָרגן. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ פרייער, זעלבשטענדיקער פרוי, וואָס איז בכוח זיך אַליין אויסצוהאַלטן. דאַמאָלסט וועט ער אין איר זען אַ מענטשן פון זיין גלייכן, און וועט האָבן אַ חבר אין לעבן, ניט קיין באַלעבאָסטע.

און דער גורל האָט געוואָלט, אַז די ביידע זאָלן זיך טרעפן. ער איז געווען אַ מאָלער און זי, ווי געזאָגט, אַ בלומען־מאַכערין. דאָ אין פּאַריז האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט דידאָזיקע נייע אידעען.

עס איז געווען אַ זיווג פון פיינעם סטיל. זיי האָבן פאַר זיך געדונגען דריי צימערן אין פּאַססי. דאָס אַטעליע איז געלעגן אינמיטן, און פון איין זייט איר צימער, פון דער אַנדער זייט זיין צימער. זיי האָבן ניט געוואָלט האָבן איין בעט פאַר ביידן. דאָס איז אַ חזירײַ, וואָס האָט ניט זיין ביישפּיל אין דער נאַטור, און איז גורם נאָר צו אויסגעלאַסנקייט און זנות. דערצו נאָך אויסטאָן זיך אין איין צימער! ניין, יעדער דאַרף זיין אייגן צימער האָבן. דערצו אַ בשותּפותן נייטראַלן חדר, דאָס אַטעליע. פון דינסט־מיידלעך האָבן זיי גאָרניט געוואָלט הערן! וואָרעם

אַלע אַרבעטן אין דער קיך ווילן זיי אַליין מאַכן; נאָר אַן אַלטע פרוי צו הילף, וואָס קומט אינדערפרי און פאַרנאַכט.

אַלץ איז געווען גוט אויסגערעכנט, און גאַנץ גענוי צוגע־טראַכט.

— ווי וועט אָבער זיין, אַז איר וועט האָבן קינדער? — האָט דער סקעפּטיקער געטענהט.

— ניין, מיר וועלן קיין קינדער ניט האָבן!

— אַוודאי! זיי וועלן קיין קינדער ניט האָבן!

און עס איז געווען אַ נחת! אינדערפרי איז ער געגאַנגען אין מאַרק איינקויפן. נאָכדעם האָט ער געקאָכט קאַווע. זי האָט פאַרבעט די בעטן און האָט אויפגעראַמט די צימערן. און יעדער האָט זיך געזעצט צו זיין אַרבעט.

זיינען זיי מיד געוואָרן, האָט מען אַ ווײַלע געשמועסט צווישן זיך, איינער דעם אַנדערן גוטע עצות געגעבן, געלאַכט און פריילעך געווען.

צו מיטאָג־צייט האָט ער געמאַכט פייער אין קיך, און זי האָט איבערגעוואַשן גרינס. ער האָט געקאָכט רינדפלייש מיט ברייע, בעת זי איז דערווייל אַרונטער אין קראָם. נאָכדעם האָט זי געגרייט צום טיש, און ער האָט דערווייל דערלאַנגט דאָס עסן.

אָבער ווי שוועסטער און ברודער האָבן זיי דאָך ניט גע־לעבט. מ'האָט זיך געזאָגט אַ גוטע נאַכט און יעדער איז אַוועק אין זיין צימער. שפּעטער אָבער האָט ער אָנגעקלאַפּט ביי איר אין טיר, און זי האָט געזאָגט: אַריין! נאָר דאָס בעט איז גע־ווען צו ענג און צו אויסגעלאַסנקייט פלעגט עס קיינמאָל ניט דערגיין. אינדערפרי האָט זיך יעדער אויפגעכאַפּט ביי זיך אין בעט, און ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער וואַנט:

— אַ גוט מאָרגן דיר, מיין מיידל, ווי גייט עס דיר היינט?

— אַדאַנק, גוט; און דיר?

און שטענדיק, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן אינדערפרי, איז עפּעס אַלץ אַ נייס געווען, קיינמאָל ניט אַלט געוואָרן.

אינאָוונט זיינען זיי אָפּט אַרויס צוזאַמען און האָבן זיך געטראָפן מיט זייערע לאַנדסלייט. דער רויך פון טאַבאַק האָט איר ניט געשטערט און זי האָט אויך קיינעם ניט געשטערט צו רויכערן.

אָט דאָס איז דער אידעאַל פון אַ זיווג, האָבן לייט געזאָגט, אַזאַ גליקלעך פּאָרל האָבן זיי נאָך ניט געזען.

די מיידל אָבער האָט געהאַט עלטערן, וואָס האָבן געוואוינט ווייט פון פּאַריז. יענע האָבן געשריבן בריוו און אָן אַן אויפהער נאָכגעפרעגט, צי זי איז שוין אויף דער צייט, וואָרעם זיי בענקען שוין נאָך אַן אייניקל. לואיזע מעג אין זינען האָבן, אַז דער זיווג איז געשענקט ניט פאַר די עלטערן, נאָר פאַר די קינדער. פאַר לואיזען איז דאָס געווען אַן אַלטמאָדישע אָנזיכט. די מאַמע האָט געשטעלט די פראַגע, צי מ׳האָט ניט חלילה בדעה מיט דידאָזיקע נייע אידעען די וועלט אויסצוראָטן. מכּוח דעם האָט לואיזע ניט געטראַכט, און דערפאַר האָט עס איר אויך ניט געאַרט. זי איז גליקלעך און אויך דער מאַן אירער; דעם ערשטן מאָל האָט די וועלט דערזען אַ גליקלעכן זיווג און דערפאַר איז מען זי מקנא.

עס האָט זיך זיי גאַנץ אָנגענעם געלעבט. קיינער פון זיי האָט ניט געהערשט איבערן צווייטן, און די קאַסע איז געווען אַ בשתּפותשע. אַמאָל האָט ער מער פאַרדינט, אַמאָל זי, אָבער מ׳האָט זיך שטענדיק אויסגעגלייכט צווישן זיך.

און וואָס פאַר אַ גליק עס איז געווען, ווען איינער פון זיי האָט געהאַט געבורטסטאָג!

אינדערפרי האָט זי זיך שוין אויפגעכאַפּט מיט דעם געדאַנק, אַז באַלד קומט אַריין די באַדינערין מיט אַ בוקעט און מיט אַ קליינעם בריוועלע, באַמאָלט מיט בלומען, וואו עס שטייט געשריבן:

— אַ מזל־טוב דער פרוי בלומענבעכערל פון איר פּענזלער.

ער האָט דעם כּבוד צו פאַרבעטן זי צו אַ קליינעם אָנבייסן און טאַקע תּיכף!

און באַלד קלאַפּט מען אָן אין זיין טיר. — און ער ענטפערט: אַריין!

און זיי עסן דעם אָנבייסן אין בעט; ביי אים אין בעט; און די באַדינערין אַרבעט דאַן דעם גאַנצן פאַרמיטאָג. עס איז געווען אַ נחת!

און עס איז קיינמאָל ניט אַלט געוואָרן. שוין צוויי יאָר ווי עס דויערט אַזוי, און אַלע נביאות־זאָגער האָבן פאַלשע נביאות געזאָגט.

אָט אַזוי מוז אַ זיווג זיין!

נאָכדעם האָט אָבער פּאַסירט, אַז די ווייב איז קראַנק געוואָרן. זי האָט געמיינט, עס קומט פון די טאַפּעטן; ער אָבער האָט משער געווען, אַז דאָס מוזן זיין באַקטעריעס. — אַוודאי טובערקולאָז־באַקטעריעס!

אָבער אַחוצדעם איז עפּעס ניט געווען כשורה. מסתמא אַ פאַרקילונג. דערביי איז זי עפּעס אַזוי גראָב געוואָרן. זאָל דאָס אפשר אַ מין געוויקס זיין, פון וועלכן זיי האָבן אַזויפיל געלייענט? אַוודאי איז דאָס אַ געוויקס! זי איז אוועק צום דאָקטאָר, און קומענדיק אַהיים, האָט זי זיך צעוויינט. עס איז באמת געווען אַ געוויקס, אָבער אַזאַ, וואָס וועט צו דער צייט אויף דער ווייסער וועלט אַרויס, וועט ווערן אַ בלום, וואָס טראָגט אין זיך זוימען פאַר ווייטערדיקע דורות.

דער מאַן האָט ניט געוויינט, אדרבא, ער האָט דערין אַ שיינקייט געפונען. ער איז נאָך אַוועק אין רעסטאָראַן, דער שוטה, און האָט זיך באַרימט דערמיט. אָבער די ווייב האָט ווייטער געוויינט. ווי וועט עס איצט ווערן מיט איר פאַרהעלטעניש צו אים? זי וועט שוין באַלד אַליין ניט קענען פאַרדינען און וועט מוזן עסן זיין ברויט. דערצו וועט מען נאָך מוזן אַ דינסט נעמען. אַך, די דינסטמיידלעך!

קיין פאַרזאָרגן, קיין פאַרהיטונג, קיין ווייטער קוק האָט ניט געהאָלפן; אַלץ האָט זיך צעשלאָגן אָן דעם אומפאַרמיידלעכן נאַטור־געזעץ.

אָבער די שוויגער האָט געשריבן בריוו פול מיט התפעלות און כסדר איבערגעחזרט, אַז גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן

די חתונה צוליב די קינדער, דער תּענוג פון די עלטערן איז נאָר אַ צוגאָב דערצו.

הוגאָ האָט איר צוגערעדט, זי זאָל זיך גאָר ניט קימערן, וואָס זי פאַרדינט איצט גאָרנישט. איז דען איר אַרבעט פאַרן קינד ניט נייטיק? האָט עס ניט די ווערדע פון געלט? געלט איז דאָך נאָר אַרבעט! און זי באַצאָלט איר חלק מיט אַרבעט.

פונדעסטוועגן האָט זי נאָך לאַנג ניט געקענט פועלן בײַ זיך, וואָס זי מוז עסן זײַן ברויט. ווען דאָס קינד איז אָבער געקומען אויף דער וועלט, האָט זי אָן אַלץ פאַרגעסן. און זי איז געווען זײַן ווײַב און זײַן חבר ווי אַמאָל, זי איז אָבער אַחוצדעם נאָך געווען די מאַמע פון זײַן קינד, און ער האַלט, אַז דאָס איז דאָס בעסטע פון אַלץ.

---

## אַ נאַטור־מניעה.

איר טאַטע האָט מסכים געווען, זי זאָל לערנען בוכהאַל־טעריע, כדי אויסצומיידן יענעם געוויינלעכן גורל פון דער מיידל, וואָס זיצט און וואַרט נאָר אויפן מאַן.

איצט איז זי שוין אַ בוכהאַלטערין אויפן באַן, ביי דער באַגאַזש־אָפּטיילונג, און איז בהסכם פון אַלעמען אָנערקענט פאַר אַ פּעאיקע און בריהשע באַאַמטין. זי האָט געוואוסט דעם סוד, ווי מ׳באַגייט זיך מיט מענטשן, אַז עס איז ממש געווען אַ נחת אָנצוקוקן. זי האָט געהאַט פאַר זיך אַ שיינע צוקונפט.

האָט זיך גראָד אונטערגערוקט דער גרינער יעגער, אַ לע־רער פון דער וואַלד־אַקאַדעמיע, און זיי האָבן חתונה געהאַט. אָבער קיין קינדער האָבן זיי ניט געוואָלט. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ גייסטיקער זיווג, וואָס זאָל זיין אַ לעבעדיקערביישפּיל פאַר דער וועלט, אַז די פרוי איז אויך אַ מענטש פון גייסט און ניט בלויז אַ נקבה.

מאַן און ווייב פלעגן זיך טרעפן צו מיטאָג און ביינאַכט, און עס איז געווען אַ באַשערטער זיווג, אַ בונד פון צוויי נשמות, און אויך פון צוויי קערפּערס, אָבער דערפון האָט מען, נאַטיר־לעך, ניט גערעדט.

איינמאָל, קומענדיק אַהיים, האָט זי אים מודיע געווען, אַז איר אַרבעט־צייט האָט זיך געענדערט. דער פּאַרלאַמענט האָט באַשלאָסן צו לאָזן אין פּאַרקער אַ נייעם נאַכט־צוג און פון איצט אָן איז איר אַרבעט־צייט באַשטימט צווישן זעקס און ניין אַ זייגער אינאָוונט. דאָס איז פאַר זיי געווען אַן אומגעריכטער קלאַפּ,

וואָרעם ער האָט בשום אופן ניט געקענט קומען פאַר זעקס. פשוט אוממעגלעך!

פון איצט אָן האָט יעדער פון זיי געמוזט עסן אַליין פאַר זיך זיין מיטאָג, און געטראָפן האָבן זיי זיך נאָר ביי נאַכט. פאַר אים איז דאָס געווען צו ווייניק. דערצו נאָך די לאַנגע אומעטיקע אָוונטן! ער פלעגט קומען אָפּנעמען זי אַהיים. ס'איז אים אָבער געווען אומאָנגענעם צו זיצן אין דער באַגאַזש-עקספּעדיציע אויף אַ שטול און די טרעגער זאָלן אים שטורכען פון אַלע זייטן. עפּעס האָט ער שטענדיק עמיצן געשטערט. און אַז ער האָט געוואָלט אויסריידן אַ פּאָר ווערטער מיט זיין ווייב, וואָס איז געזעסן מיטן בלייפעדער הינטערן אויער, האָט זי אים אָפּט אָפּגעהאַקט אינמיטן:

— זיי מוחל, וואַרט אַ ווײַלע!

די לייט פלעגן זיך אָפּקערן, און ער האָט באַמערקט אָן זייער רוקן, אַז מ'מאַכט דאָרט עפּעס מאָדנע העוויות.

צייטנווייז האָט דער בוכהאַלטער איר מודיע געווען פון זיין קומען מיט אַזאַ לשון:

— אייער מאַן וואַרט אויף אייך, מאַדאַם X.

„אייער מאַן" — אין די ווערטער האָט זיך געפילט אַן אומכבוד צו אים.

מער פאַר אַלץ האָט אים אָבער גערייצט דער פאַקט, וואָס לעבן איר, ביים פּולט, איז געזעסן אַ מיטאַרבעטער, אַ יונגער בעל-גאווהניק, וואָס האָט זי מיט די אויגן געגעסן; און אָפּט, ווענדיק אַריינקוקן אין הויפּט-בוך, האָט ער זיך אַזוי איבערגע-בויגן איבער איר, אַז זיין קין האָט זיך כמעט געלייגט אויף איר ברוסט! און זיי האָבן ביידע גערעדט צווישן זיך פון פאַקטורעס און סערטיפיקאַטן, פון זאַכן, וואָס האָבן געקענט ווער-ווייס-וואָס באַדייטן, ווייל ער האָט דערין קיין שום ידיעה ניט געהאַט. און זיי האָבן צוזאַמען געמאַכט די ביכער, און ס'האָט אויסגעזען, אַז זיי זיינען געווען נעענטער צווישן זיך ווי מאַן און ווייב. און דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָרעם זי פלעגט מער זיין צוזאַמען מיטן פרײַלעכן בעל-גאווה ווי מיט איר מאַן. ער האָט

אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי איז באמת זייער זיווג אַ גייסטיקער זיווג. וואָרעם כּדי דער זיווג זאָל טאַקע זיין אַזאַ, האָט ער אויך געמוזט דינען ביי דער באַגאַזש-אָפּטיילונג. ער איז אָבער געווען אין דער וואַלד-אַקאַדעמיע.

איינמאָל אינאָוונט, האָט זי אים אָנגעזאָגט, אַז דעם קומענ-דיקן זונטאָג מוז זי גיין אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די אייזנבאַן-אַרבעטער, וואָס וועט זיך צום סוף ענדיקן מיט אַ געמיינזאַמער סעודה. דער מאַן האָט די ידיעה אויפגענומען עפּעס מיט אַ פאַר-לעגנהייט.

— ווילסטו גיין אַהין ?—האָט ער תּמימותדיק געפרעגט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה ?

— אָבער דו ביסט דאָך די איינציקע פרוי צווישן אַזויפיל מענער, און אַז מענער מאַכן אַ כּוס, ווערן זיי גראָב.

— גייסטו ניט אויף וואַלד-אַקאַדעמישע יום-טובים אָן מיר ?

— אמת טאַקע, אָבער ניט ווי אַן איינציקער מאַנסביל צווישן פרויען !

— מענער און פרויען זיינען דאָך גלייך. און זי איז פאַר-חידושט, וואָס ער, וועלכער אַגיטירט פאַר די באַפרייאונג פון דער פרוי, זאָל עפּעס האָבן קעגן אַ פרוי, וואָס באַזוכט אַ פאַרזאַמלונג.

— ער איז מודה, אַז דאָס זיינען טאַקע אַלטע פאָראור-טיילן, וועלכע זיינען נאָך ביי אים טיף איינגעוואָרצלט: ער איז מודה, אַז זי איז גערעכט און ער איז אומגערעכט, אָבער ער בעט זי, זי זאָל אַהין ניט גיין. עס איז אים עפּעס ניט אָנגענעם! ער קען זיך פון דעם געפיל ניט באַפרייען !

— דאָס איז ניט קאָנסעקווענט פון זיין זייט !

— אמת, עס איז טאַקע ניט קאָנסעקווענט, אָבער עס מוזן נאָך צען דורות דויערן, ביז דער מענטש וועט גייסטיק רייף ווערן.

— אויב אַזוי, דאַרף ער אויך מער קיין פאַרזאַמלונגען ניט באַזוכן.

— דאָס איז קיין פאַרגלייך ניט, ווייל דאָרט זיינען דורכ-

אויס נאָר מענער! אים אַרט ניט, וואָס זי גייט אַליין אָן אים, נאָר וואָס זי גייט אַליין מיט אַזוי פיל מענער!

— זי וועט דאָרט אַליין ניט זיין, ווייל דעם קאַסירערס ווייב וועט דאָרט אויך זיין...

— אַלס וואָס?

— אַלס דעם קאַסירערס ווייב!

— וואָלט ער אפשר אויך געקענט מיטגיין אַלס „איר מאַן״!

— צו וואָס דאַרף ער זיך דערנידעריקן און פאַלן יענעם צו לאַסט!

— ער וויל זיך דערנידעריקן.

ער איז אייפערזיכטיק?

— יאָ, פאַרוואָס ניט! ער האָט מורא, עמיצער זאָל זיך ניט שטעלן צווישן זיי ביידן.

— פע, ער איז אייפערזיכטיק, וויפל פאַרדראָס ער פאַר־שאַפט איר! וואָס פאַר אַ אָפּזיין פאַר איר, וואָס פאַר אַ אומצוּ־טרוי! וואָס טראַכט ער פון איר?

— ער טראַכט פון איר דאָס בעסטע, און ער וועט איר דערווייזן: זי קען גיין אַליין!

— מעג זי טאַקע באמת אַליין גיין! וואָס פאַר אַ חסד!

און זי איז געגאַנגען! געקומען איז זי ערשט פאַרטאָג אַהיים. זי האָט געפילט, אַז זי מוז אויפוועקן איר מאַן און דער־ציילן אים ווי אָנגענעם עס איז געווען! אָט האָט עס אים גע־פרייט צו הערן! מ׳האָט געהאַלטן אַ טאָסט פאַר איר געזונט, און זיי האָבן געזונגען אין קוואַרטעט און געטאַנצט.

— ווי אַזוי איז זי אַהיים געקומען?

— דער הער לאַפּע האָט זי אַהיים באַגלייט.

— און וואָס וואָלט געווען, ווען עמיצער טרעפט אָן זיין ווייב דריי אַ זייגער אינדערפרי מיט דעם יונגן לאַפּען געאָרעמט!

— פאַרוואָס ניט! זי האָט דאָך חלילה קיין שלעכטן נאָמען ניט!

— ניין, זי קען אָבער קריגן אַזאַ נאָמען!

— אַך, ער איז איפּערזיכטיק, און וואָס ערגער איז, ער איז איר מקנא! ער פאַרגינט איר ניט איר ביסל פאַרגעניגן. אָט אַזוי איז דאָס, ווען מ'האָט חתונה! גייט מען אַ ביסל אַרויס, מ'פאַרברענגט, קומט מען אַהיים און מ'ווערט אויסגעזידלט! פע, ווי נאַריש דאָס חתונה האָבן איז! און צי האָט בכלל אַ ווערט אַזאַ זיווג? זיי טרעפן זיך ביינאַכט, פונקט ווי אַלע. די מענער זיינען אַלע גלייך. ביז דער חתונה זיינען זיי איידל און העפלעך. אָבער נאָכדעם, נאָכדעם! איר מאַן איז פונקט אַזוי ווי אַלע אַנ־דערע מענער; ער מיינט, אַז זי איז זיינע אַ זאַך, אַז ער איז אַ באַלעבאָס איבער איר!

— ער האָט געמיינט, און זיי האָבן אַמאָל ביידע געמיינט, אַז זיי געהערן איינער צום אַנדערן, נאָר, ווי עס ווייזט אויס, האָט ער אַ טעות געהאַט. זי האַלט אים פאַר אירע אַ זאַך, ווי דער באַלעבאָס דעם הונט, וואָס איז שטענדיק זיכער אין זיין טרייקייט. איז ער דען עפּעס אַנדערש ביי איר ווי אַ דינער, וואָס קומט זי יעדן אָוונט אָפּנעמען. איז ער עפּעס אַנדערש ווי „איר מאַן"? און זי, וויל זי דען „זיין ווייב" זיין? וואו איז די גלייכקייט?

— זי איז ניט געקומען אַהיים קריגן זיך. זי וויל תּמיד זיין ווייב זיין און ער זאָל תּמיד איר מאַנעלע זיין.

— דער שאַמפּאַניער האָט געווירקט! האָט ער אַ טראַכט געטאָן און האָט זיך אומגעקערט צום וואַנט.

זי האָט געוויינט און געבעטן, ער זאָל זיך באַציען צו איר מיט יושר און זאָל איר מוחל זיין.

ער האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטער דער דעקע.

זי האָט אים נאָכאַמאָל געפרעגט, צי וויל ער ניט — זי זאָל זיין ווייב זיין.

— אוודאי, אַוודאי וויל ער דאָס! אָבער ס'איז אים היינ־טיקן אָוונט אַזוי שרעקלעך אומעטיק געווען, אַז ער וויל שוין מער ניט איבערלעבן נאָך אַזאַ אָוונט.

— אָבער איצטער דאַרפן זיי אַלץ פאַרגעסן!

און זיי האָבן פאַרגעסן און זי איז ווידער געווען זיין ווייבעלע.

צומאָרגנס, אינאָוונט, ווען ער איז זי געקומען אָפּנעמען, איז זי געווען אַרויסגעגאַנגען אין מאַגאַזין. ער איז געווען אַליין אין קאַנטאָר און האָט זיך געזעצט אויף איר שטול. פּלוצלונג עפנט זיך אויף אַ גלאָז-טיר און דער הער לאַפּע שטעקט אַריין זיין קאָפּ:

— אַננעלע, דו ביסט דאָ?

ניין, דער מאַן אירער איז דאָ!

ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק! דער הער לאַפּע רופט זיין אַננען אַננעלע און רעדט צו איר אויף „דו"! אַננעלע! דאָס איז שוין צופיל.

ווען זי איז געקומען אַהיים, איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַ גרויסער סקאַנדאַל. זי האָט אויפגעוויזן דעם גרינעם יעגער, אַז זיינע טעאָריעס פון דער פרויס באַפרייאונג קען מען ערנסט ניט נעמען, ווייל אים געפעלט ניט, ווען זיין ווייב דוצט אירע חברים.

דאָס ערגסטע אָבער איז געווען, וואָס ער אַליין האָט מודה געווען, אַז מ'דאַרף זיינע טעאָריעס ערנסט ניט נעמען.

— אַזוי, האָט ער פריער אויך אַזאַ מיינונג געהאַט? ער ענדערט, הייסט עס, זיינע אָנזיכטן, האַ?

— אוודאי! דעם מענטשנס קוק אויפן לעבן ענדערט זיך מיט דער ווירקלעכקייט, וואָס האָט שוין אַזאַ טבע צו ענדערן זיך! אויב ער האָט פריער געגלויבט אין אַ רוחניותדיקן זיווג, גלויבט ער שוין איצט בכלל אין קיין זיווג ניט. דאָס איז אין עקסט-ראַדיקאַלן גייסט! און וואָס ס'איז שייך צום גייסט, מיינט ער, איז איר גייסטיקער זיווג מיטן הערן לאַפּע אַ סך אַ שטאַרקערער ווי מיט אים, ווייל די בשותּפותשע באַגאַזש-ענינים זיינען איר נעענטער, און מיט זיינע וואַלד-ענינים אינטערעסירט זי זיך דאָך לגמרי ניט! נו, איז זייער זיווג אַ גייסטיקער?

— ניין, פון איצט אָן שוין ניט מערער! איר ליבע איז געשטאָרבן! ער האָט זי געטויט פון דער מינוט, ווען ער האָט

זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבן אין דער אידעע — פון דער פרויס באַפרייאונג!

וואָס פון טאָג איז דער שטרייט צווישן זיי געוואָרן פאַר־ביטערטער, און דער גרינער יעגער האָט געזוכט אַ גייסטיקן זיווג ביי די וואַלד־קאָלעגן, און פון באַגאַזש־עניבים, פון וועלכע ער האָט קיין שום ידיעה ניט געהאַט, האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט.

— דו קענסט מיך ניט פאַרשטיין, האָט זי אָפּט איבער־געחזרט!

— ניין, באַגאַזש־עַנינים האָב איך ניט געלערנט, איז גע־ווען זיין ענטפער.

איינמאָל אינאָוונט האָט ער איר דערציילט, אַז ער לערנט איצט אין אַ פּענסיאָן פאַר מיידלעך באָטאַניק, און ער וועט אפשר מוזן גיין מיט זיי אויסערן שטאָט באָטאַניזירן.

— אַזוי? עפּעס האָט ער מכוח דעם נאָך קיינמאָל מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט! זיינען דאָרט גרויסע מיידלעך?

— ריזיקע! פון זעכצן ביז צוואַנציק יאָר!

— המ!... ווען, פאַרמיטאָג?

— ניין, נאָכמיטאָג! און נאָכדעם וועלן זיי שוין דאָרט אויך זייער אָוונט־ברויט עסן.

— די פּענסיאָן־דאַמע איז געוויס אויך דערביי?

— ניין! אָבער זי האָט צו אים צוטרוי, וואָרעם ער איז דאָך אַ באַווייבטער! אַ פּנים, צייטנווייז איז גאַנץ גוט צו זיין אַ באַווייבטער.

אויפן צווייטן טאָג איז זי געוואָרן קראַנק.

— ער וועט דאָך קיין האַרץ ניט האָבן זי צו פאַרלאָזן אין אַזאַ מאָמענט?

— דער חוב פון דינסט, איז קודם כל! איז זי טאַקע אַזוי קראַנק?

— אָ, מסוכּנדיק!

ער האָט גערופן דעם דאָקטאָר, הגם זי האָט עס ניט גע־

וואָלט. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז עס איז חלילה קיין סכּנה ניטאָ, און דער מאַן קען גיין!

ערשט פאַרטאָג האָט ער זיך צוריקגעקערט אַהיים! ווי אויפגעלייגט ער איז געווען! ווי גוט ער האָט פאַרבראַכט! אַזאַ טאָג האָט ער שוין לאַנג, לאַנג ניט איבערגעלעבט!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ חתונה. הימל עפן זיך! ניין, אָט דער קאַמף איז ניט נאָך אירע כּוחות! און ער מוז איר געבן אַ שבועה, אַז ער וועט קיינמאָל קיין אַנדערע, אַחוץ איר, ניט ליב האָבן! קיינמאָל ניט!

ספּאַזמעס און עסיק־קאָמפּרעסן צום קאָפּ!

ער איז געווען צו איידל, ער זאָל דערציילן מיט אַלע פּרטים ווי עס איז צוגעגאַנגען אויפן פּיקניק מיט די מיידלעך. אָבער ער האָט זיך דערלויבט נאָכאַמאָל צו דערמאָנען דעם משל מיטן הונט, און האָט איר קלאָר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז צו ליבע איז שייך דער באַגריף פון רעכט אויף אייגנס, נאַטירלעך אויך פון דער פרויס זייט. איבער וואָס ווייַנט זי דען? אפשר ניט איבער דעמזעלביקן פאַקט, וואָס האָט זיין צאָרן דערוועקט, ווען זי האָט אַליין מיט צוואַנציק מענער פאַרבראַכט! זי האָט מורא אים ניט צו פאַרלירן! אָבער ווי קען מען פאַרלירן אַ זאַך, וואָס עס איז ניט קיין אייגענע! וואָס מ׳באַזיצט ניט!

אָט אַזוי איז דער ריס ווידער פאַרלאַטעט געוואָרן. אָבער דער באַגאַזש און דער פּענסיאָן האָבן זייער זאַך געטאָן און ווי־דער אָפּגעריסן די לאַטעס, וואָס זיינען שוואַך צוגענייט געווען. קיין האַרמאָנישער זיווג איז דאָס שוין מער ניט געווען!

נאָר דאָ מאַכט זיך אַ מעשה, אַז די ווייב ווערט קראַנק. זי האָט זיך מסתּמא אונטערגעריסן, אויפהייבנדיק אַ פּאַק אין מאַגאַזין. זי איז דאָך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, און קען ניט פאַרטראָגן, ווען עס קומט אַמאָל אויס צו וואַרטן אויף די טרעגער. זי מוז שטענדיק אַליין אַ האַנט צולייגן. ס׳איז געוויס אַ ברוך!

עפּעס פילט מען ווי אַ האַרטע זאַך, האָט געזאָגט די אַקושערין.

אָט צו וואָס עס איז דערגאַנגען! ווי צעקאָכט זי איז גע־וואָרן אויף אים! וואָרעם עס איז גאָר קיין ספק ניט געווען, אַז דאָס האָט ער איר אויף צו להכעיס אָפּגעטאָן! וואָס וועט עס איצט זיין מיט איר צוקונפט. סיידן דאָס קינד ערגעץ אין אַ האָרט אָפּגעבן, אַנדערש ניט! פּונקט אַזוי האָט עס רוסאָ געמאַכט. אַזוי איז ער ניט קיין גרויסער חכם, אָבער דאָ איז ער גאַנץ גערעכט געווען.

און אַזויפיל קאַפּריזן! דער יעגער האָט זיך געמוזט תיכּף ומיד אָפּזאָגן פון דעם מיידלשן פּענסיאָן!

אָבער ערגער פאַר אַלץ איז, וואָס זי האָט ניט געקענט גיין אין מאַגאַזין. זי האָט געמוזט זיצן אין קאַנטאָר און בוכן. דערצו נאָך דאָס מיאוסטע: זי האָט באַקומען אַ געהילף, וואָס האָט געהאַט אַ געהיימע מיסיע צו זיין איר פאַרטרעטער, ווען זי וועט מוזן בלייבן אין דער היים.

און די קאָלעגעס זיינען אויך עפּעס גאָר ניט די פריער־דיקע. די לייט מאַכן העוויות, מעשה־חוזק. זי האָט זיך געמעגט באַגראָבן פון בזיונות. שוין בעסער אַריין אין דער באַלעבאַטיש־קייט און אָפּגעבן זיך צו דער קיך, איידער זיצן דאָרטן אויף לייטישע געלעכטער. אָ, ווי טיף דער תּהום איז פון די פאָר־אורטיילן, וואָס באַהאַלטן זיך אין די פאַלשע מענערשע הערצער.

פאַר דעם לעצטן חודש האָט זי גענומען אורלויב. זי איז שוין מער ניט געווען בכּוח פיר מאָל אַ טאָג צו מאַכן אַזאַ מהלך, דערצו איז איר אָפּט דאָרט באַפאַלן אַ הונגער און זי האָט זיך געמוזט קויפן זעמל מיט פּוטער. אַחוצדעם האָט זי זיך אָפּט געפילט ניט איינגאַנצן, און פלעגט מוזן מאַכן אַ הפסקה! אָט איז אַ לעבן! אָט דאָס איז דער פּרויס קלאָגעדיקער גורל אין לעבן!

און נאָכדעם איז דאָס קינד געקומען אויף דער וועלט!

— אפשר גיבן מיר עס אָפּ אין אַ האָרט? — האָט דער יעגער געזאָגט.

— וואָס, ער האָט שוין גאָר קיין האַרץ ניט?

— אָ, יאָ, ער האָט אַ האַרץ!

און דאָס קינד איז געבליבן אינדערהיים.

אַ ביסל שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון אייזנבאַן־אמט מיט דער העפלעכער פראַגע, ווי עס גייט דער פרוי?

עס גייט איר בה״ש גאַנץ גוט און זי וועט איבערמאָרגן שוין ווידער קענען פאַרנעמען איר פּלאַץ.

זי איז נאָך געווען שוואַך און האָט געמוזט נעמען אַ פור. אָבער אינגיכן איז זי גאַנץ געזונט געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט זי געמוזט אָפּט אַ שיק־יינגל שיקן, ער זאָל זיך דערוויסן ווי עס גייט דעם קינד. לכתחילה אַ פּאָר מאָל אין טאָג, און שפּעטער אַלע פּאָר שעה. און אַז זי האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז עס וויינט, איז זי געוואָרן גאַנץ אויסער זיך און איז געלאָפן אַהיים. אָבער איר באַהעלפער איז שטענדיק געשטאַנען גרייט איר פּלאַץ צו פאַרנעמען. די אויבער־באַאַמטע זיינען געווען צו איר גאַנץ העפ־לעך און גאָרנישט געזאָגט.

איינמאָל האָט די פרוי אַנטדעקט, אַז די אַם האָט קנאַפּ מילך, און אַז זי האָט דערפון ניט מודיע געווען, מחמת זי האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן איר שטעלע. זי האָט תיכף גענומען אורלויב צו זוכן אַ נייע אַם. אַך, זיי זיינען אַלע געראָטן איינע אין די אַנדערע. זיי האָבן קיין אינטערעס ניט פאַר פרעמדע קינדער, נאָר גראָבע עגאָאיסטינס זיינען זיי. מ׳קען זיך בשום אופן אויף זיי ניט פאַרלאָזן!

— ניין, — האָט דער מאַן געזאָגט — אין אַזאַ פאַל קען מען זיך נאָר אויף זיך אַליין פאַרלאָזן!

— וואָס מיינסטו, איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מיין שטעלע?

— איך מיין, אַז דו קענסט טאָן וואָס דיר געפעלט!

— און איך זאָל דיין שקלאַפין ווערן?

— ניין, דאָס מיין איך לחלוטין ניט!

דער קליינער איז קראַנק געוואָרן, ווי עס טרעפט געוויינ־לעך מיט קינדער. ציינדלעך! און זי נעמט אורלויב אויף אור־לויב. דאָס קינד האָט שטאַרק געהאַט צו ליידן פון די ציינדלעך. ביינאַכט דאַרף מען וויגן, בייטאָג אויף דער שטעלע, מ׳איז שלעפעריק, מיד, נערוועז און ווידער אורלויב. דער גרינער יעגער

איז געווען גאַנץ איידל און האָט דאָס קינד ביינאַכט אַרומגע־טראָגן, נאָר מכּוח איר שטעלע האָט ער זיך מיט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

זי האָט אָבער געוואוסט זיינע געדאַנקען. ער וואַרט נאָר אויף דעם מאָמענט, זי זאָל אין דער היים פאַרבלייבן; נאָר ער איז פאַלש, דערפאַר שווייגט ער. ווי פאַלש די מענער זיינען! זי האַסט אים; בעסער אַ מעשה זיך אָנטאָן, איידער אָפּזאָגן זיך פון דער שטעלע און ווערן זיין שקלאַפין.

דער יעגער האָט זיך שוין איצט אינגאַנצן מיאש געווען, אַז זיין ווייב וועט זיך באַפרייען פון דעם נאַטור־געזעץ; די תּיינטיקע פאַרהעלטעניש זיינען שוין אַזוינע, האָט ער גאַנץ קלוג מוסיף געווען.

ווען דאָס קינד איז פינף חדשים אַלט געווען, איז די פרוי ווידער מעוברת געוואָרן.

הימל עפן זיך!

— יאָ, הייבט זיך דאָס איינמאָל אָן, גייט עס שוין ווי געשמירט!

דער יעגער האָט געמוזט ווידער אויפנעמען זיין שטעלע אין פענסיאָן פאַר מיידלעך, כּדי צו פאַרגרעסערן זיין הכנסה — און איצט ערשט האָט זי זיך אונטערגעגעבן!

— איך בין דיין שקלאַפין, האָט זי אויסגערופן קומענדיק אַהיים, יענעם טאָג, ווען זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע— אין בין דיין שקלאַפין!

און פונדעסטוועגן פירט זי די באַלעבאַטישקייט, און ער ברענגט איר אַהיים יעדן איינציקן פעניג. דאַרף ער אַ ציגאַר קויפן, מוז ער צו איר קומען מיט אַ לאַנגן תּירוץ, איידער ער פועלט ביי זיך פאָרצולייגן זיין בקשה. זי זאָגט אים חלילה קיינ־מאָל ניט אָפּ, קיינמאָל ניט, אָבער אים איז פאָרט שווער ביי איר צו בעטלען. אויף זיצונגען מעג ער גיין, אָבער אויף אַ שמחה־לע בלייבן—דאָס ניט, און מיט מיידלעך גיין באָטאַניזירן אוודאי און אוודאי ניט!

און אים פעלט עס אויך כמעט ניט, ווייל ער געפינט, אַז דער בעסטער נחת איז צו שפּילן מיט די קינדער.

זיינע חברים זאָגן אויף אים, אַז ער איז אונטער דער ווייבס פּאַנטאָפל; ער אָבער שמייכלט דערצו, און זאָגט, אַז ער פילט זיך דערביי גאַנץ גוט, וואָרעם זיין ווייב איז זייער אַ פאַר־שטענדיקע און אַ ליבע פרוי.

זי אָבער טענהט אַלץ נאָך, אַז זי איז זיין שקלאַפין. זי איז עס באמת, און דאָס איז איר איינציקער טרייסט אין איר ביטערן גורל. אַ רחמנות נעבעך אויף דער פרוי!

---

## „אַ פּופּנהיים".

שוין זעקס יאָר נאָך זייער חתונה, אָבער זיי זיינען נאָך געווען ווי חתן־כּלה. ער איז געווען אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף און איטלעכן זומער האָט ער זי געמוזט פאַרלאָזן אויף עטלעכע חדשים; צוויי מאָל איז אים אויסגעקומען צו מאַכן אַ לאַנגן טור. די קורצע נסיעות האָבן אין זיך געהאַט אַ מעלה: אויב זייער פאַרהעלטעניש איז אין משך פון לאַנגן ווינטער געוואָרן אַ ביסל אָפּגעקילט, איז זי נאָך דער זומער־הפסקה ווידער אויפסניי אָפּגעפרישט געוואָרן.

דעם ערשטן זומער האָט ער איר געשריבן אמתע ליבע־בריוו. און ער האָט קיין איין זעגל־שיף ניט דורכגעלאָזן, וואָס ער זאָל מיט אים ניט אָפּשיקן קיין פּאָסט. זייענדיק אויפן שטאָק־האָלמער אינזל־ים, נאָענט צו דער יבשה, האָט ער אַליין ניט גע־וואוסט, ווי אַזוי ער זאָל זיך מיט איר וואָס גיכער זען. אָבער זי האָט יאָ געוואוסט. אין לאַנדסאָרט באַקומט ער אַ טעלעגראַם, אַז זי פאָרט אים אַנטקעגן קיין דאַלאַרע. און באַלד ווי מ'האָט גע־וואָרפן דעם אַנקער, האָט ער דערזען אַ קליין בלוי טאַשנטיכל אויף דער וועראַנדע פון רעסטאָראַן, און האָט געוואוסט, אַז זי איז דאָס. אָבער אויפן באָרט איז געווען אַזויפיל אַרבעט, אַז קוים ערשט צו אָוונט־צו האָט ער געקענט אַראָפּ אויף דער יבשה. תּיכף ווי די שלופּקע איז צוגעקומען צו דער יבשה, האָט ער זי שוין דערזען פונוייטנס שטייענדיק אויף דער אויסשיפונגס־בריק; זי איז נאָך געווען פונקט אַזוי יונג, פונקט אַזוי שיין, און פונקט אַזוי געזונט ווי פריער. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער לעבט נאָכאַמאָל איבער זיין ליבעס־פרילינג. און קומענדיק

אין רעסטאָראַן, איז שוין געווען גרייט צום טיש אין די צוויי קליינע צימערן, וואָס זי האָט באַשטעלט! און וויפל מ׳האָט געהאַט דערבײַ צו ריידן און צו איבערשמועסן? פון דער נסיעה, פון די קינדער, פון דער צוקונפט! און דער ווײַן האָט געפינקלט און מ׳האָט זיך געטשמאָקעט. פון שיף האָט זיך געלאָזט הערן די אָוונט־מוזיק, אָבער דאָס האָט אים ניט געאַרט, וואָרעם פאַר איינס אַ זייגער האָט ער גאָרניט געהאַט בדעה אַוועקצוגיין.

— וואָס, ער וויל שוין גיין?

— יאָ, ער מוז אויפן באָרט זיין; עס וועט אָבער גענוג זיין, ווען ער וועט דאָרט זיין צו דער טאָג־וואַך.

— ווען הייבט זיך אָן די טאָג־וואַך?

— פינף אַ זייגער!

— פע, אַזוי פרי!

— וואו וועט זי אָבער היינטיקע נאַכט נעכטיקן?

— דאָס דאַרף ער ניט וויסן!

ער האָט משער געווען און האָט געוואָלט כאַפּן אַ קוק, וואו זי נעכטיקט. אָבער זי האָט זיך געשטעלט פאַר דער טיר! ער האָט זי אַ קוש געטאָן, אַרויפגענומען ווי אַ קינד אויף די הענט און האָט געעפנט די טיר.

— אָט דאָס איז אַ בעט! כמעט ווי די גרויסע באַרקע! וואו האָבן זיי עס דאָ דערטאַפּט אַזוינס?

ווי רויט זי איז געוואָרן!

— זי האָט דאָך אַזוי פאַרשטאַנען פון זיינע בריוו, אַז זיי וועלן ביידע אין גאַסטהויז „וואוינען".

— אַוודאי וועלן זיי דאָ וואוינען, הגם ער מוז צו דער טאָג־וואַך זיין אויפן באָרט; מילא, אַ פּאָר שעה ווייניקער אין בעט איז נאָך צו דערטראָגן!

— פע, וואָס איז דאָס פאַר אַ דיבורים!

— איצט לאָמיר אַקאָרשט טרינקען אַ גלאָז קאַווע און דורכהייצן אין אויוון, וואָרעם די ליילעכער זיינען פייכט פון קעלט! וואָס פאַר אַ פּיפּיקע סחורה זי איז, אַזאַ ברייט בעט צו באַשטעלן! וואו האָט זי עס דערטאַפּט?

— זי ווייס פון קיין מעשה ניט!
— נו, אַוודאי, מ'קען זיך שוין פאַרשטעלן!
— אָט אַ נאַר דאָס איז!
— ער איז אַ נאַר?
און ער האָט זי אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע.
— גיין, ער מוז שטאַט היטן!
— שטאַט היטן? דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי לייכט!
— די מיידל דאַרף באַלד אַריין איינהייצן אין אויוון!
ווען עס האָט געשלאָגן צוויי און דער מזרח האָט זיך צע־פלאַקערט איבערן וואַסער און איבער די ים־פעלזן, זיינען זיי גע־זעסן ביים אָפענעם פענסטער.
— ניט אמת? זעען זיי ניט אויס ווי אַ פּאָר פאַרליבטע? נאָר ער מוז, ליידער, שוין גיין! צען אַ זייגער קומט ער ווידער צו איר צום אָנבייסן, און נאָכדעם וועלן זיי זעגלען איבערן ים.
ער האָט אַרויפגעשטעלט קאַווע אויף זיין וועג־מאַשינקע, נאָכדעם האָבן זיי געטרונקען ביי זון־אויפגאַנג און געשרייען פון ים־פייגלען. דאָרט ווייט אויפן וואַסער איז געלעגן דאָס קאַנאָנע־שיפל. דער אָפּשייד איז געווען שווער. אָבער די טרייסט, אַז צו־מאָרגנס זעען זיי זיך שוין ווידער, האָט זיי לייכטער געמאַכט. אַ לעצטן מאָל האָט ער זי געקושט צוגעשפּילעט דעם באַיאָנעט און איז אַוועק.
אַז ער איז צוגעקומען צו דער בריק און האָט אויסגערופן „שלופּקע!", האָט ער באַמערקט, ווי זי האָט זיך שעמעוודיק באַ־האַלטן הינטערן פאָרהאַנג. נאָר ער האָט ניט אויפגעהערט צו שיקן איר לופט־קושן, ביז די מאַטראָסן זיינען אָנגעקומען מיט דער שלופּקע. און נאָכדעם נאָך אַ לעצטן מאָל: „שלאָף גוט און חלום פון מיר!" און אַרומקוקנדיק זיך אַרום אויפן מיטן וואַסער, מיט דער שפּאַקטיווע, האָט ער נאָך געזען אַ קליינע געשטאַלט מיט שוואַרצע האָר אין איר קאַמער. די זון האָט געשיינט אויף איר העמד און אויף די נאַקעטע אַקסלען, און זי איז גע־ווען ענלעך צו אַ ים־מיידל!

איצט האָט מען געבלאָזן דעם מאָרגן־סיגנאַל. די לאַנגע תקיעות פון טרומייט האָבן זיך אַוועקגעקייקלט צווישן די גרינע אינזלען, אַרויס איבערן גלאַנציקן וואַסער און צוריק אַרויסגע־הילכט הינטער די סאָסנע־וועלדער. און תיכף האָבן זיך אַלע מאַטראָסן פאַרזאַמלט אויפן דעק און מ׳האָט געזונגען דאָס „פאָ־טער אונזער“, און „יעזוס, לאָז מיך תמיד אָנהייבן פון אָנהייב“. דער קליינער גלאָק פון דאָלאַרע האָט צוגעבאָמקעט מיט אַ שוואַכן קלאַנג, ווייל עס איז געווען זונטאָג. באַלד האָבן זיך אַ לאָז גע־טאָן די שנעלע זעגל־שיפלעך אין לייכטן מאָרגן־ווינטל, די פלאַגן האָבן געפלאַטערט, אַ שיסעריי האָט געקנאַלט אין דער לופט; אויפן האַפן האָבן זיך באַוויזן העלע זומערדיקע קליידער, דער דאַמפער איז אָנגעקומען, די פישער האָבן צונויפגענומען זייערע נעצן, און די זון האָט געשיינט אויף דעם בלויען, כוואַליענדיקן וואַסער און אויף די גרינע אינזלען.

צען אַ זייגער האָט די שלופּקע אָפּגערודערט און איז אַוועק מיט זעקס מאַטראָסן צו דער יבשה. זיי זיינען ווידער אינאיינעם געווען. און בשעת זיי האָבן אין דעם גרויסן זאַל געגעסן זייער אָנבייסן, האָט זיך דער עולם געסודעט: איז דאָס זיין ווייב? ער האָט צו איר גערעדט שטילערהייט ווי אַ געליבטער און זי האָט געשמייכלט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן אָדער האָט אים געשמיסן מיט דער כערוועטע איבער די פינגער.

דאָס זעגל־שיפל איז געלעגן ביים בריק. זי האָט זיך געזעצט ביים שטייער־רודער; ער ביים אונטערשטן זעגל. אָבער ער האָט ניט געקענט אָפּווענדן זיין בליק פון איר זומערדיק געקליידטער פי־גור, מיטן הויכן פעסטן בוזים, מיט דער אָנטשלאָסענער מינע און פעסטן בליק; זי האָט געקוקט אַנטקעגן דעם ווינט, האַלטנ־דיק מיט דער באַהענטשיקטער האַנט די גרויסע הוט. ער האָט חשק געהאַט צו פלוידערן מיט איר און האָט געמאַכט קונצן ביים קירעווען דעם זעגל. ער האָט באַקומען פון איר אַ פּאָרציע ווי אַ שיפס־יונג, און האָט דערביי געהאַט גרויס הנאה.

— פאַרוואָס האָסטו ניט מיטגעבראַכט דאָס קינד? — האָט ער געפרעגט, כדי צו רייצן זיך אַ ביסל מיט איר.

— וואו וואָלט איך אים דען געלייגט שלאָפן?
— אויף דער גרויסער באַרקע, נאַטירלעך!
און זי שמייכלט דערצו, און ער האָט אַזויפיל נחת, אָנ־קוקנדיק זי ווי זי שמייכלט.
— נו, וואָס האָט די באַלעבאָסטע הייַנט אינדערפרי גע־זאָגט? — פרעגט ער ווייטער.
— וואָס זאָל זי זאָגן?
— האָט זי רואיק געשלאָפן הייַנטיקע נאַכט?
— פאַרוואָס עפּעס ניט?
— ווייס איך פאַרוואָס, אפשר האָבן מייז געדראַפּעט אונ־טער דער פּאָדלאָגע, אָדער אַן אַלט בוידים־טירל האָט געסקרי־פּעט; ווער קען וויסן, וואָס אַן אַלטער מויד קען שטערן איר זיסן שלאָף.
— הער, אויב דו וועסט ניט שווייַגן, וועל איך דיר אַריינ־קערן אין ים!
ביי אַ קליינעם בערגל גייען זיי אַרויס אויף דער יבשה און נעמען אַרויס פון אַ קערבל זייער מיטאָג. נאָכדעם האָבן זיי געשאָסן אין ציל. דערנאָך אַרייַנגעלאָזן וועגטקעס אין וואַסער מיט אַ מינע אַזוי ווי זיי פישן, אָבער עס האָט ניט אָנגעפּיקעט. און דאַן האָבן זיי זיך ווידער אַרויסגעזעגלט אויפן ווייטן שטח פון ים, וואו די גאַנצע פלאַטערן אַרום, זיי האָבן פאַרקירעוועט אין פיאָרד אַריין, וואו די העכט וואַרפן זיך אין אַאיר, און זייַנען פון דאָרט ווידער אַרויס. ער איז ניט מיד געוואָרן אָנצוקוקן זי, פלוידערן מיט איר, קושן זי, ווען עס האָט זיך נאָר געלאָזן.
אָט אַזוי האָבן זיי זיך זעקס זומערן נאָכאַנאַנד געטראָפן, און תמיד זייַנען זיי נאָך פונקט אַזוי יונג געווען, פונקט אַזוי שטיפעריש און גליקלעך. ווינטער זייַנען זיי געזעסן אין שטאָק־האָלם אין זייערע קאַמערן. און דאַן האָט ער צונויפגעקלאַפּט שיפלעך פאַר זיין חברה, אָדער האָט זיי פריילעך געמאַכט מיט וואונדערלעכע מעשיות פון כינע און פון די דרום־ים־אינזלען. זיין ווייב איז דערביי געזעסן און האָט צוגעהערט און געלאַכט פון זייַנע גוזמאדיקע מעשיות. עס איז געווען אַ וואונדערלעכער

זאַל, וואָס די אויגן האָבן דאָס ניט געזען. באַהאַנגען מיט יאַפּאַ־נישע שירעמס און כּלי־זיין, מיט מזרח־אינדישע מיניאַטור־געצ־לעך, אַווסטראַלישע בויגנס און פיקעס; נעגער־פּויקן און גע־דאַרטע פליענדיקע פישן, צוקער־געוויקסן און אָפּיום־לולקעס. און דער פּאַפּאַ, וואָס האָט שוין געהאַט שיטערלעכע האָר אויפן קאָפּ, האָט זיך אין ערגעץ ניט אַזוי גוט געפילט ווי אין דער אייגע־נער היים. אָפטמאָל האָט מען געשפּילט, אַ קאָרט, אַמאָל האָט מען זיך דערלויבט אַ גראָג. אַמאָל פלעגט זיין ווייב מיטשפּילן. אָבער נאָכדעם ווי זי האָט שוין געהאַט אַרום זיך פיר קינדער׳ האָט זי דערצו מער קיין צייט ניט געהאַט, זי האָט זיך אָבער געגרן צוגעזעצט אַ ווייַלע און אַריינגעקוקט אין די קאָרטן. פאַר־בייגייענדיק זיין שטול, פלעגט ער זי אַרומכאַפּן אַרום דער טאַ־ליע און פרעגן ווי עס געפעלן איר זיינע קאָרטן.

דאָסמאָל האָט זיין שיף געמוזט בלייבן אין וועג גאַנצע זעקס חדשים. דער קאַפּיטאַן האָט זיך געפילט אומהיימלעך, וואָ־רעם די קינדער זיינען שוין געווען דערוואַקסן און פאַר דער „מאַמען" איז געווען אַ ביסל צו שווער אַליין צו פאַרזאָרגן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. דערצו איז דער קאַפּיטאַן שוין אַליין ניט יונג געווען, און ניט אַזוי לעבעדיק ווי אַמאָל. אָבער—וואָס עס מוז, מוז זיין, און ער איז אָפּגעפאָרן.

און נאָך ביי קראָנבאָרג האָט ער אָפּגעשיקט זיין ערשטן בריוו, וואו עס איז געווען געשריבן בזה הלשון.

צו מיין געליבטער טייבעלע!

ווינט שוואַך, 22 0. z. 0.,+10° C., איך קען דיר ניט אויס־שרייבן, וואָס איך פיל איבער אויף דערדאָזיקער נסיעה, אויף וועלכער איך וועל דיך אַזוי לאַנג ניט זען. ווי מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון דעם וואַרפאַנקער (6 אַ זייגער מיט 30 מינוט נאָכמיטאָג ביי אַ שטאַרקן NO. z. N), האָב איך געהאַט אַ געפיל, ווי מ׳וואָלט מיר אַריינגעשטעקט אַ שפּיז אין ברוסט. מ׳זאָגט, אַז מאַטראָסן האָבן אַ פאָרגעפיל פאַר אַן אומגליק. מיר איז דאָס ניט באַקאַנט, אָבער איידער

איך באַקום פון דיר די ערשטע ידיעה בין איך שטאַרק אומרואיק! אויפן דעק איז אַלץ כשורה, פשוט ווייל עס מוז אַלץ כשורה גיין. וואָס מאַכט איר אַלע? האָט באָב שוין באַקומען זיינע נייע שטיוול? פאַסן זיי? איך בין א שלעכטער בריוו־שרייבער, ווי דיר איז באַקאַנט, און מוז דעריבער ענדיקן! מיט אַ גרויסן קוש אין רעכטן מיטן פון דעמדאָזיקן קרייץ ✝!

דיין אלטער פאָל.

P. S. דו מוזט זוכן פאַר זיך באַקאַנטשאַפט (פאַרשטייט זיך, פון ווייבלעכן מין!) און פאַרגעס ניט מודיע צו זיין דער מאַמזעל אויף דאָלאַרע, זי זאָל אָנגרייטן די גרויסע באַרקע ביי מיין צוריקקער. (דער ווינט ווערט שטאַרקער; ביינאַכט וועלן מיר אים האָבן פון צפון זייט!)

פאַר פאָרטסמוט האָט דער קאַפּיטאַן דערהאַלטן פון זיין ווייב דעמדאָזיקן בריוו.

ליבער אַלטער פאָל!

ס'איז דאָ שרעקלעך אומעטיק אָן דיר, מעגסט מיר גלויבן, און בכלל איז זייער שווער געווען, ווייל ביי אַליצן האָט זיך איצט אַ צאָן אויסגעשניטן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז שטאַרק פאַר דער צייט, און דאָס זאָל באַ־דייטן (דאָס דאַרפסטו אָבער ניט וויסן!). באָבס שטיוול פאַסן זייער גוט, און ער שטאָלצירט מיט זיי.

און דאָס, וואָס דו דערמאָנסט אין דיין בריוו, אַז איך מוז ווייבלעכע באַקאַנטשאַפט זוכן, שרייב איך דיר, אַז איך האָב דאָס שוין געטאָן, אָדער ריכטיקער געזאָגט זי האָט מיך אויסגעזוכט. מ'רופט זי אָטיליע זאַנדגרען, אַ געוועזענע סעמינאַריסטין. זי איז זייער אַן ערנסטע, קענסט, אלזאָ, גאַנץ רואיק זיין, אַז מ'וועט דיין טייבעלע ניט אַראָפּפירן פון וועג. דערצו איז זי רעליגיעז. באמת, מיר האָבן אַלע געמעגט אַ ביסל פרימער זיין, טאַקע אַלע. זי איז אַן אויסגעצייכנטער מענטש. איך ענדיק דאָס מאָל,

וואָרעם אָטיליע קומט מיך אָפּנעמען. זי איז טאַקע אָפּ־
ערשט אַריין און לאָזט דיך גריסן.

דיין גורלי.

דער קאַפּיטאַן איז מיט דעם בריוו ניט געווען צופרידן. עפּעס איז ער געווען צו קורץ און עפּעס ניט אַזוי מונטער ווי געוויינלעך.—סעמינאַר, רעליגיעז, ערנסט און אָטיליע: צוויי מאָל אָטיליע! דערצו נאָך גורלי! פאַרוואָס ניט גוללאַ ווי פריער! הם!

מיט אַכט טעג שפּעטער האָט ער פאַר באָרדעאַקס דער־האַלטן אַ נייעם בריוו, צוזאַמען מיט אַ בוך אין קרייצבאַנד גע־שיקט. „ליבער ווילהעלם!"—הם, ווילהעלם! שוין מער גיט פאָל!—„דאָס לעבן איז אַ קאַמף"—וואָס, צו אַלדי רוחות, איז דאָס אַזוינס? וואָס האָבן מיר ביידע פאַר אַ שייכות צום לעבן!—„פון אָנהייב ביז צום סוף" „רואיק ווי דער טייך קידרון"—קידרון, דאָס האָט דאָך עפּעס אַ שייכות צו דער ביבל! — „איז אונזער לעבן פאַר־פלאָסן. מיר זיינען ווי לונאַטיקער איבער תהומות געגאַנגען, ניט זעענדיק זיי!"—עס שמעקט מיט סעמינאַר! מיט סעמינער! „נאָכ־דעם אָבער קומט דאָס מאָראַלישע"—מאָראַלישע? הם, הם! „אין זיינע העכערע פּאָטענצן איבער אונז" — פּאָטענצן?! „איצטער, ווען איך עפן אויף די אויגן פון אונזער לאַנגן שלאָף און פרעג זיך: איז אונזער זיווג געווען אַן אמתער זיווג? מוז איך פאַרשטעלן מיין פּנים פאַר חרפּה און חרטה. ניין ער איז דאָס ניט געווען! דער מקור פון ליבע איז דער הימל (מתתיהו XI, פּ. 22)"—דער קאַפּיטאַן האָט געמוזט אויפשטיין און נעמען אַ גלאָז וואַסער מיט ראָם, איידער ער האָט ווייטער געלייענט. — „ווי חומרדיק, ווי ממשותדיק, זי איז געווען! האָבן אונזערע נשמות געלעבט אין יענער האַרמאָניע, פון וועלכער פּלאַטאָ (פאַידאָן, בוך VI, קאַפּ. II, § 9) רעדט? ניין, מוז אונזער תשובה זיין. וואָס בין איך פאַר דיר געווען? דיין באַלעבאָסטע, און וואָס פאַר אַ בזיונות, דיין געליבטע! האָבן זיך אונזערע נשמות פאַרשטאַנען? ניין, מוז אונזער תשובה זיין!"—צו אַלדי רוחות מיט אָטיליעס און סעמינאַרן! איז זי מיין באַלעבאָסטע געווען? זי איז מיין ווייב געווען און די מוטער פון מיינע קינדער!

„לייען אָט דאָס בוך, וואָס איך שיק דיר דאָ צו; דו וועסט אין אים געפינען אַ תשובה אויף אַלע דיינע פראַגן. דאָ איז אַרויסגע־זאָגט, וואָס ליגט זינט הונדערטער יאָרן פאַרבאָרגן אין די הער־צער פון דעם ווייבלעכן מין! לייען עס און זאָג מיר נאָכדעם, צי איז אונזער זיווג געווען אַן אמתער זיווג, צי ניט.
דיין גורלי.״

אָבער זיין האַרץ האָט אים טאַקע קיין גוטס ניט געזאָגט! דער קאַפּיטאַן איז געווען אויסער זיך און האָט ניט געקענט משיג זיין, וואָס מיט זיין ווייב האָט דאָ פּאַסירט. עפּעס נאָך מיאוסער ווי צביעות!

ער האָט אויפגעריסן דעם קרייצבאַנד און האָט געלייענט אויף דער הילע פון אַ בראָשורע: „דאָס פּופּנהיים. פון הענריק איבסען״. אַ פּופּנהיים? יאָ! און וואָס ווייטער? זיין באַלעבאַטיש־קייט איז געווען אַ שיין פּופּנהיים און זיין ווייבעלע איז געווען זיין קליין פּופּע און ער איר גרויסע פּופּע. זיי זיינען טאַנצנ־דיק דורכגעגאַנגען איבערן ברייטן טראַקט פון לעבן און זיינען דערביי גליקלעך געווען! נו, איז וואָס פעלט זיי דען? וואָס פאַר אַ חטא האָבן זיי באַגאַנגען. ער מוז דאָס אַרויסלייענען פון בוך, וואָרעם מסתּמא שטייט דאָך דאָ מכּוח דעם.

אין דריי שעה האָט ער עס געהאַט איבערגעלייענט! אָבער זיין פאַרשטאַנד האָט געשוויגן. וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיט זיין ווייב דערצו? האָבן זיי וועקסלען געפעלשט? ניין! האָבן זיי זיך ניט ליב געהאַט? אוודאי יאָ!

ער האָט זיך איינגעשלאָסן ביי זיך אין קאַיוטע און האָט איבערגעלייענט נאָכאַמאָל דאָס בוך; ער האָט געמאַכט צייכנס מיט רויט און בלוי, און צו באַגינען האָט ער זיך געזעצט און האָט געשריבן צו זיין ווייב:

אַ קליינער טראַקטאַט אָנגעשריבן מיט אַ גוטער כּוונה איבער דער דראַמע „אַ פּופּנהיים״ פון דעם אַלטן פאַל אויפן באָרט פון וואַנאַדיס אין אַטלאַנטישן אָקעאַן פאַר באָרדעאַקס, ברייט 45°, לענג 16°.

§ 1. זי האָט חתונה געהאַט פאַר אים, ווייל ער

האָט זי ליב געהאַט, און דאָס האָט זי געטאָן ווי אַ פּיקחית. ווארעם וואָלט זי געוועזן געוואַרט אויף יענעם, וואָס זי וואָלט ליב געהאַט, קען געמאָלט זיין, אַז יענער וואָלט זי ניט ליב געהאַט, און זי וואָלט בלייבן אויסגעשטעלט. אַז ביידע זאָלן זיין גלייך פארליבט איינער אין דעם אַנדערן, טרעפט זייער זעלטן.

§ 2. זי פעלשט אַ וועקסל. דאָס איז געוועזן פון איר זייט אַ שטות; זי זאָל אָבער ניט זאָגן, אַז זי האָט עס געטאָן נאָר פון מאַנסוועגן, ווארעם זי האָט אים דאָך ניט ליב געהאַט. אַן אמת וועט עס ערשט זיין, ווען זי וועט זאָגן, אַז זי האָט עס געטאָן צוליב זיי ביידן און צוליב די קינדער. איז דאָס קלאָר?

§ 3. דער פאַקט, וואָס ער טוליעט זיך צו איר נאָכן באַל, איז דער בעסטער סימן, אַז ער האָט זי ליב, און דאָס איז קיין חסרון ניט: אַ חסרון איז נאָר, וואָס מ'באַווייזט עס אין טעאַטער. Il y a des choses qui se fort mais qui ne se disent point. האָט געזאָגט איינער, אַ פראַנצויז. איבעריקנס, אויב דער פּאָעט וויל גערעכט זיין, האָט ער אויך פאַרקערט געדאַרפט זאָגן:

La petite chienne veut, mais le grand chien ne veut pas, ווי עס שטייט געשריבן ביי אָלענדאָרפן. (פאַר־ גלייך די באַרקע אין דאַלאַרע).

§ 4. דאָס, וואָס זי וויל אירע קינדער פאַרלאָזן, נאָר ווייל „זי איז ניט ווערט זיי צו דערציען" ווען זי האָט אַנטדעקט, אַז איר מאַן איז אַן אָקס, (וואָס ער איז טאַקע באמת), און וויל איר מוחל זיין, נאָכדעם ווי איר שפּיצל איז ניט אַרויס לפועל, — איז ניט מער ווי אַ נאַרישע קאָקע־ טעריי: אויב זי איז געוועזן אַ בהמה (מ'לערנט דאָך אין סעמינאַר ניט צו פעלשן וועקסלען) און ער אַן אָקס, האָט פון זיי געקענט זיין אַ גאַנץ גוטער שפּאַן. לכל הפחות האָט זי ניט געדאַרפט איבערלאָזן אירע קינדער ביי אַ טאַטן, וועלכן זי איז מבזה.

§ 5. נאָראַ האָט געהאַט פיל מער גרונט צו בלייבן ביי אירע קינדער, זעענדיק וואָס פאַר אַ גולם איר מאַן איז.

§ 6. וואָס דער מאַן האָט זי פריער ניט אָפּגע־שאַצט לויט איר אמתער ווערדע, איז ער גאָרניט שולדיק, וואָרעם איר אמתע ווערדע האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן נאָך דעם סקאַנדאַל.

§ 7. נאָראַ איז פריער געווען אַ נאַרישע גאַנז; זי לייקנט עס אַליין ניט.

§ 8. עס זיינען דאָ אַלע גאַראַנטיעס, אַז פון היינט און ווייטער קען פון זיי ווערן אַ גוטער זיווג; ער האָט חרטה געהאַט און זאָגט צו צו פאַרבעסערן זיך; זי אויך! איז דאָך גוט! לאָמיר זיך צעקושן, און מיר הייבן אָן אַלץ פון דאָס ניי! וואָס געזייט — דאָס געשניטן! ביסטו געווען אַ בהמה — בין איך געווען אַן אָקס! דו, קליינע נאָראַ, ביסט שלעכט דערצויגן געוואָרן; און איך, אַלטער תרח, בין אויך ניט בעסער דערצויגן געוואָרן. אַ בשותּפותע צרה! שפּיי אין פּנים אונזערע דערציער, אָבער לאָז ניט אויס דיין כּעס צו מיין קאָפּ. הגם איך בין אַ מאַנסביל, בין איך אָבער פונקט אַזוי אומשולדיק ווי דו! און אפשר עפּעס נאָך אַ ביסל אומשולדיקער, וואָרעם איך האָב חתונה געהאַט פון ליבע, דו אָבער פון באַלעבאַטישער אויסרע־רעכענונג! לאָמיר אַלזאָ גוטע פריינד בלייבן און צוזאַמען לערנען מיט אונזערע קינדער דעם מוסר השׂכל וואָס דאָס לעבן האָט אונז געגעבן!

איז דאָס קלאָר? אָל רייט!

דאָס האָט געשריבן דער קאַפּיטאַן פּאָל מיט זיינע פאַרהאַרטעוועטע פינגער און קלאָציקן שׂכל!

אָט אַזוי, מיין געליבטע פּופּע, כ'האָב איבערגעלייענט דיין בוך און אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג איבער אים. וואָס האָט אָבער פאַר אַ שייכות דאָס בוך צו אונז? האָבן מיר זיך ניט ליב געהאַט? האָבן מיר זיך אפשר אַליין ניט דערצויגן און אונזער גראָבע הויט אַרומגעהובלט, וואָרעם

דו געדענקסט נאָך געוויס, ווי היפש גראָב זי איז געווען פון אָנהייב! וואָס האָסטו עפּעס מיטאַמאָל די נאָז אַראָפּ־געלאָזן! צו אַלדי רוחות מיט אָטיליע און מיט די סעמי־נאַרן!

אַ רעכט פאַרפלאָנטערט בוך האָסטו מיר צוגעשיקט. עס איז פאַר מיר געווען פונקט ווי אַן אומבאַקאַנטער וואַסער־וועג, וואו מ׳קען יעדן אויגנבליק אַרויספאָרן אויף אַ פעלז, אָבער איך האָב גענומען די מאַפּע און האָב אָנגעצייכנט, און האָב אַרויסגעפונען אַ זיכערן וועג. נאָר אַ צווייטן מאָל, אויף מיינע נאמנות, טו איך דאָס ניט. אַזוינע האַרטע ניס זאָל דער טייוול קנאַקן; און האָסטו זיי שוין בייגעקומען, זיינען זיי גאָר אינעווייניק צעפוילט! און צום סוף ווינטש איך דיר רו און גליק, און גאָט זאָל דיר שענקען צוריק דיין שכל הישר.

ווי גייט דאָרט מיינע קליינוואַרג? דו האָסט גאַנץ פאַרגעסן וועגן זיי צו שרייבן. מסתמא דעריבער, ווייל דו האָסט צופיל געטראַכט פון נאָרעס פאַרשאָלטענע קינדער. (וועלכע מ׳קען ערגעץ ניט געפינען, אַחוץ אין דער דראַמע) ווײנט מיין זון? שפּילט זיך מיין לינדע? זינגט מיין נאַכטיגאַל? טאַנצט מיין פּופּע? זי מוז שטענדיק טאַנצן, און דער אַלטער פאָל וועט זיך פרייען. נו, און איצטער זײַ געבענטש פון גאָט און לאָז ניט צו צווישן אונז קיין בייזע מחשבות. איך בין אַזוי טרויעריק, אַז איך בין עס גאָרניט ביכולת אַרויסצוזאָגן מיט ווערטער. און דאָ נעם און זעץ דיך גאָר שרייבן קריטיקעס איבער פּיע־סעס! גאָט זאָל דיך און די קינדער באַשירמען, און קוש זיי פון מיינטוועגן אין די ליפּן.

דיין טרייער פאָל.

אָפּגעשיקט דעם בריוו, איז דער קאַפּיטאַן אַוועק אין דעם עסזאַל פאַר אָפּיצירן און האָט געטרונקען אַ גראָג. דערביי איז געווען דער דאָקטאָר.

— האָסטו ניט באַמערקט, ווי עס שמעקט דאָ מיט אַלטע הויזן? — האָט ער געזאָגט. איך וואָלט מיך גערן אויפגעהאַנגען אויפן שפּיץ פון מאַסטבוים א N. W. z N. זאָל מיך גוט דורכ־שמייסן!

נאָר דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— אָטיליע, אָטיליע... אַ פּאָרציע ריטער האָט מען איר געדאַרפט געבן, אָט וואָס!

— אָבער וואָס איז מיט דיר, אַלטער פאָל? האָט גע־פרעגט דער דאָקטאָר.

— פּלאַטאָן! פּלאַטאָן! צו אַלדע רוחות מיט פּלאַטאָן! אָ! ווען מ׳געפינט זיך זעקס חדשים אויפן ים, האָסטו דיר אַ פּלאַטאָן! מ׳ווערט דאַן עטיש! עטיש? איך וועט מיך מיט אײַך: גיט אָט דער אַטילע אַ גוטן וואַרמעס, וועט זי מער פון פּלאַטאָן ניט ריידן!

— אָבער וואָס איז דער מער?

— גאָרנישט. הער נאָר, ביסט דאָך אַ דאָקטאָר! ווי איז דאָס אייגנטלעך מיט די פּרויענצימער? איז פאַר זיי ניט גע־פערלעך לאַנג ניט חתונה־געהאַט צו בלייבן? ווערן זיי ניט דער־ביי עפּעס אַזוי, אַ ביסעלע געריררט? האַ?

דער דאָקטאָר האָט זיין מיינונג אַרויסגעזאָגט און האָט באַדויערט דערביי, וואָס ניט אַלע נקבות קענען באַמאַנט ווערן.

— אין דער נאַטור איז דער „ער" דאָס רוב אַפּאָליגאַם, ווייל צו מייסטן איז ער דאָס ביכולת אויסצופירן. קיין עסן פעלט ניט פאַר די קינדער (אַחוץ ביי די רויב־חיות): אין דער נאַטור זיינען אַזעלכע אָבנאָרמיטעטן ווי ניט קיין באַמאַנטע „זיען" ניטאָ. נאָר אין דער קולטור, וואו דער מענטש איז גליקלעך, אַז ער געפינט זיין שטיקל ברויט, איז דאָס אַ געוויינלעכע זאַך, וואָרעם ווייבער זיינען מער פאַרהאַן ווי מענער. מען דאַרף זיך דעריבער פריינדלעך באַציען צו ניט חתונה־געהאַטע מיידלעך, ווייל זייער גורל איז אַ טרויעריקער.

— פריינטלעך? עס איז לייכט צו זאָגן, ווי איז אָבער, אַז זיי אַליין זיינען אומפריינדלעך?

און נאָכדעם האָט ער אַלץ דערציילט פון אָנהייב ביזן סוף, אַפילו פון דעם, וואָס ער האָט געשריבן אַ קריטיק איבער אַ פּיעסע.

אַך, מ'שרייבט אַזויפיל נאַרישקייטן, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און האָט צוגעדעקט דעם גראָג-קרוג. סוף-כל-סוף לייזט דאָך די וויסנשאַפט אַלע גרויסע פראַגן! די וויסנשאַפט!

נאָכדעם ווי דער קאַפּיטאַן האָט פאַרבראַכט זעקס חדשים אין וועג און האָט די גאַנצע צייט געפירט גאָר און גאָר ניט קיין אָנגענעמע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין ווייב (זיין קריטיק האָט אויף איר שטאַרק געווירקט), איז ער סוף-כל-סוף אַראָפּ אויף דער יבשה ביי דאַלאַרע. ביים ברעג האָבן אים באַגעגנט די ווייב מיט די קינדער, און די דינסטמיידלעך מיט אָטיליען. די ווייב איז געווען ווייך צו אים אָבער ניט הארציק. זי האָט אים אונטערגעשטעלט איר שטערן צום קוש. אָטיליע איז געווען לאַנג ווי אַ דראָנג מיט אָפּגעשוירענע האָר. אין נאַקן האָט זי אויסגעזען ווי אַ שוואַבער. דאָס אָוונט-עסן איז אַריבער לאַנגווייליק און ס'איז געווען נאָר טיי. די באַרקע האָט מען פאַרלייגט מיט די קינדער און דער קאַפּיטאַן האָט באַקומען אַ בוידים-צימער. אָ, ווי אַנדערש דאָס אַלץ איז געווען פריער! דער אַלטער פּאָל האָט אויסגעזען פאַרעלטערט און שטאַרק ניט אויפגעלייגט.

— ס'איז דאָך ממש אַ גהינום, האָט ער געטראַכט, צו זיין אַ באַווייבטער און קיין ווייב ניט האָבן!

צומאָרגנס האָט ער געוואָלט זעגלען מיט זיין ווייב. אָבער אָטיליע האָט ניט פאַרטראָגן דעם ים. די אַהעריקע נסיעה אויפן דאַמפּער האָט אויף איר שלעכט געווירקט. איבעריקס איז היינט זונטאָג. זונטאָג? אָט האָסטו דיר! אָבער זיי ווילן בעסער שפּאַצירן גיין. ס'איז דאָ געגנוג מכוח וואָס צו ריידן און איבערשמועסן! נו, אַוודאי האָבן זיי זיך אַ סך צו זאָגן, נאָר אָטיליע דאַרף דערביי ניט זיין!

זיי זיינען אַרויס געאָרעמט. זיי האָבן אָבער ווייניק גערעדט; און דאָס וואָס עס איז גערעדט געוואָרן, זיינען דאָס מער געווען פוסטע ווערטער, כדי צו פאַרבאָרגן די געדאַנקען, ווי געדאַנקען אויסגעדריקטע מיט ווערטער.

זיי זיינען פאַראיבער דעם קליינעם כאָלערע־בית־עלמין און זיינען אַוועק אויפן וועג צום שווייצער־טאָל. אַ שטיל ווינ־טעלע האָט גערוישט אין די סאָסנע־ביימער און דורך די טונ־קעלע צווייגן האָט זיך דורכגעלויכטן דער בלויער ים.

זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטיין. ער האָט זיך געזעצט ביי איר צו די פיס. אָט איצטער הייבט זיך אָן, האָט ער גע־טראַכט. און עס האָט זיך אָנגעהויבן.

— האָסטו ווען אַ טראַכט געטאָן וועגן אונזער זיווג, האָט זי אָנגעהויבן.

— ניין, האָט ער געזאָגט, אַזוי ווי ער וואָלט שוין אויס־געדאַכט עפּעס אַ מיטל צו שיצן זיך קעגן דעם קלאַפּ. איך האָב אים נאָר געפילט! וואָרעם איך גלויב, אַז די ליבע איז נאָר אַ געפיל־זאַך. מ׳שיפּט זיך צו אַ באַקאַנטן יבשה־ווינקל און מ׳דערגרייכט דעם האַפן, פאַרלאָזט מען זיך אָבער אויפן קאָמ־פּאַס און אויף דער מאַפּע — קריכט מען אַרויף אויף אַ זאַמד־באַנק.

— יאָ, אונזער זיווג איז אָבער דאָך ניט מער ווי אַ פּופּנ־היים געווען!

— זיי מוחל, דאָס איז אַ פּשוטער ליגן. דו האָסט קיינמאָל קיין וועקסל ניט געפעלשט. דו האָסט קיינמאָל דיינע זאָקן ניט באַוויזן פאַר אַ סיפיליטישן דאָקטאָר, ביי וועמען דו האָסט געוואָלט מאַכן אַ הלוואה אויף ערבות „אין נאַטוראַ״, דו ביסט קיינמאָל אַזוי ראָמאַנטיש־תמעוואַטע ניט געוועזן צו דערוואַרטן פון דיין מאַן, אַז ער וועט זיך אַליין מסרן ביי פּאָליציי פאַר כלומרשט אַ פאַרברעכן, וואָס זיין ווייב איז צוליב נאַרישקייט באַגאַנגען און וואָס איז באמת גאָר קיין פאַרברעכן ניט געווען, ווייל קיי־נער האָט זי ניט אָנגעקלאָגט; און דו האָסט מיך קיינמאָל ניט אָפּ־גענאַרט! איך האָב דיך פּונקט אַזוי אָרנטלעך באַהאַנדלט ווי העלמער האָט זיין ווייב באַהאַנדלט, ווען ער האָט איר אַלץ אָנגע־טרויט, דערלויבנדיק איר זאָגן אַ דעה איבער די באַנק־געשעפטן, אַפילו אַריינמישן זיך אין די פּערסאָנאַל־ענינים. מיר זיינען אַלזאָ גע־

ווען מאַן און ווייב לויט אַלע השגות, סיי די אַלטמאָדישע, סיי די מאָדערנע!

— יאָ, אָבער איך בין דאָך דיין באַלעבאָסטע געווען!

— זיי מוחל, דאָס איז אַ ליגן! ביסט קיינמאָל אין דער קיך ניט געזעסן, האָסט קיין געהאַלט ניט באַקומען, האָסט קיינמאָל קיין חשבון פון דער הוצאה ניט געדאַרפט אָפּגעבן, קיינמאָל קיין אויסרייד ניט באַקומען, אַז דאָס אָדער יענץ איז ניט ריכטיק געמאַכט! האַלטסטו מיין אַרבעט, וואָס באַשטייט אין נעמען און געבן, די ריכטונג פון ווינט היטן, דעם זייל קירעווען און „פּרעזענטירט" שרייען, הערינג אויסציילן און בראַנפן אָפּמעסטן, אַרבעס וועגן און מעל פּרובירן — האַלטסטו דידאָזיקע אַרבעט פאַר חשובער, איידער: אַכטונג געבן אויף דינסטמיידלעך און גיין אויפן מאַרק, קינדער דערנערן און קינדער אויפהאָדעווען!

— ניין, אָבער דיר באַצאָלט מען פאַר דיין אַרבעט, דו ביסט אַ באַלעבאָס אויף זיך, דו ביסט אַ מאַנסביל!

— מיין ליב קינד, אפשר ווילסטו, איך זאָל דיר צאָלן אַ געהאַלט פאַר דיין אַרבעט? ווילסטו באמת מיין ווירטשאַפטערין ווערן? דאָס, וואָס איך בין אַ מאַנסביל, איז דאָך ניט מער ווי אַ צופאַל, וואָרעם מ'זאָגט, אַז דאָס ווערט ערשט אויפן זעקסטן חודש באַשטימט! ס'איז באמת טרויעריק, וואָרעם ביי היינטיקע צייטן איז גאָר אַ פאַרברעכן אַ מאַן צו זיין, הגם קיין חסרון איז דאָס ניט! כאַפּט דער רוח יענעם, וואָס האָט די ביידע העלפטן פון דער וועלט געמאַכט פאַר קעגנזייטיקע שונאים. אָ, יענער וועט נאָך מוזן דין־וחשבון אָפּגעבן! בין איך דער באַלעבאָס? זיינען מיר ניט ביידע די באַלעבאַטים! טו איך עפּעס אַ וויכטיקע זאַך, ניט פרעגנדיק פריער ביי דיר קיין עצה? הא? אָבער דו דערציסט די קינדער נאָך דיין שכל! געדענקסט אפשר, ווי איך האָב געוואָלט אָפּשאַפן דעם מיאוסן מנהג צו פאַרוויגן די קינדער, ווייל דאָס פאַרשיכורט זיי. אָבער דאָ האָט דיין וואָרט מכריע געווען. איינמאָל האָב איך געהערשט, אַ צווייטן מאָל דו! קיין פשרה איז דאָ ניטאָ. צווישן וויגן און ניט וויגן קען זיך קיין

מיטלוועג ניט געפינען! ביז היינט איז דאָך אַלץ כשורה געווען! דו האָסט מיך אויף אָטיליען פאַרביטן!

— אָטיליע! תמיד אָטיליע! האָסט דאָך זי אַליין געשיקט צו מיר!

— כ׳האָב ניט דווקא אַזאַ ווי זי געוואָלט, אָבער, בכל אופן, איז זי איצט די הערשערין!

— מיט אַלץ, וואָס איך האָב ליב, ווילסטו מיך צעשיידן!

— איז אָטיליע ביי דיר אַלץ? עס זעט שוין כמעט אויס אַזוי!

— אָבער איך קען זי דאָך איצטער ניט אָפּזאָגן, איך האָב זי דאָך באַשטעלט צו לערנען מיט די מיידלעך פּעדאַגאָגיק און לאַטיין!

— לאַטיין! אַבלאַטיוו! גאָט אין הימל, מוזן די מיידלעך אויך פאַרדאָרבן ווערן!

— יאָ, זיי דאַרפן פונקט אַזויפיל וויסן ווי אַ מאַן, דער פאַר, ווען זיי וועלן אַ מאָל חתונה האָבן, זאָל דער זיווג זיין אַן אמתער.

— אָבער, קינד מיינס, ניט אַלע באַווייבטע מענער קענען דאָך לאַטיין! איך קען דאָך פון לאַטיין ניט מער ווי איין איינציק וואָרט: אַבלאַטיוו! און מיר זיינען דאָך גליקלעך! און צוריקגערעדט, האַלט עס אַפילו, אַז מ׳זאָל פאַר מענער מבטל מאַכן דעם לימוד פון לאַטיין ווי אַן איבעריקע זאַך. איז דאָס פאַר אייך קיין משל ניט? קלעקט ניט, וואָס דער מענלעכער מין איז פאַרדאָרבן; מוז מען נאָך אויך דעם ווייבלעכן מין פאַרדאַרבן? אָטיליע, אָטיליע, וואָס האָסטו צו מיר געהאַט?

— לאָמיר ניט ריידן מער דערפון, אָבער אונזער ליבע, ווילהעלם, איז ניט געווען ווי זי האָט געדאַרפט זיין; זי איז געווען חומרדיק!

— אָבער, האַרציקע, ווי וואָלטן מיר דען קינדער געהאַט, אויב זי וואָלט ניט חומרדיק געווען? אָבער אין אמתן איז זי ניט נאָר חומרדיק געווען.

— צי קען דען אַזאַך זיין ווייס און שוואַרץ מיטאַמאָל? איך וואָלט וועלן הערן פון דיר אַ קלאָרע תשובה!

— יאָ, ס׳קען געמאָלט זיין; דיין זון־שירם איז פון אויסן שוואַרץ און אינעווייניק ווייס.

— סאָפּיסט!

— הער נאָר צו, מיין טייער קינד, רייד בעסער מיט דיין אייגענער צונג פון אייגענעם האַרצן און ניט פון אָטיליעס ביכער! קער זיך אום צו דיין אייגענעם שכל און ווער ווידער דו, מיין געליבטע קליינע ווייב.

— דיינע, דיין אייגנטום, וואָס דו קויפסט אָפּ מיט דיין אַרבעט!

— פונקט אַזוי ווי איך בין דיין מאַן. וואָס קיין אַנדערע פרוי טאָר ניט אָנקוקן, אין וועלכן דו האָסט באַקומען פאַר אַ געשאַנק, ניין, אין חילוף פאַר דיר. זיינען מיר דען ניט קוויט?

— אָבער מיר האָבן אונזער גאַנץ לעבן אין שפּיל פאַרבראַכט. האָבן מיר עפּעס אַנדערע העכערע אינטערעסן געהאַט?

— יאָ, גורלי, מיר האָבן די העכסטע אינטערעסן געהאַט; ניט אימער האָבן מיר זיך געשפּילט, וואָרעם מיר האָבן אויך איבערגעלעבט ערנסטע שעהן אין אונזער לעבן! מיר האָבן די העכסטע אינטערעסן געהאַט, וואָס מ׳קען נאָר האָבן; וואָרעם מיר האָבן געשענקט לעבן דעם קומענדיקן דור. מיר האָבן בריהש געשטרעבט און געאַרבעט, דו אַזוי ווי איך, פאַר די קינדער, וואָס דאַרפן אויפוואַקסן. ביסטו דען ניט פון זייערטוועגן פיר מאָל קרוב צום טויט געווען? האָסטו ניט פאַרמיטן פון זיך דעם שלאָף ביינאַכט זיי צו וויגן, דעם פאַרגעניגן פון טאָג, כדי זיי צו פאַרזאָרגן. צי האָבן מיר ניט געקענט באַוואוינען אַ דירה פון זעקס צימערן אין צענטער פון שטאָט און דערצו נאָך אַ דינער האַלטן, ווען מיר וואָלטן קיין קינדער ניט געהאַט? האָסטו, גורלי, ניט געקענט ביי מיר אַרומגיין אין זייד און אין פּערל? און איך, דיין אַלטער פאָל, האָב דען געדאַרפט אַרומגיין אין אויסגעשמאָרעטע הויזן, ווען מיר וואָלטן קיין קינדער ניט געהאַט? זיינען מיר אַזוינע פּופּעס! זיינען מיר באמת אַזוינע

עגאָאיסטן, ווי די אַלטע מוידן זאָגן? יענע מוידן, וואָס די מע־נער האָבן אויסגעבראַקירט, מחמת זיי זיינען ניט געווען פּאַסיק פאַר זיי. פּאַרוואָס בלייבן אַזויפיל מיידלעך ניט קיין חתונה־גע־האַטע? מ׳הערט דאָך אָפּט ווי זיי באַרימען זיך, אַז מ׳האָט זיי אַזויפיל שידוכים גערעדט, און זיי ווילן פונדעסטוועגן זיין די געק־ריוודעטע! העכערע אינטערעסן! לאַטיין לערנען! אויף פּילאָנ־טראָפּישע בעלער האַלבנאַקעטע צו טאַנצן, און די קינדער לאָזן נאַסע אין די ווינדעלעך! איך מיין, אַז מיינע אינטערעסן צו האָבן געזונטע און פריילעכע קינדער, וואָס זאָלן קענען דורכ־פירן אין לעבן, וואָס מיר האָבן ניט געקענט דורכפירן, זיינען ניט אין ערך העכער ווי אָטיליעס אינטערעסן! אָבער מיט לאַטיין לאָזט זיך דאָס ניט! זיי געזונט, גורלי, איך מוז אויף דער וואַך גיין! גייסט אפשר מיט?

זי איז געבליבן זיצן און האָט ניט געענטפערט. ער איז אַוועק; מיט אַזוינע שווערע, שווערע טריט. און דער בלויער ים איז פאַרטונקלט געוואָרן, און די זון האָט אויפגעהערט צו שיינען.

— פאָל, פאָל, וואָס וועט דער סוף זיין, האָט ער זיך אָפּ־געזופצט, אַריבערקלעטערנדיק דעם צוים פון בית עלמין; הלוואי וואָלט איך שוין דאָרט אונטער אַ הילצערנעם צלם געלעגן, צווישן די געדיכטע בוים־וואָרצלען, אָבער איך וואָלט געוויס אויך דאָרט אַליין רואיק ניט איינגעלעגן! גורלי! גורלי!

---

עס גייט אַלץ קאַפּויר, האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט צו דער שוויגער, באַזוכנדיק זי איינמאָל אין האַרבסט.

— וואָס האָט פּאַסירט, ליבער ווילי?

נעכטן זיינען זיי געווען ביי אונז אין דער היים, אייער־נעכטן זיינען זיי געווען ביי דער פּרינצעסין. האָט זיך די קליינע אַליצע גאָרניט פיין אויפגעפירט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ מיאוסער צופאַל, און איך האָב זיך ניט דערוועגט צו לאָזן רופן גורלין, וואָרעם זי וואָלט געוויס געמיינט, אַז דאָס האָב איך מיט אַ כיוון אַזוי געמאַכט. אָ! האָט מען איינמאָל פאַרלאָרן דעם

צוטרוי, איז... איך בין די טעג אַריין צום קאָרפּס-אינטענדאַנט און האָב געפרעגט, צי איז דאָ אין שוועדן אַזאַ געזעץ, וואָס דערלויבט דעם מאַן צו לינטשן די פריינדינען פון זיין ווייב. ניין, אַזאַ געזעץ איז ניטאָ. און וואָלט אַזאַ געזעץ געווען, וואָלט מען זיך ניט דערוועגט, ווארעם דאַמאָלסט איז דאָך אַ סוף מיט אַלץ. וואָלט עס לפּחות אַ געליבטער געווען; אַזאַ פּאַרשוין נעמט מען אָן ביים קראַגן און מ'וואַרפט אים אַראָפּ פון די טרעפּ. וואָס זאָל איך איצטער טאָן?

— יאָ, יאָ, ליבער ווילי, ס'איז גאָר אַ האַרבער פאַל, אָבער מיר וועלן זיך שוין ווי ניט איז אַן עצה געבן. דו קענסט דאָך ניט פירן קיין בחורשן לעבן!

— ניין, איך מיין אויך אַזוי!

— איך האָב איר די טעג גראָב געזאָגט: וועט זי ניט ווערן אָנשטענדיק, וועט איר מאַן קיין אַנדער ברירה ניט האָבן ווי פּשוט גיין צו מיידלעך!

— וואָס האָט זי דערצו געזאָגט?

— זי האָט געענטפערט: ער מעג טאָן, וואָס ער וויל, וואָ-רעם איסלעכער איז אַ באַלעבאָס אויף זיין קערפּער.

— הייסט עס, זי אויך? אַ פיינע טעאָריע! איך ווער גרוי, שוויגער!

— אַן אַלטע גוטע סגולה איז מאַכן, זי זאָל אייפערזיכ-טיק ווערן. געוויינלעך איז דאָס אַ ראַדיקאַלע רפואה, וואָרעם דערמיט לעבט אויף ווידער די ליבע, אויב זי איז נאָך דאָ.

— זי איז נאָך דאָ!

— אַוודאי! וואָרעם די ליבע שטאַרבט ניט אָפּ מיר ניט דיר ניט אין אַ קורצע צייט. זי קען נאָר אין משך פון יאָרן אָפּ-געניצט ווערן, אויב עס לאָזט זיך. מאַך אַקאָרשט חנדלעך צו אָטיליען, נאָכדעם וועלן מיר זען, וואָס עס וועט ווייטער זיין.

— חנדלעך מאַכן? צו איר?

— פּרוביר, אפשר ווייסטו עפעס, וואָס ס'קען זי פאַראינ-טערעסירן.

— עפּעס, אַוודאי! זיי האַלטן גראָד איצטער ביי דער סטאַטיסטיק! געפאַלענע פּרויען, קלעפּיקע קראַנקהייטן! עס, ווען עס איז נאָר מיגלעך אַרויפצופירן זיי אויף דער מאַטעמאַטיק, אין דעם האָב איך אַ ידיעה!

— זעסטו, הייב אָן פון דער מאַטעמאַטיק, און גיי אַריבער דערצו, איר דעם שאַל אַרומצוּוויקלען און די אייבערשיך צו פאַרשפּילען. באַגלייט זי אין אָוונט אַ היים. טרינק מיט איר און גיב אַ קוש, ווען גורלי זעט. אויב עס לאָזט זיך ניט אַנדערש, אַ ביסל גראָב זיין נישקשה, זי וועט קיין פּאַראיבל ניט האָבן, מעגסט מיר גלויבן. דערצו אַ סך מאַטעמאַטיק, אַזויפיל, אַז גורלי זאָל מוזן זיצן, הערן און שווייגן. אין אַכט טעג קום ווידער און דערצייל מיר דעם גאַנג פון דעם ענין!

דער קאַפּיטאַן איז אַוועק אַהיים, האָט איבערגעלייענט די נייסטע בראָשורן וועגן אומזיטלעכקייט און איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

אין אַכט טעג אַרום איז ער געזעסן אויפגעלייגט און צו־פרידן ביי זיין שוויגער און האָט געטרונקען אַ גוטע גלאָז שערי. ער איז ממש פריילעך געוועזן.

— דערצייל, דערצייל נאָר, האָט די אַלטע געזאָגט און האָט פאַררוקט די שפּאַקולן אויפן שטערן.

— ס'איז געווען אַ האַרבע שטיקל אַרבעט אין די ערשטע טעג, וואָרעם זי האָט צו מיר קיין צוטרוי ניט געהאַט. נאָכדעם האָב איך גערעדט דערפון, וואָס פאַר אַן אומדערהערטע השפּעה די השערה־באַרעכענונג האָט געהאַט אין אַמעריקע אויף דער זיטלעכקייט־סטאַטיסטיק. עס האָט דאָרט פּשוט עפּאָכע געמאַכט. זי האָט דערפון ניט געוואוסט און עס האָט זי צערייצט. איך האָב אָנגעכאַפּט אַביישפּיל און האָב מיט ציפער און אותיות באַ־וויזן, אַז מ'קען מיט אַ געוויסער וואַרשיינלעכקייט אויסרעכענען, וויפל געפאַלענע פרויען זיינען איצט דאָ. דאָס האָט זי שטאַרק פאַרחידושט. ווי איך האָב דערזען, אַז זי איז שטאַרק נייגעריק געוואָרן, האָב איך געזוכט עפּעס אַ צוטשעפּ פאַר אַ צווייטן שמו־עס. גורלי האָט זיך געפרייט, וואָס אָטיליע און איך זיינען אַזוי־

באַפריינדעט געוואָרן און האָט אונז ממש צענויפגעפירט. זי האָט אונז אַרייגגעשטופט אין צימער און האָט צוגעשלאָסן הינטער אונז די טיר; דאָרט זיינען מיר געזעסן און אַ גאַנצן נאָכמיטאָג גערעדט. זי איז געווען גליקלעך, די מכשפה, ווייל זי האָט געפילט, אַז זי לערנט עפּעס פון מיר, און אין משך פון דריי שעה זיינען מיר געווען פריינד. ביים אָוונט־ברויט איז מיין ווייב געקומען צום באַשלוס, אַז איך מיט אָטיליען זיינען שוין אַזוינע נאָענטע פריינד, אַז מיר מוזן אַריבער אויף „דו". איך האָב אַרויסגענומען מיין אַלטן פיינעם שערר, כדי צו „באַנעצן" דאָס גרויסע געשעעניש. און נאָכדעם, גאָט, זיי מיר מוחל פאַר מיינע זינד, האָב איך זי אַ קוש געטאָן סאַמע אין די ליפּן. גורלי איז אַ ביסל פאַרלעגן געוואָרן, איז אָבער ניט בייז געוואָרן. זי האָט געשיינט פאַר גליק. דער שערר איז געווען אַ שטאַרקער און אָטיליע שוואַך. איך האָב זי באַדינט ביים אָנטאָן זיך און באַגלייט אַהיים. אונטערוועגס האָב איך איר געדריקט דעם אָרעם און דערביי דערקלערט די גאַנצע שטערנמאַפּע. אַ! זי איז געווען פאַרכאַפּט! זי האָט אימער ליב געהאַט די שטערן, אָבער קיינמאָל ניט געוואוסט ווי זיי הייסן. די פרויען נעבעך דאַרפן דאָך גאָרנישט וויסן. זי איז פשוט נתפעל געווען און מיר האָבן זיך צעשיידט ווי די בעסטע גוטע פריינד, וועלכע האָבן אַזוי לאַנג ניט געוואוסט איינער פון אַנדערן דעם אמתן ווערט.

דעם אַנדער טאָג נאָכמער מאַטעמאַטיק. מיר זיינען געזעסן צוזאַמען ביז צום אָוונט־ברויט. גורלי איז עטלעכע מאָל אַריין און צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער ביים טיש איז נאָר פון איין זאַך גערעדט געוואָרן, פון מאַטעמאַטיק און שטערן, און גורלי איז דערביי געזעסן שטיל און האָט געמוזט צוהערן. נאָכדעם האָב איך זי באַגלייט אַהיים. אויפן וועג צוריק האָב איך געטראָפן אַ באַקאַנטן קאַפּיטאַן. מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין גראַנד־האָטעל און אויסגעטרונקען אַ פּונש. ערשט אַ זייגער איינס בין איך געקומען אַהיים.

גורלי איז געווען אויף.

— וואו ביסטו אַזוי לאַנג געווען, ווילהעלם? האָט זי געזאָגט.

און דאָ האָט מיר דער טייוול אונטערגעזאָגט און איך האָב געענטפערט:

— מיר האָבן זיך אויפן וועג אַזוי פאַררעדט, אַז איך האָב גאַנץ פאַרגעסן ווי פרי עס איז.

די מאַשינקע האָט זיך אָנגעדרייט.

— איך מיין, אַז עס איז ניט גאָר פאַסיק אַרומצולויפן מיט אַ יונגער דאַמע ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט זי געזאָגט.

— אַז מ'האָט אַזויפיל צו ריידן, קוקט מען ניט אַזוי גענוי, וואָס עס פּאַסט און וואָס עס פּאַסט ניט.

— מכּוח וואָס האָט איר געשמועסט, האָט געזאָגט גורלי, און האָט דערביי געמאַכט אַ זויערע מינע.

— איך קען זיך באמת ניט דערמאָנען!

— דו קענסט די אַרבעט, מיין יונג, האָט די אַלטע געזאָגט, דערצייל ווייטער.

אויפן דריטן טאָג, האָט דער קאַפּיטאַן ווייטער דערציילט, איז גורלי אַריין מיט אַ האַנט־אַרבעט און איז געבליבן, ביז די מאַטעמאַטיק האָט זיך געענדיקט. דער אָוונט־ברויט איז ניט אַריבער גאַנץ פריילעך, אָבער דערפאַר — זייער אַסטראָנאָמיש. איך האָב דער מכשפה געהאָלפן ביים אָנטאָן די אייבערשיך, וואָס עס האָט געמאַכט אויף גורלין אַ טיפן רושם. ווען אָטיליע איז אַוועק, האָט זי איר נאָך די באַק אָנגעשטעלט צום קושן. אונטערוועגנס האָב איך איר געדריקט דעם אָרעם, און האָב גערעדט מכּוח דער סימפּאַטיע פון די נשמות און פון די שטערן, וואָס זיינען די היים פון די נשמות. דערנאָך האָב איך געטרונקען פּונש אין גראַנד־האָטעל און בין אַהיים געקומען צוויי אַ זייגער. גורלי איז נאָך געווען אויף. איך האָב דאָס צוגעזען, אָבער איך בין אַריין גלייך אין מיין צימער, ווי אַ בחור, וואָס איך בין טאַקע באמת געווען, און גורלי, ווייזט אויס, האָט זיך געשעמט אַריינגיין און פרעגן.

אויף מאָרגן אַסטראָנאָמיע. גורלי האָט געזאָגט, אַז זי האָט גרויס חשק צו זיין דערביי; אָטיליע אָבער האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען שוין צו ווייט אריין אין דעם ענין און זי וועט איר שפּעטער איבערגעבן די אָנפאַנג־יסודות. גורלי איז געווען ברוגז און איז אַוועק. צום אָוונט־ברויט האָט מען געטרונקען פיל שערער. נאָכדעם ווי אָטיליע האָט אָפּגעדאַנקט פאַרן עסן, האָב איך זי אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע און האָב זי געקושט. גורלי איז געווען בלייך. ווען איך האָב איר צוגעשפּיליעט די אייבער־שיך, האָב איך זי דערביי אַ נעם געטאָן מיטן האַנט... המ...

— שעם זיך פאַר מיר ניט, ווילי, האָט געזאָגט די אַלטע, איך בין שוין אַן אַלטע פרוי!

— ... אָט דאָ ביים שענקל. אין פלוג, גאָר ניט אַזוי שלעכט! המ! אויף מיינע נאמנות, ניט שלעכט! און ווי איך האָב געוואָלט אָנטאָן דעם מאַנטל, ערשט, וואָס זאָגסטו ניט דער־צו, די דינסטמיידל שטייט דאָ גרייט צו באַגלייטן אָטיליען אַהיים. און גורלי האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט: איך האָב זיך נעכטן אַ ביסל צוגעקילט און זי האָט מורא פאַר היינטיקן וועטער. אָטיליע האָט אָנגעשטעלט אַ פאַרלעגענע מינע, און האָט זיך מיט מיין ווייב ניט געקושט פאַרן אַוועקגאַנג.

צומאָרגנס, אַ זייגער צוועלף, האָב איך געוואָלט באַווייזן אָטיליען די אַסטראָנאָמישע אינסטרומענטן אין דער שול. זי איז געקומען, נאָר זי איז געווען טרויעריק. זי איז ערשט געווען ביי גורלי און יענע האָט זיך קעגן איר גאָר אומפריינדלעך באַנו־מען. זי קען גאָר ניט פאַרשטיין די סיבה דערצו. אַז איך בין געקומען אַהיים, איז גורלי געווען גאַנץ אַ פאַרענדערטע. זי איז געווען קאַלט און שטום ווי אַ פיש, זי האָט געליטן. איך האָב דאָס געזען. איצט אָבער האָב איך איר געמוזט דעם טויט־קלאַפּ דערלאַנגען.

— וואָס האָסטו עפּעס אָטיליען געזאָגט? זי איז געווען אַזוי טרויעריק! האָב איך אָנגעפאַנגען.

— וואָס איך האָב געזאָגט? איך האָב איר געזאָגט, אַז זי איז אַ קאָקעטע. אָט אָ דאָס האָב איך געזאָגט.

— ווי אַזוי קענסטו אַזאַ זאַך זאָגן, האָב איך געזאָגט, דו ביסט דאָך ניט אייפערזיכטיק.

— איך בין אייפערזיכטיק אויף דער פאַרשוין! האָט זי אַרויסגעשאָסן.

— יאָ, דאָס חידושט מיר, וואָרעם עס איז דאָך ניט מעג־לעך, אַז אַזאַ אינטעלעגענטער און פאַרשטענדיקער מענטש ווי זי, זאָל קאָנען אָפריידן אַ מאַן פון זיין ווייב.

— אַוודאי, (אָט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן!) אָבער דער מאַן פון אַ ווייב קען זיך דאָך מיאוס באַנעמען מיט אַן אַנ־דער פרוי.

טאַ־טאַ־טאַ! געפּלאַצט! איך האָב פאַרטיידיקט אָטיליען, ביז גורלי האָט זי אָנגערופן די אַלטע מויד, און איך האָב ניט אויפגעהערט ווייטער צו פאַרטיידיקן. אין דעמדראָזיקן נאָכמיטאָג איז אָטיליע מער ניט געקומען, זי האָט צוגעשיקט אַ קילן בריוו, וואו זי אַנטשולדיקט זיך; זי זעט איין, אַז זי איז איבעריק ביי אונז. איך האָב פּראָטעסטירט און האָב זי געוואָלט לויפן ברענ־גען, און דאָ ערשט איז גורלי געוואָרן אַ צעצאַפּלטע. זי זעט באַשיימפערלעך, אַז איך בין אין דערדאָזיקער אָטיליע פאַרליבט, און זי, גורלי, איז שוין גאָרנישט פאַר מיר. זי ווייס אמת, אַז זי איז אַ בהמה, אַז זי קען גאָרנישט, טויג צו גאָרנישט, און, אַז טאַ־טאַ־טאַ, די מאַטעמאַטיק איז ניט פאַר איר באַשאַפן. דערווייל האָב איך געשיקט נאָך אַ שליטן און מיר זיינען אַרויס־געפאָרן. אין אַ רעסטאָראַן ביים ים האָבן מיר געטרונקען גלי־וויין און האָבן געגעסן אַ פיינסטן אָוונט־ברויט. עס איז געווען ממש אַ נייע חתונה, און נאָכדעם זיינען מיר געפאָרן אַהיים.

— און נאָכדעם? האָט געפרעגט די אַלטע און האָט אַרויס־געקוקט איבער אירע שפּאַקולן.

— נאָכדעם? המ! גאָט, זיי מיר מוחל מיינע זינד! נאָכ־דעם האָב איך זי פאַרפירט. כאַפּט מיך דער רוח, אויף מיין בחורשן בעט האָב איך זי פאַרפירט. ס׳איז געווען פּונקט ווי אויף דער חתונה. וואָס זאָגסטו דערצו, באָבע?

— דו האָסט געמאַכט ווי געהעריק! און נאָכדעם?

— נאָכדעם? זינט דעמאָלט איז אָל רייט! און איצטער ריידן מיר דערפון, ווי אַזוי מ׳דאַרף קינדער דערציִען און די פרויען פון אָבערגלויבן און פון אַלטמוידישקייט, פון ראָמאַנטיק און פון טייוול און זיין אַבלאַטיוו צו באַפרייען. אָבער איצט ריידן מיר אונטער פיר אויגן און דאָ פאַרשטייט מען זיך אַם בעסטן. ניט אמת, אַלטע?

— יאָ, ליבער ווילי, און פון איצט אָן קום איך צו אַייך ווידער.

— אַוודאי, מוזטו קומען! אָט דאָ וועסטו זען, ווי די פופעס טאַנצן און די וואָראָבייטשיקעס זינגען און צוויטשערן; דאָ-וועסטו זען ווי דער כוס פון פרייד איז פול איבער די ברעגן, וואָרעם קיינער דערוואַרט ביי אונז ניט קיין ניסים און איבערנאַטירלעכע וואונדער, וואָס זיינען נאָר אין די מעשיות צו געפינען. דאָ וועסטו זען אַן אמתע, ממשותדיקע פופנהיים!

---

## דער פעניקס־פויגל.

עס איז געווען צו דער צייט פון פּאָזעמקעס, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען אויפן קלויסטער־הויף. אַ סך מיידלעך האָט ער שוין געזען אין זיין לעבן, נאָר ווי ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן — האָט אים זיין האַרץ געזאָגט: אָט דאָס איז „זי“! אָבער ער האָט זיך ניט דערוועגט אַריינצוגיין מיט איר אין אַ שמועס, און זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַ חוזדיק שמייכעלע, ווייל ער איז נאָך געווען ניט מער ווי אַ גימנאַזיסט.

נאָר אָט קומט ער ווידער און איז שוין סטודענט. און דאַמאָלסט האָט ער זי אַרומגעכאַפּט אַרום דער טאַליע און געקושט, און קושנדיק געזען טאַנצנדיקע פייערלעך פאַר די אויגן, געהערט אַ קלינגעריי פון גלאָקן און אַ געשאַל פון טראָמפּייטן און געפילט ווי די ערד וויגט זיך אונטער זיינע פיס.

זי איז געווען אַ מיידל פון פערצן יאָר. זי האָט שוין פאַרמאָגט אַ פּאָר קיילעכדיקע, הויך־אויפגעגאַנגענע בריסט, וואָס האָבן, דוכט זיך, ווי געוואַרט אויף קליינינקע גיריקע ליפּעלעך און גראַבלענדיקע הענטלעך. איר גאַנג איז געווען אַזוי זיכער, עלאַסטיש און וויגנדיק, אַזוי ווי זי וואָלט יעדע מינוט מסוגל געווען צו טראָגן אַ פּיצעלע אונטער איר האַרצן. אירע גאָלד־בלאָנדע האָר זיינען געווען דין און ווייך ווי געריינקטער האָניק און געשטאַנען שטענדיק ווי אַ שפּריי־רעגן אַרום איר שטערן. זי האָט געהאַט ברענענדיקע אויגן און אַ הויט ווייך און גלאַט, ווי אַ הענטשקע.

זיי זיינען געווען חתן־כּלה און האָבן זיך געקושט אונטער דער ליפּע אין וואַלד, ווי פייגעלעך אין גאָרטן, און דאָס לעבן

האָט זיך פאַר זיי אויסגעשפּרייט, ווי אַ לאָנקע, אַ באַלויכטענע פון זון. אָבער ער האָט נאָך געמוזט אָפּגעבן עקזאַמען אויף מי־בעראַלאָגיע, און אָט דער עקזאַמען מיט אַ נסיעה קיין אויסלאַנד האָט געדויערט צען יאָר, צען יאָר!

און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אופּסאַלע. זומער איז ער ווידער געקומען אויפן קלויסטער־הויף און זי איז נאָך געווען פונקט אַזוי שיין. דריי מאָל איז זי געווען פונקט אַזוי שיין. צום פערטן מאָל אָבער איז זי שוין געווען בלייך. ביי די נאָז־ווינקלען האָט זיך געמאַכט אַ רויטלעכקייט און דער בוזים האָט זיך פאַר־קלענערט. אויפן זעקסטן זומער פלעגט זי אײַננעמען אייזן. צום זיבעטן איז זי געפאָרן אין די בעדער. אויפן אַכטן האָט זי גע־האַט צאָן־ווייטאָק און איז געווען צעשרויפט. די האָר האָבן פאַר־לאָרן דעם גלאַנץ, די שטים איז געוואָרן שאַרף, אויפן נאָז האָבן זיך געמאַכט שוואַרצע פּינטעלעך, דער בוזים איז פלאַטשיק גע־וואָרן, דער גאַנג שלאַף און די באַקן איינגעצויגן. צו ווינטער האָט זי געכאַפּט אַ נערוון־קדחת און האָט געמוזט אָפּשערן אירע האָר. אַז די האָר זיינען אָפּגעוואַקסן, איז דער קאָליר שוין גע־ווען אַן אַש־קאָליר. ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ גאָלדהאָריקער פּערצניאָריקער מיידל (ער האָט ניט פאַרטראָגן קיין ברונעטקי) און חתונה געהאַט מיט אַ פיראונצוואַנציק־יאָריקער מיידל מיט אַש־קאָלירטע האָר, וואָס האָט צו דער חתונה ניט געוואָלט טראָגן אַ קלייד מיט אַן אָפּענעם האַלז.

אָבער ער האָט זי פונדעסטוועגן נאָך האָלט געהאַט. זיין ליבע איז ניט געווען אַזוי קאָכעדיק ווי אַמאָל, זי איז געווען אַ רואיקע און אַן אָנשטענדיקע און קיין זאַך האָט ניט געשטערט זייער גליק אין דעם קליינעם בערג־שטעטל.

זי האָט אים געבוירן צוויי יינגלעך איינעם נאָך דעם אַנ־דערן, דער מאַן אָבער האָט זייער חשק געהאַט צו האָבן אַ מיי־דעלע. איז געקומען נאָכדעם אַ קליינינקע בלאָנדהאָריקע מיידעלע.

זי איז געווען דער שוואַרצאַפּל פון אויג ביים טאַטן. זי איז אונטערגעוואַקסן און איז געווען געראָטן אין דער מאַמען, אויפן אַכטן יאָר איז זי געווען די מאַמע פון אַמאָל, זאָל פעלן אַ האָר. און

אין זיין פרייער צייט האָט זיך דער טאַטע פאַרנומען נאָר מיט איר אַליין.

דער מאַמעס הענט זיינען פון שטובּיקער אַרבּעט פאַרגרעבּט געוואָרן, די נאָז באַשפּרענקלט מיט ווערים־פינטעלעך און די שלייפן איינגעפאַלן. פון שטענדיקן אָנבּויגן זיך איבּער דער פּלי־טע, איז איר פיגור געוואָרן אַ ביסל געהויקערט. טאַטע־מאַמע האָבּן זיך געזען נאָר ביים עסן און ביינאַכט. געקריגט האָבּן זיי זיך ניט, נאָר צווישן זיי איז שוין קיין זכר ניט געווען דערפון, וואָס עס איז אַמאָל געווען.

דער איינציקער נחת ביים טאַטן איז געווען די טעכ־טערל. מ'האָט ממש געקענט מיינען, אַז ער איז געווען אין איר פאַרליבּט. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אין איר געזען די ניי־אויפ־געלעבּטע געשטאַלט פון דער מאַמען, גלייך ווי יענע ערשטע צייט, וואָס איז אַזוי שנעל פאַרפלויגן, דאַרף ווידער אָנשטיין. אין זיין באַנעמונג צו איר איז ער געווען כמעט ווי שעמעוודיק, קיינמאָל איז ער ניט אריין אין איר צימער, בעת זי האָט זיך געהאַלטן אין אָנטאָן. ער האָט זי פאַרגעטערט.

איינמאָל אינדערפרי איז זי געבּליבּן ליגן אין בּעט און האָט ניט געוואָלט אויפשטיין. די מאַמע האָט געמיינט, ס'איז פּשוט אַ תירוץ פון פוילקייט. נאָר דער טאַטע האָט געשיקט נאָכן דאָקטאָר. דער מלאך המות האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר: זי האָט געהאַט דיפטעריט. איינער פון ביידן, דער טאַטע אָדער די מאַמע, האָט געמוזט אַוועק מיט די אַנדערע קינדער פון שטובּ. דער טאַטע האָט ניט געוואָלט. די מאַמע האָט געמוזט מיט די קינדער פאַרלאָזן די שטובּ, און דער טאַטע איז פאַרבּליבּן ביים חולה. און אָט ליגט זי איצטער! מ'האָט אַזויפיל אָנגערויכערט די שטובּ מיט שוועבּל, אַז די בּאַגילטונג פון די בּילדער־ראַמען און אויך די זילבּערנע חפצים אויפן טואַלעט־טישל זיינען שוואַרץ געוואָרן! דער טאַטע איז געווען אויסער זיך, דורכגייענ־דיק די ליידיקע צימערן; און ביינאַכט, ליגנדיק אַליין אין דעם בּרייטן בּעט, האָט ער זיך געפילט ווי אַן אַלמן. ער האָט אָנגע־קויפט פאַר זיין טעכטערל צאַצקעס און זי האָט געשמייכלט, צו־

קוקנדיק, ווי ער שפּילט זיך מיט אַ פּאַיאַצל אויפן ראַנד פון בעט. זי האָט נאָכגעפּרעגט אויף דער מאַמען און אויף די ברידער.

און דער טאַטע האָט געמוזט אַהין גיין און פון דרויסן צום פענסטער אַרויף צושאָקלען דער מאַמען מיטן קאָפּ און די קינדער צוואַרפן לופט־קושן. און די מאַמע האָט געשיקט טעלעג־ראַמעס אויף בלויע און רויטע פּאַפּירלעך דורך די פענסטער.

אָבער איינמאָל האָט די מיידעלע מערניט געוואָלט אָנקוקן דעם פּאַיאַצל און מערניט געשמייכלט. זי האָט שוין אויך מער־ניט געקענט ריידן. דער טויט האָט זיך אָנגערוקט, אויסגע־שטרעקט זיינע ביינערדיקע הענט און האָט זי דערשטיקט. שווער און עקשנותדיק איז געווען דער געראַנגל.

און דאָ קומט צוריק די מאַמע! און זי האָט ביטער, ביטער חרטה געהאַט, וואָס זי האָט איר קינד געלאָזן אליין. און אין שטוב איז געווען אַ יאָמער און אַ קלאָג.

אַז דער דאָקטאָר האָט געוואָלט דאָס קינד פּאַלמעסן, האָט דער טאַטע ניט דערלאָזן דערצו, מ׳זאָל איר מיט מעסערס חלילה קיין ווייטאָקן ניט אָנמאַכן; פאַר אים איז זי ניט טויט. נאָר וואָס עס מוז, האָט געמוזט זיין. האָט ער געוואָלט שלאָגן און בייסן דעם דאָקטאָר.

באַלד אָבער נאָך דער קבורה, האָט ער געשטעלט אויף איר אַ מצבה און איז טאָג־טעגלעך, אין משך פון אַ גאַנצן יאָר, געגאַנגען אויף איר קבר. אויפן צווייטן יאָר שוין זעלטענער. אַרבעט איז געווען אַ סך—און צייט—צו קאַרג. די משא פון יאָרן האָט זיך געלאָזט פילן, עס גייט זיך שוין ניט אַזוי לייכט און זיין צער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעוועבט. אָפּטמאָל האָט ער זיך פאַר זיך אַליין געשעמט, פאַרוואָס זיין טרויער איז שוין ניט אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל. נאָר באַלד האָט ער דאָס אויך פאַרגעסן.

דאָס לעבן איז געווען אכזריותדיק. אומבאַמערקט האָט אָפּ־געבליאַקירט דער גאָלד־שימער פון דער יונגער פרוי — די פרוי, וואָס האָט אַמאָל צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט אויף דער ערד. אויך פון דער באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט אַמאָל גע־בלאַנקט און געבליצט, איז אַראָפּ די באַגילטונג. דער מאַמעס

חתונה־מתנות האָבן די קינדער צעבויגן און צעשעדיקט, די בעטן צעקראַצט און פאַרדאָרבן, די פיסלעך פון די שטולן אויס־געדרייט; פון די זאָפעס האָט דורך לעכער אַרויסגעקוקט די אינ־געווייד און דעם קלאַוויר האָט מען שוין פון יאָרן ניט געעפנט. דער געזאַנג איז פאַרשטומט געוואָרן איבער די קינדערשע קולות און די שטימען זיינען פאַרגרעבט געוואָרן. די צערטלעכע ווערטער האָט מען ערגעץ אָפּגעלייגט אָן אַ זייט מיט די קינדערשע קליידער, די לאַסקעס פאַרביטן מיט מאַסאַזש, די עלטער האָט זיך אָנגע־רוקט און מיט איר די שלאָפקייט. דער טאַטע האָט שוין מער ניט געקניט פאַר דער מאַמען, נאָר איז געזעסן אין זיין אָפּגע־ניצטן לענשטול און האָט מטריח געווען דער מאַמען צו ברענ־גען אים די שוועבעלעך, בעת אים האָט זיך פאַרוואָלט זיין לול־קע פאַררויכערן. מ׳איז אַלט און קאַלט געוואָרן!

אַז ער איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, נעמט די מאַמע און שטאַרבט, און דאָ האָט די פאַרגאַנגענהייט ווידער אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר. ווען די אויסגעמאַטערטע געשטאַלט, וואָס דער טויט האָט אַזוי מיאוס געמאַכט, איז געקומען צו קבורה, האָט אין זיין זכרון ווידער אויפגעלעבט די געשטאַלט פון דער פערצנ־יעריקער. און געטרויערט האָט ער נאָך יענער, וועלכע ער האָט מיט אַ צייט צוריק פאַרלאָרן, און מיטן טרויער איז געקומען די חרטה. ער איז חלילה קיינמאָל ניט האַרטהאַרציק געווען צו דער אַלטער מאַמען, אָבער פאַרערט און פאַרגעטערט האָט ער יענער, דער פערצניעריקער פון קלויסטער־הויף, וועלכע איז קיינ־מאָל זיינע ניט געווען, וויל חתונה געהאַט האָט ער דאָך מיט דער בלייכזיכטיקער פיראונצוואַנציק יעריקער; יענער איז ער טריי געווען, פאַר יענער האָט ער געקניט. און אין אמתן גע־זאָגט, איז דאָס טאַקע די פערצניעריקע, נאָך וועמען ער בענקט איצטער, הגם די אַלטע מאַמע מיט איר געשמאַקן עסן, מיט איר שטענדיקער, ניט מידווערנדיקער זאָרג פאַר אים, האָט אויך גע־האַט אַ חלק אין זיין בענקשאַפט, אָבער גאָר אויף אַן אַנדער אופן.

פון איצט אָן אָבער איז ער געוואָרן נעענטער און האַר־

ציקער צו די קינדער. אייניקע זיינען שוין ארויסגעפלויגן פון נעסט, די אַנדערע נאָך אין דער היים.

און נאָכדעם ווי ער האָט אַ גאַנצן יאָר דערעסן די בּאַקאַנ־טע מיט זיינע מעשיות פון זיין פאַרשטאָרבענער ווייב, איז פלוצ־לונג עפּעס געשען אַ מאָדנע זאַך. ער האָט זיך באַקאָנט מיט אַ יונגער מיידל, אַ גאָלדהאָריקער, פון אַכצן יאָר, וואָס האָט אים שטאַרק דערמאָנט זיין פאַרשטאָרבענע ווייב, צו פערצן יאָר. ער האָט עס אָנגענומען ווי אַ צייכן פון הימל, וואָס וויל אים דאָך סוף־כל־סוף מזכה זיין מיט יענער, דער ערשטער באַשערטער. ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, ווייל זי איז געווען גערעכט אין דער ערשטער. און ער האָט ווידער חתונה געהאַט.

אָבער די קינדער, דערהויפּט די מיידלעך, זיינען מיט דער שטיפמוטער ניט איבעריק צופרידן געווען; זיי האָבן זיך געשעמט איר אָנצוקוקן אין פּנים. עפּעס אוממאָראַליש האָט זיי אויסגע־זען זייער פאַרהעלטעניש. און דער גערעכנק, אַז דער טאַטע איז געוואָרן אומטריי זייער מאַמען, האָט זיי געמאַכט פאַרביטערט. און זיי האָבן פאַרלאָזן דעם טאַטנס הויז.

ער איז געווען גליקלעך! אָבער מער פאַר אַלץ איז ער געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס אַ יונגע מיידל האָט אים געוואָלט פאַר אַ מאַן.

— אַ צווייטע יוגנט! — האָבן געזאָגט די אַלטע גוטע פריינד.

אין אַ יאָר אַרום האָט אים די פרוי געבּאָרן אַ קינד. דער טאַטע איז שוין מער ניט געוויינט געווען צו די קינדערשע קולות און האָט געוואָלט שלאָפן בּיינאַכט. האָט ער זיך איבער־געקליבן אין אייגענעם צימער; און די פרוי האָט געוויינט.

זי איז געווען אייפערזיכטיק צו זיין ערשטער ווייב: באמת איז ער באַגאַנגען אַ שטות, וואָס ער האָט איר איינמאָל, בּשעת זיי זיינען נאָך געווען חתן־כּלה, געזאָגט, אַז זי איז געראָטן אין זיין ערשטער ווייב. און דערצו נאָך האָט ער איר נאָכדעם גע־געבן צו לייענען אירע ליבע־בריוו. אַצונד, בּלייבּנדיק אָפט אַליין, דערמאָנט זי זיך אָן אַלץ. אַזוי, למשל, האָט זי איצט שוין גע־

וואוסט, אַז די אַלע צערטלעכע ביי־נעמען זיינען איר אָנגעקו־מען בירושה פון דער ערשטער, און אַז זי איז ניט מער ווי אַ שטעלפאַרטרעטערין פון דער ערשטער. זי איז געווען דערפון אויפגעבראַכט, און האָט געמאַכט אַ סך נאַרישקייטן, כדי אים צוציען ווידער צו זיך. אָבער דאָס האָט אים דערעסן. און ווען ער פלעגט אין אייגזאַמע שעהן מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן יענער און דער, האָט די נייע ניט גוט אָפּגעשניטן. זי איז ניט געווען אַזוי מילד ווי יענע, האָט אים דערצאָרנט און באַאומרואיקט. דערצו נאָך האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ בענקשאַפט נאָך די קינדער, וואָס ער האָט פון זייער היים פאַרטריבן. אַחוצדעם האָבן אים געמאַטערט בייזע חלומות און ער האָט מורא געהאַט, אַז זיין פאַרשטאָרבענע ווייב איז אים ניט מוחל זיין אומטריי־קייט.

עס איז שוין מער ניט אַזוי היימיש אין שטוב. דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, איז געווען נאַריש, און הלוואי וואָלט עס בע־סער גאָר ניט געשען.

ער איז געוואָרן אַן אַיינגייער אין רעסטאָראַן. די ווייב איז שטאַרק אויפגעבראַכט געווען. ער האָט זי אָפּגענאַרט. ער איז שוין אַן אַלטער מאַן און זאָל ער אָקאָרשט אויף זיך אַכט געבן. אַזאַ אַלטער מאַן ווי ער דאַרף אַ ווייב ניט לאָזן אַליין, דאָס קען אים נאָך זייער שאָדן!

— אַלט? ער איז אַלט? ער וועט איר שוין באַווייזן, אַז ער איז נאָך ניט אַלט!

און זיי זיינען ווידער צוזאַמענגעקומען. עס איז אָבער נאָך צען מאָל ערגער געווען, ער האָט ניט געהאַט קיין חשק צו העלפן איר וויגן ביינאַכט און האָט געהייסן דאָס קינד אַריבערטראָגן אין קינדער־צימער. נישקשה, מיטן קינד פון דער ערשטער ווייב האָט ער ניט אַזוי געמאַכט!

קיין אַנדער ברירה איז ניט געבליבן, וויליידן און שווייגן.

צוויי מאָל האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט ווי דער פע־ניקס־פויגל שטייט אויף פון דעם אַש פון דער פערצניאָריקער. צוערשט אין דער טאָכטער, דערנאָך אין דער צווייטער ווייב.

אָבער אין זיין געדעכעניש האָט געלעבט נאָר די ערשטע, די מיידל פון קלויסטער־הויף, וועלכע ער האָט דערזען צו דער צייט פון פּאָזעמקעס, וועלכע ער האָט אין וואַלד אונטער דער ליפּע געקושט, וואָס איז אָבער קיינמאָל זיינע ניט געווען.

אָבער אַצונד, בשעת די זון פון זיין לעבן האָט שוין גע־האַלטן ביים אונטערגיין און די טעג זיינען קירצער געוואָרן, איצטער האָט ער אין זיינע בין השמשות־שעהן געזען פאַר זיך נאָר די געשטאַלט פון דער „אַלטער מאַמען", וואָס איז צו אים און זיינע קינדער אַזוי טריי געווען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געצאָרנט, וואָס איז מיאוס געווען, געפּאָרעט זיך אין קיך, וואָס האָט געלאַ־טעט די קינדערשע הויזלעך און די מיידלשע קליידלעך. און איצטער, ווען די שכרות פון זיין נצחון איז שוין אַריבער און זיינע אויגן האָבן זיך געעפנט, האָט ער זיך געפרעגט, צי איז אפשר די „אַלטע מאַמע" פּאָרט ניט געווען דער אמתער פעׄ־ניקס־פויגל, וואָס איז אַזוי שיין און געלאַסן אַרויס פון דעם אַש פון דעם פערצניאָריקן גאָלדענעם פייגעלע, וואָס האָט אייער גע־לייגט, און האָט זיך געריסן ביז בלוט די פוך־פעדערן פון ברוסט צו דערנערן זיינע פיצעלעך, ביז ער איז פון דער וועלט אַוועק?

לאַנג נאָך האָט ער זיך געפרעגט און נאָכגעקלערט מכּוח דעם, און ווען ער האָט צום סוף אַנידערגעלייגט זיין מידן קאָפּ אויפן קישן, פון וועלכן ער האָט שוין אים מערניט אויפגעהויבן, איז אים שוין מער גאָר קיין ספק ניט געווען.

---

# „ראָמעאָ און יוליאַ".

דער מאַן איז געקומען אינאָווגט אַהיים מיט אַ גאָטן־העפט און האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

— לאָמיר נאָכן עסן שפּילן אין פיר הענט.

— וואָס פאַר אַ נייע נאָטן האָסטו דאָ? האָט געפרעגט די ווייב.

— איך האָב געקויפט „ראָמעאָ און יוליאַ", קענסטו די אָפּערע?

— יאָ, אַוודאי קען איך זי, — האָט זי געזאָגט, אָבער איך ווייס ניט, אויב איך האָב זי ווען געזען אויפן סצענע.

— אָ, עס איז וואונדערלעך! איך טראַכט פון דעם ווי פון אַ יוגנט־חלום, הגם איך האָב זי ניט מער ווי איין מאָל געהערט, מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

נאָך דעם אָוונט־ברויט, נאָכדעם ווי מ'האָט די קינדער איינגעלייגט שלאָפן און אין שטוב איז שטיל געוואָרן, האָט דער מאַן אָנגעצונדן די לייכטער אויף דעם ראָיאַל. אויפן שיין לי־טאָגראַפירטן שער־בלאַט האָט ער איבערגעלייענט דעם טיטל „ראָמעאָ און יוליאַ".

— דאָס איז גונאָס שענסטע קאָמפּאָזיציע, האָט ער געזאָגט, און מיר דוכט, אַז זי איז ניט איבעריק שווער.

ווי געוויינלעך, נעמט זיין ווייב איבער די ערשטע שטים, און מ'הייבט אָן. D—dur, פיר־פערטל טאַקט, אַלעגראָ גיוסטאָ.

— ס'איז שיין, ניט אמת? זאָגט דער מאַן נאָכן שלוס פון דער אוווערטיורע.

— אַוודאי, איז די ווייב מסכים, הגם מיט אַ האַלבן מויל.

— איצט לאָמיר נעמען די מאַרציאַלע, — זאָגט דער מאַן. דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערס פיינע זאַך, איך דערמאָן מיך נאָך אָן די פּרעכטיקע כאָרן פון קיניגלעכן טעאַטער.

דער מאַרש הייבט זיך אָן.

— האַ? איז דאָס ניט אַ פּראַכט? זאָגט דער מאַן מיט נצחון, ווי ער אַליין וואָלט געהאַט אָנגעשריבן די אָפּערע „ראָמעאָ און יוליאַ".

— איך געפין, אַז עס קלינגט ווי בלאָז־מוזיק — האָט די ווייב געענטפערט.

דער כבוד און דער פיינער געשמאַק פון מאַן שטייט אין קאָן. און ער זוכט די לבנה־שיין־אַריע אין פערטן אַקט. נאָך אַ לאַנגן זוכן געפינט ער לסוף אַן אַריע פאַר סאָפּראַן; אָט אָ די איז דאָס מסתמא.

און ער הייבט אָן פון דאָס ניי.

— טראַם — טראַם־טראַם, טראַם, טראַמטראַם—אַזוי קלינגט דער באַס, זייער לייכט.

— ווייסטו, זאָגט זיך אַרויס די ווייב, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט, די מוזיק איז זייער אַ מיטלמעסיקע.

דער מאַן איז שטאַרק געפאַלן ביי זיך און איז מודה, אַז עס קלינגט טאַקע ווי אַ קאַטערינקע.

— די גאַנצע צייט איז מיין מיינונג געווען אַזוי—איז זיך מודה די ווייב.

— עס קלינגט טאַקע עפּעס אַזוי אַלטמאָדיש. אַז גונאָ זאָל אַזוי גיך פאַרעלטערט ווערן! באַמערקט ער מיט אַ האַלבן מויל. ווילסט אפשר ווייטער שפּילן?

— לאָמיר דורכגיין די גאַוואַנטינאַ און דעם טערצעט; איך דערמאָן מיך נאָך אָן דער זינגערין, זי איז געווען געטלעך.

נאָך דעמדאָזיקן שטיק, האָט דער מאַן באמת פאַרדראָס און לייגט אַוועק די נאָטן, פּונקט ווי ער זאָל וועלן צושליסן די טיר הינטער דער פאַרגאַנגענהייט.

— טרינקען מיר אפשר אַ גלאָז ביר?—פרעגט ער.

זיי זעצן זיך צום טיש און טרינקען אַ גלאָז ביר.

— עס איז עפּעס מאָדנע, הייבט אָן דער מאַן — איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז מיר זיינען אַזוי אַלט געוואָרן, וואָרעם עס דוכט זיך באמת, אַז מיר האָבן זיך מיט „ראָמעאָ און יוליאַ" צוגלייך געעלטערט. עס איז שוין צוואַנציק יאָר זינט איך האָב די אָפּערע געהערט. איך בין דאַמאָלס אָקאָרשט סטודענט געוואָרן, האָב געהאַט גוטע פריינד און די צוקונפט האָט מיר ליכטיק און פריילעך געשמייכלט אַנטקעגן. אין משך פון אַ קורצער צייט האָב איך שוין געהאַט סימנים פון אַ בערדל און האָב שטאָלצירט אין מיין היטל. און גאַנץ באַזונדערס איז מיר דער אָוונט געבליבן אין זכרון, ווען פריץ, פיליפּ און איך זיינען געגאַנגען אין דער אָפּערע. מיט עטלעכע יאָר פריער האָבן מיר זיך באַקאַנט מיט „פויסט", זיינען, אַלזאָ, שוין פון פריער געווען הייסע חסידים פון גונאָ. „ראָמעאָ" האָט אָבער נאָך איבערגעשטיגן אַלע אונזערע האָפענונגען, און מיר זיינען פון דער מוזיק ממש פאַרכאַפּט געוואָרן. מיינע פריינד זיינען שוין ביידע איצטער טויט. פריץ, וואָס האָט געשטרעבט צו אַ חויכער מדרגה, איז געשטאָרבן אַלס סעקרעטאַר; פיליפּ אַלס קאַנדידאַט פון דער מעדיצין; און איך, וואָס האָב געהאַט חשק מיניסטער צו ווערן, האָב מיך געמוזט סוף־כל־סוף באַנוגענען מיט דער שטעלע פון אַ רעגימענט־אודיטאָר. מיר האָבן גאָרניט באַמערקט, ווי די יאָרן זיינען פאַרפלויגן! כ'האָב אַפילו געזען ווי די קנייטשן אַרום די אויגן ווערן וואָס ווייטער קענטיקער און אַז די האָר אַרום די שלייפן האָבן געכאַפּט גרוי ווערן, אָבער אַז מיר זיינען שוין אַזוי ווייט אויפן וועג צום בית־עלמין, וואָלט איך בשום אופן ניט געגלויבט.

— יאָ מיין פריינד, מיר זיינען אַלט געוואָרן; דאָס קענסטו זען אָן די קינדער. דו זעסט עס אויך אָן מיר, הגם דו מאַכסט זיך שווייגנדיק.

— אַך, וואָס רעדסטו עפּעס אַזוינס!

— איך ווייס דאָס זייער גוט, מיין ליבער, האָט די ווייב ווייטער גערעדט מיט אַן אומעטיקן טאָן; איך ווייס זייער גוט, אַז איך הייב שוין אָן מיאוס צו ווערן, אַז מיינע האָר זיינען שיטער און אַז איך פאַרליר שוין באַלד די פאָדערשטע ציינער...

— אָבער גיב נאָר אַ טראַכט, אַז היינטיקע צייטן דויערט בכלל קיין זאַך ניט לאַנג — האָט זי דער מאַן איבערגעהאַקט. אפנים, אַז היינטיקע צייטן ווערט מען אַ סך גיכער אַלט ווי אַמאָל. ביי אונז אינדערהיים האָט מען נאָך געשפּילט היידן און מאָצאַרט, הגם זיי זיינען שוין לאַנג טויט געווען נאָך איידער דער טאַטע איז געבאָרן געוואָרן. און היינט — היינט איז שוין גונאָ אויך אַלט! עס איז אומעטיק אויפן האַרצן, ווען מ׳באַגעגנט זיך אין אַזאַ אופן מיט דעם יוגנט־אידעאַל! און ווי שווידערלעך איז דאָס געפיל, אַז דו הייבסט אָן אַלט צו ווערן!

ער שטייט אויף און זעצט זיך צו דעם ראָיאַל; ער נעמט דאָס נאָטן־העפט און בלעטערט דאָרט, פונקט ווי מ׳זוכט אין שופלאָד פון אַ שרייב־טיש יוגנט־זכרונות, האָר־לאָקן, געטריקנטע בלומען און בענדער. די אויגן זיינען האָבן שטאַרק געבליקט אויף די שוואַרצע נאָטן, ענלעכע צו קליינע פייגעלעך, וואָס קלעטערן אויף אַ דראָטענעם צאַם; עס האָט זיך אים געוואָלט, אַז זיין אויער זאָל אין זיי פאַרנעמען די אַמאָליקע פריי־לינגס־טענער, די פריילעכע טרעלן פון די ראָזע טעג פון דער ערשטער ליבע. אָבער אַלץ קוקט אים אָן אַזוי פרעמד, אַזוי ווי דער זכרון פון דער בליענדיקער יוגנט־צייט איז מיט ווילד־גראָז פאַרוואַקסן. יאָ, אַזוי איז דאָס; די סטרוגעס זיינען מיט שטויב באַדעקט, דאָס האָלץ איינגעטריקנט, דער פילץ אָפּגעניצט.

אַ זיפץ גייט אַ דורך איבערן צימער, שווער ווי פון טיפן האַרצן, און נאָכדעם ווערט גאַנץ שטיל.

פלוצלונג הערט מען ווי דער מאַן זאָגט:

— פונדעסטוועגן איז עפּעס מאָדנע, וואָס עס פעלט דער הערלעכער פּראָלאָג אין דעמדאָזיקן קלאַוויר־פראַגמענט. ווי איך געדענק, איז דערביי געווען אַ פּראָלאָג מיט האַרף־באַגלייטונג, און אַ כאָר, וואָס האָט אַן ערך אָט אַזוי געקלונגען:

ער האָט פאַמעלעך צוגעקליבן די מעלאָדיע, וואָס קוועלט אַרויס ווי אַ קוואַל פון אַ באַרג־שפּאַלט; איין טאָן ציט דעם אַנ־דערן נאָך זיך, זיין פּנים ווערט אויסגעלייטערט, דער מויל שמייכלט, די קנייטשן גלייכן זיך אויס און די הענט לייגן זיך

אויף די קלאַווישן, וואָס גיבן אַרויס די הערלעכע טענער אַזוי עלאַסטיש און שטאַרק, און מיט אַ פעסטער קלינגענדיקער שטים זינגט ער די באַס-פּאַרטיע.

זיין ווייב כאַפּט זיך אויף פון אירע אומעטיקע געדאַנקען, זי האָרכט מיט טרויערנדיקע אויגן און פרעגט פאַרחידושט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

— ראָמעאָ און יוליאַ! אונזער ראָמעאָ, און אונזער יוליאַ!

און ער שפרינגט אויף פון שטול און דערלאַנגט דאָס באָטן-העפט דער פאַרחידושטער יונגער ווייבל.

— זעסטו! דאָס איז געווען דער ראָמעאָ פון אונזערע פּע-טערס און מומעס, לייען אַקאָרשט—בעליני! אָ, מיר זיינען אַלזאָ נאָך גאָר ניט אַלט!

די ווייב קוקט אויף די געדיכטע און גלאַנציקע האָר פון איר דרייסיק-יאָריקן מאַן, אויף זיין גלאַטן שטערן און זיינע פייערדיקע אויגן. און זי זאָגט אַ שטראַלנדיקע פון פרייד:

— יאָ, דו זעסט אויס ווי אַ פינפאונצוואַנציק-יאָריקער!

— און דו? דו זעסט אויס ווי אַ יונגע מיידל. דאָס האָט דער אַלטער בעליני אונז אַזוי אָפּגעטאָן. איך האָב גלייך געטראַכט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

— ניין, ליבער פריינד, דאָס האָב איך צוערשט געטראַכט

— מסתמא, ווייל דו ביזט יינגער פאַר מיר.

— ניין, דו...

און מאַן און ווייב זיצן דאָ און שטרייטן אין קאַטאָוועס, פּונקט ווי אַ פּאָר קינדער מכּח דעם, ווער פון זיי איז עלטער, און זיי זיינען פאַרחידושט, ווי אַזוי זיי האָבן פריער געקענט ביי זיך אַנטדעקן קנייטשן און גרויע האָר, פון וואָס עס איז נאָך גאָר קיין זכר ניטאָ.

---

# האַרבסט.

שוין צען יאָר נאָך זייער חתונה! איז זייער זיווג געווען אַ גליקלעכער? יאָ, אויף אַזויפיל, אויף וויפל די אומשטענדן האָבן עס דערלאָזן. זיי האָבןביידע גלייך געשלעפּט דעם וואָגן, ווי צוויי יונגע אָקסן מיטן זעלביקן כוח, וואָס זיינען איינגעשפּאַנט אין שפּאַן.

אין ערשטן יאָר איז כּדרך הטבע, אַ סך פון די חלומות וועגן חתונה, ווי פון דעם אַבסאָלוטן גליק פון לעבן, געפירט געוואָרן צו קבורה. אויפן צווייטן יאָר זיינען געקומען קינדער, און די טעגלעכע זאָרג פון לעבן האָט ניט געלאָזן קיין צייט פאַר איבעריקע חקירות.

ער איז געווען אַ שטוביקער מענטש, אפשר שוין צופיל. זיין פאַמיליע איז פאַר אים געווען זיין גאַנצע וועלט און ער איז געווען איר צענטער; די קינדער זיינען געווען די ראַדיאוסן. די ווייב האָט זיך אויך באַמיט צו ווערן אַ צענטער, אָבער ניט אין מיטן, מחמת דאָרט איז געזעסן דער מאַן. דעריבער זיינען די ראַדיאוסן אַמאָל צונויפגעקומען און אַמאָל פונאַנדערגעפאַלן, און דעריבער האָט זיך אַלץ ניט געקלעפּט.

אויפן צענטן יאָר איז דער מאַן געוואָרן סעקרעטאַר פון דער טורמע-אינספעקציע, און אין דערדאָזיקער ראָלע האָט ער גע-מוזט מאַכן נסיעות. דאָס האָט צעשטערט זיינע שטוביקע רגילותן. אַ מאָדנע אַפּאַטיע צו אַלץ האָט אים אָנגעכאַפּט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער מוז אויף אַ גאַנצן חודש פאַרלאָזן זיין היים. עס איז אים ניט גאַנץ קלאָר געווען, וועֶר עס וועט אים פעלן, די ווייב צי די קינדער, אָדער אפשר ביידע.

איינמאָל אינאָווענט, פאַר זיין אָפּפאָרן, זיצט ער אַזוי אין זיין פאָטעל און קוקט צו, ווי זיין ווייב פּאַקט זיין טשעמאָדאַן. זי שטייט אויף די קני און לייגט אַריין זיינע וועש. זי פּוצט אָפּ זיין שוואַרצן אָנצוג, לייגט אים שוינענדיק צוזאַמען, כדי ער זאָל וואָס ווייניקער פּלאַץ פאַרנעמען. ער אַליין פאַרשטייט ניט ווי מ׳מאַכט דאָס.

זי האָט זיך אין שטוב געפילט ניט ווי אַ דינסט און גאַנץ ווייניק ווי אַ ווייב. זי איז געווען אַ מאַמע: פאַר די קינדער און פאַר אים. עס איז פאַר איר קיינמאָל ניט געווען קיין חרפה, וואָס זי האָט זיינע זאָכן פאַרצירעוועט, און זי האָט דערפאַר קיין דאַנק ניט פאַרלאַנגט. זי האָט קיינמאָל ניט גערעכנט, אַז ער איז איר דערפאַר אַ בעל־חוב. ער האָט דאָך איר דערפאַר געשענקט אירע קינדער גאַנצע זאָכן און נאָך אַ סך מער דערצו. ווען ניט ער, וואָלט זי דאָך געצוואונגען געווען אַליין צו פאַרדינען און זי וואָלט געמוזט לאָזן די קינדער אַליין אין שטוב.

ער איז געזעסן אין עק אויף דער סאָפע און האָט זי באַקוקט. אַצונד, אין דער מינוט, ווען ער האַלט זיך ביים זעגענען, האָט ער זיך פאַרגינט אַביסל אַ בענק צו טאָן אויפן קומענדיקן חשבון. ער האָט באַטראַכט איר געשטאַלט. די אַקסלען זיינען אַ ביסל אָפּגעשטאַנען, דער רוקן אויסגעבויגן פון דער אַרבעט איבער דער וויג, פון פּרעסן און פון שטיין איבער דער פּליטע ער אַליין איז שוין אויך געווען געבויגן פון דער אַרבעט איבערן· שרייבטיש און ער האָט שוין געמוזט האָבן ברילן צו די אויגן· אין אָט דער מינוט האָט ער אָבער באמת ניט געטראַכט מכוח זיך. ער האָט געזען, אַז אירע צעפּ זיינען איצט שיטערער ווי פריער און אַז איבערן שייטל באַווייזט זיך שוין אַ זילבערנער שימער. האָט זי איר שיינקייט פאַר אים אַליין אָפּגעגעבן ? ניין, פאַר דער גאַנצער חברהלע, וואָס זיי האָבן אַליין אַרום זיך געשאַפן; וואָרעם באמת האָט זי דאָך פאַר זיך אַליין אויך געאַרבעט, און אויך זיינע האָר זיינען שיטערער געוואָרן אין קאַמף פאַר זיי אַלעמען. אפשר וואָלט ער זיין יונגקייט פאַרהיט, ווען

ער וואָלט אַליין געווען און ניט געהאַט אויף זיך די פילע מיי־
לער; אָבער ניין! ער וואָלט פאַר קיין אופן ניט געווען אַ מינוט
אַליין.

— עס וועט פאַר דיר געזינטער זיין אַ ביסל דורכצופאָרן זיך,
האָט געזאָגט זיין ווייב; דו ביסט שוין צופיל געזעסן אינדער־
היים.

— דו פרייסט זיך מסתמא, וואָס דו ווערסט פון מיר פטור
האָט ער געזאָגט מיט אַ ביסעלע ביטערקייט אין טאָן; מיר אָבער
וועט איר אַלע פעלן.

— דו ביזט ווי אַ קאַץ, עס וועט דיר פעלן דער אונטער־
אויוון, אָבער איך וועל דיר שוין ווייניק־וואָס פעלן; דו גלויבסט
עס אַליין ניט.

און די קינדער?

— יאָ, ווען דו פאָרסט אַוועק, פעלן זיי דיר, אָבער בשעת
דו ביסט אינדערהיים, שילסטו זיי; אמת, ניט צו גוואַלטיק, אָבער
פונדעסטוועגן! אָ ניין, איך ווייס, אַז דו האָסט זיי האָלט; איך
וויל ניט זיין אומגערעכט.

ביי דער וועטשערע איז ער געווען זייער ווייך, און עס
איז אים געווען ניט גוט אויפן האַרצן. די אָוונט־צייטונגען האָט
ער ניט געלייענט, נאָר האָט אַלץ געוואָלט ריידן מיט זיין ווייב.
יענע איז אָבער געווען אַזוי פאַרטאָן, אַז זי האָט קיין צייט ניט
געהאַט צום פלוידערן. דערצו זיינען אירע געפילן פאַר די צען
יאָר אין קינדער־צימער און אין קיך גענוג פאַרהאַרטעוועט גע־
וואָרן.

ער האָט געפילט אין זיך אַ סך מער ווייכקייט ווי ער האָט
געקענט אין דעם מאָמענט אַרויסווייזן און איז דעריבער צוליב
דער אומאָרדענונג אין צימער געווען נערוועז. אַזוי ווי שטיקער
פון זיין טעגלעכן לעבן, פון זיין עקסיסטענץ, וואָלטן זיך גע־
וואַלגערט אויף די שטולן; דער אָפענער שוואַרצער טשעמאָדאַן
האָט אויף אים געעפנט אַ מויל, ווי אַן ארון. די ווייסע וועש
ליגט דאָרט צוזאַמען מיט זיינע שוואַרצע בגדים, וואָס האָבן נאָך
אויף זיך די שפורן פון זיינע איילנבויגנס און פון זיינע קני.

עס האָט זיך אים געדוכט, אַזוי ווי ער אַליין וואָלט דאָ געלעגן אין ארון אין זיין ווייסן געפּרעסטן העמד; באַלד וועט מען אים צומאַכן און אַרויסטראָגן.

אויף מאָרגן, געווען איז עס אין חודש אַווגוסט, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, האָט זיך אָנגעטאָן און איז געווען זייער נערוועז. ער איז אַריין אין קינדער־צימער און האָט געקושט אַלע קינדער, וועלכע האָבן זיך געריבן די אויגן פון שלאָף. נאָכדעם ווי ער האָט אַרומגענומען זיין ווייב, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע צו פאָרן צום וואָקזאַל.

די נסיעה, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער גרעזעלשאַפט פון זיינע אייבער־באַאַמטע, האָט אים אויפגעמונטערט. ס׳איז פאַר אים באמת גוט געווען איינמאָל אַ ביסל זיך דורכצולופטערן. די שטוביקייט איז געווען ווייט הינטער אים ווי אַ פאַר־דומפּט שלאָפצימער, און ער איז באמת געווען אויפגעלייגט, קומענדיק קיין לינקעפּינג.

צום סוף האָט מען געמאַכט אַ פיינע אָפּיציעלע סעודה אין גרעסטן האָטעל. מ׳האָט געטרונקען לחיים פאַרן געזונט פון גובערנאַטאָר, אָבער ניט פאַרן געזונט פון די אַרעסטאַנטן, וועל־כע זיינען אייגנטלעך געווען דער גאַנצער צוועק פון דער נסיעה.

אינאָוונט איז ער געווען אַליין אין זיין איינזאַמען צימער. אַ בעט, צוויי שטולן, אַ טיש, אַ וואַשטיש און אַ סטעאַרין־ליכט, וואָס האָט פאַרשפּרייט אויף די נאַקעטע טאַפּעטן זיין קאַרגע שיין. ס׳איז אים געווען עפּעס ניט פריילעך אויפן האַרצן. אַלץ האָט געפעלט: די פאַנטאָפל, דער שלאָפראָק, דאָס טישל פאַר די ליולקעס, דער שרייב־טיש; אָט יענע אַלע קלייניקייטן, וואָס זיינען געוואָרן באַשטאַנד־טיילן פון זיין לעבן. און די קינדער און זיין ווייב? ווי גייט עס זיי דאָרט? זיינען זיי געזונט? ער איז געוואָרן אומרואיק און מרה־שחורהדיק. ער האָט געוואָלט אָנ־ציען דעם זייגער — ערשט דאָס שליסעלע פעלט. עס איז גע־בליבן הענגען אין שטוב אויפן זייגער־בייטעלע, וואָס זיין ווייב האָט אים צו דער חתונה אויסגענייט. ער האָט זיך געלייגט אין בעט און האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר. ער האָט אָבער געמוזט

נאָכאַמאָל אויפשטיין און אַרויסנעמען אַ בוך פון טשעמאָדאַן. אַלץ איז דאָרט געווען אַזוי פיין אַיינגעפּאַקט, אַז ער האָט מורא געהאַט צו צעשטערן דעם סדר. אָבער זוכנדיק דאָס בוך, האָט ער געפונען די פּאַנטאָפל! אַלץ האָט זי פאַרטראַכט! און דאָס בוך האָט ער אויך געפונען! אָבער ער האָט ניט געלייענט. ער איז געלעגן און האָט געטראַכט פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון זיין ווייב, ווי זי איז געווען מיט צען יאָר צוריק. די געשטאַלט פון אַמאָל איז אַרויסגעשוואומען און די היינטיקע איז פאַרשוואונדן אין דעם בלוי-גרינעם רויך-וואָלקן פון דעם ציגאַר, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין רינגעלעך צום באַלקן. ער האָט דערפילט אַ גרעניצלאָזע בענקשאַפט. איטלעכס האַרטע וואָרט, וואָס ער האָט איר אַמאָל אַרויסגעזאָגט, האָט זיך אים איצט אָפּגערופן מיט אַ ווייטאָג אין אויער. און ער האָט חרטה געהאַט אויף די ביטערע מינוטן, וואָס ער האָט איר פאַרשאַפט. ענדלעך איז ער איינגעשלאָפן.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען ווידער געאַרבעט און ווידער אַ פיינע סעודה מיט אַ לחיים פאַרן דירעקטאָר, אָבער נאָך אַלץ ניט פאַר די אַרעסטאַנטן. אינאָוונט ווידער איינזאַמקייט, פּוסט-קייט, קעלט. ער האָט דערפילט עפּעס ווי אַ באַדערפעניש מיט איר צו ריידן. ער האָט גענומען פּאַפּיר און האָט זיך געזעצט צום טיש. שוין ביים ערשטן וואָרט האָט ער זיך פאַרהאַלטן. ווי זאָל ער שרייבן? „ליבע מאַמע" האָט ער איר שטענדיק גע-שריבן, בשעת עס פלעגט אים אַמאָל אויסקומען איר מודיע צו זיין, אַז ער קומט ניט צום מיטאָג. איצט אָבער האָט ער ניט געשריבן צו דער „מאַמען", נאָר צו זיין כלה, צו זיין געליב-טער. און ער האָט אָנגעשריבן „צו מיין געליבטער לילי" ווי אַמאָל. לכתחילה איז עפּעס שווערלעך צוגעגאַנגען, ווארעם זייער אַ סך שיינע ווערטער זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער טרו-קענער שפּראַך אין טעגלעכן, וואָכיקן לעבן. זיין האַרץ האָט זיך אָבער באַלד דערוואַרימט, און תיכף זיינען זיי אַרויפגעשוואומען, די ווערטער, אין זיין זכרון ווי פאַרגעסענע ניגונים, טאַקטן פון וואַלסן, פראַגמענטן פון ראָמאַנסן, בעז-צווייגן און שוואַלבן.

אָוונט־שעהן בײַ דער שקיעה אויפן גלאַנציקן שפּיגל פון ים. אַלע זכרונות פון זײַן לעבנס־פרילינג זײַנען פלאַטערנדיק געקומען אין אַ זון־וואָלקן און האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר. גאַנץ אונטן אויפן ברעג האָט ער אויסגעמאָלט אַ שטערן, ווי עס איז געווען דער מנהג פון פאַרליבטע, און דערבײַ האָט ער ווי דאַמאָלסט צוגעשריבן: „אָט דאָ קוש איך!"

נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דעם בריוו און האָט אים דורכגעלייענט, האָבן אים געברענט די באַקן און ער איז עפּעס געווען ווי פאַרלעגן. פאַרוואָס אייגנטלעך, האָט ער אַליין ניט געוואוסט. אָבער ער האָט געהאַט אַזאַ געפיל, ווי ער וואָלט אויסגעגאָסן זײַן איבערפולטן האַרץ פאַר איינעם, וואָס האָט דערפאַר קיין שום פאַרשטענדעניש ניט.

פונדעסטוועגן האָט ער דעם בריוו אָפּגעשיקט.

עס זײַנען אַריבער עטלעכע טעג ביז די תשובה איז געקומען. אין משך פון דער צײַט, וואָס ער האָט דערוואַרט דעם ענטפער, איז ער געווען עפּעס קינדיש ציטעריק און פאַרלעגן.

און די תשובה איז געקומען! ער האָט אָנגערירט די ריכ־טיקע סטרונע, און פון דעם קיך־טשאַד און קינדערשן ליאַרם, האָט דערגרייכט צו אים אַ ליד, קלאָר און זינגעוודיק, ריין און וואַרים, ווי די ערשטע ליבע.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ליבע־בריוו. ער האָט געשריבן איטלעכן אָוונט, און אָפט נאָך אין משך פון טאָג אַ קאַרטל. זײַנע קאָלעגן האָבן אים פּשוט ניט דערקענט. און מחמת ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק מקפּיד צו זײַן אויף די ריינקייט פון זײַנע קליידער, האָט מען חושד געווען, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון אַ פרוי. און ער איז טאַקע געווען פאַרליבט, פון דאָס נײַ פאַרליבט. ער האָט איר געשיקט זײַן פאָטאָגראַפיע, אָן ברילן, און זי האָט אים געשיקט אַ לאָק פון אירע האָר. אין זייערע אויסדרוקן און ווערטער זײַנען זיי געווען קינדיש, און ער האָט געקויפט קאָלירטן בריוו־פּאַפּיר מיט אַן אויסגעמאָלטע טײַבעלע. און זיי זײַנען דאָך טאַקע געווען פון מיטעלער עלטער, נאָך ווייט צו די פערציקער, הגם

די זאָרגן און דער קאַמף פון לעבן האָבן גורם געווען, זיי זאָלן זיך פילן אַלט. פאַרן לעצטן יאָר איז זי שוין אויך זיין ווייב ניט געווען, חלילה ניט פון קאַלטקייט צו איר, נאָר, פאַרקערט, פון דרך־ארץ צו איר, וואָרעם ער האָט אויף איר געקוקט ווי אויף דער מאַמען פון זיינע קינדער.

די רייזע האָט זיך גענענט צו איר סוף. און טראַכטנדיק מכוחן ווידערזען זיך מיט איר, איז ער געווען עפּעס אומרואיק. ער האָט קאָרעספּאָנדירט מיט דער געליבטער; צי וועט ער זי אָבער געפינען אין דער מאַמען און אין דער באַלעבאָסטע? ער האָט מורא געהאַט פאַר אַנטטוישונג. ער וויל זי מער ניט זען מיט אַ קיך־טוך אין האַנט. ער האָט ניט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן זיך אָנהענגען אָן איר קלייד, בשעת ער נעמט זי אַרום. זיי מוזן זיך טרעפן ערגעץ־וואו אין אַן אַנדער אָרט, אַליין. זאָל ער זי, למשל, פאַרבעטן צו קומען קיין וואַקסהאָלם אין דעם שטאָקהאָל־מער אינזל־ים, אין רעסטאָראַן, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט אַזוינע פריילעכע שעהן אין דער חתן־כלה צייט? דאָס וואָלט געווען אַן אידעע! זיי וואָלטן דאָרט געקענט פאַרברענגען אַ פּאָר שיינע פרילינגס־טעג; יענע וואונדערלעכע טעג, וואָס זיינען פאַרפלויגן און ניט צוריקגעקומען נאָכאַמאָל איבערלעבן אין זכרון.

ער האָט זיך צוגעזעצט און האָט אָנגעשריבן אַ גליענדיקן ליבע־בריוו, וואו ער האָט איר דערביי געמאַכט דעם פאָרשלאָג. זי האָט אים תיכף געענטפערט מיט אַ הסכמה, זי איז געווען גליקלעך, וואָס ער איז געפאַלן אויף דערזעלביקער המצאה ווי זי.

---

אין צוויי טעג אַרום איז ער געווען אין וואַקסהאָלם און דאָרט אין האָטעל באַשטעלט אַ צימער. עס איז געווען אַ שיינער סעפּטעמבער־טאָג. ער איז געזעסן אַליין צו מיטאָג אין גרויסן זאַל און האָט זיך געפילט ווידער יונג ווי אַמאָל. ס'איז דאָ גע־ווען אַזוי העל און לופטיק. אין דרויסן האָט זיך אויסגעשפרייט דער בלויער ים און נאָר די בעראָזעס אויפן ברעג האָבן זיך געביטן אין קאָליר. אין גאָרטן האָבן נאָך געבליט די דאַליעס,

און אויף די ברעגן פון די בייטן האָט די רעזעדאַ געווייט מיט ריחות. אייניקע בינען האָבן נאָך געפּרוווט מאַכן אַ וויזיט ביי די פּאַרטריקנטע בלומען־בעכערלעך, האָבן זיך אָבער אומגעקערט צוריק אַנטטוישטע אין זייערע בינשטאָקן. אין פּיאָרד האָבן זיך געגליטשט די זעגל־שיפלעך אין שוואַכן ווינטל, און די זעגלען האָבן געפלאַטערט און געוואָרפן מיט שאָטנס. די מעוועס זיי־נען איבערגעשראָקענע און שרייענדיק אַוועקגעפלויגן פון די פישער, וואָס האָבן דאָ אין זייערע שיפלעך געכאַפּט קילקעס מיט נעצן.

ער האָט געטרונקען קאַווע אויף דער וועראַנדע און האָט געוואַרט אויפן דאַמפּער, וואָס האָט געדאַרפט קומען זעקס אַ זייגער.

אומרואיק, ווי ער וואָלט געגאַנגען אַנטקעגן דער אומבאַ־וואוסטקייט, האָט ער זיך געדרייט אַהין און אַהער איבערן באַל־קאָן, האָט אַרויסגעלוגט איבערן פיאָרד צו דער זייט פון שטאָק־האָלם, אפשר וועט ער באַמערקן דעם דאַמפּער.

צום סוף האָט זיך הינטער דעם סאָכנאָוון וואַלד באַוויזן אַ רויך. זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן און ער האָט באַ־שטעלט אַ גלאָז ליקער. נאָכדעם איז ער אַרונטער צום ברעג.

איצטער האָט זיך שוין געזען דער קוימען פונווייטנס, און באַלד האָט ער דערזען דעם פלאַג אויף דעם פאָדערשטן מאַסט. קומט זי מיטן דאַמפּער אָדער מ׳האָט זי פאַרהאַלטן אין שטוב? עס האָט נאָר געפעלט, אַז אַ קינד זאָל חלילה עפּעס ניט געזונט ווערן, איז זי שוין געוויס געבליבן אין שטוב און ער וועט מוזן פאַרברענגען אַן איינזאַמע נאַכט אין האָטעל. די קינדער, וואָס זיינען אין משך פון די לעצטע וואָכן אַראָפּ פון אויבנאָן, האָבן זיך איצט געשטעלט ווי אַ מחיצה צווישן אים און איר. אין די לעצטע בריוו האָבן זיי זייער ווייניק דערמאָנט וועגן די קינדער, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן אויסמיידן אַ מניעה אָדער עדות.

ער האָט געשפּרייזט אויף דער בריק, וואָס האָט געסקריי־פּעט אונטער זיינע פיס, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אומ־באַוועגלעך פאַרגליווערט געקוקט אַנטקעגן צום דאַמפּער, וואָס

האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרגרעסערט פאַרן אויג, און האָט געפלייצט אַרום זיך מיט אַ טייך פון צעשמאָלצענעם גאָלד איבער דער בלויער קוים געקרייזלטער אייבערפלאַך.

איצט זעט ער שוין אויף דעם אייבערשטן דעק מענטשן, וועלכע רירן זיך, און מאַטראָסן וואָס זיינען זיך עוסק ביים צונויפלייגן די שטריק. און פלוצלונג האָט ער דערזען ווי עפעס אַ ווייסע זאַך באַוועגט זיך לעבן דעם שטייער־ביידל. ער איז דאָ אַליין אויפן בריק און צו וועמען קען מען דאָס מאַכן מיטן טיכל, אויב ניט צו אים; און ווער, אויב ניט זי. ער נעמט אַרויס זיין נאָזטיכל און ענטפערט. דערביי באַמערקט ער אָבער, אַז זיין נאָזטיכל איז ניט קיין ווייסע, ווייל צוליב שפּאָרזאַמקייט האָט ער די לעצטע צייט באַנוצט קאָלירטע טיכלעך.

דער דאַמפער פייפט, לאָזט אַרויס סיגנאַלן, און האַלט אָפּ דעם גאַנג. דער דאַמפער רוקט זיך צו דער בריק און ער דער־קענט זי ווידער. זיי גריסן זיך מיט די אויגן קענען זיך אָבער נאָך ניט צונויפריידן, ווייל זיי זיינען נאָך צו ווייט איינע פון די אַנדערע.

דער דאַמפער איז אָנגעקומען. ער זעט זי ווי זי שטופּט זיך פּאַמעלעך צום אַראָפּגאַנג. ס'איז זי, און ניט זי. צען יאָר שטייען אין מיטן! די מאָדע האָט זיך פאַר דער צייט געענ־דערט, דער שניט פון די קליידער איז אַן אַנדערער. פריער איז איר פיינער, געברוינטער פּנים געווען אַ העלפט אַיינגעפאַסט, ווי דער מנהג איז דאַמאָלסט געווען, אין אַ הויב, וואָס האָט געלאָזן אָפן דעם שטערן; איצט איז דער שטערן פאַרשאָטנט פון אַ הוט, וואָס איז מיאוס נאָכגעמאַכט דעם מענערשן הוט. דאַמאָלסט האָט זיך איר פיינע פיגור אָפּגעצייכנט אין שפּילעוודיקע פאַלבן אין דעם דראַפּירטן מאַנטל, וואָס האָט שעלמיש באַהאַלטן און צו־גלייך אַרויסגעשטעלט די קיילעכדיקייט פון די פּלייצעס און די באַוועגונג פון די אָרעמס. איצט אָבער איז די גאַנצע פיגור צו־קאַליעטשעט פון דעם לאַנגן קוטשערשן מאַנטל, וואָס שטעלט נאָר אַרויס פאַרן אויג דעם בגד, אָבער ניט די פיגור. גלייך ווי זי האָט געמאַכט דעם לעצטן טראָט אירן אויפן טרעפּ, האָט ער

דערזען איר קליין פיסל, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרליבט, ווען זי האָט נאָך געטראָגן אַ געוויינלעכן שוך אויף קנעפּלעך, וואָס האָט גלאַט אַרומגענומען איר פוס. דער איצטיקער שוך אירער האָט געהאַט די שפּיציקע פאָרם פון אַ כינעזישן פאַנטאָפל, וואָס דערלאָזט ניט דעם פוס צו מאַכן יענע ריטמישע טריט, וואָס האָט אים דאַמאָלסט אַזוי אַנטציקט.

דאָס איז געווען זי, און ניט זי! ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט! זיי האָבן נאָכגעפרעגט איינער ביים אַנדערן אויפן געזונט, און ער האָט נאָכגעפרעגט אויף די קינדער. נאָכדעם זיינען זיי געגאַנגען אַרויף מיטן ברעג ים.

די ווערטער זיינען אַרויס פון מויל פאַמעלעך, טרוקענע, געצוואונגענע. ווי מאָדנע! כמעט ווי זיי האָבן זיך געשעמט איינער פאַרן צווייטן, און קיינער האָט אַפילו מיט קיין רמז ניט דערמאָנט די קאָרעספּאָנדענץ.

צום סוף האָט ער זיך געמאַכט אַ האַרץ און האָט געפרעגט:

— מאַכן מיר אפשר אַ שפּאַציר איידער די זון פאַרגייט?

— גערן, — האָט זי געזאָגט און האָט אים גענומען אונטערן אָרעם.

זיי זיינען געגאַנגען אויפן וועג צום שטעטל. אַלע זומער־וואוינונגען זיינען שוין געווען פאַרהאַקט אויף די לאָדן און די סעדער פאַרלאָזן און צעשטערט. דאָ און דאָרט האָט זיך נאָך געזען אַן עפּל באַהאַלטן הינטער די בלעטער, נאָר די ביימער זיינען אַלע געווען פוסט, די בלומען אויסגעפליקט. די ווערענדעס אָן די מאַרקיז־געצעלטן האָבן אויסגעקוקט ווי סקעלעטן. ס'איז געווען פוסט און שטיל דאָרט, וואו מ'האָט פריער געזען צופרידענע פנימער און געהערט פריילעכן געלעכטער.

— אַלץ זעט אויס אַזוי אָסיענדיק, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, עס איז שוידערלעך אָנצוקוקן די זומער־וואוינונגען אין אַזאַ צושטאַנד.

זיי האָבן ווייטער געבלאָנדזשעט.

— לאָמיר אַ קוק טאָן, וואו מיר האָבן אַמאָל געוואוינט, האָט זי געזאָגט.

— אמת, אינטערעסאַנט.

זיי זיינען געגאַנגען פאַרביי די בעדער־געביידעס.

דאָ איז געלעגן דאָס קליינע הייזל, איינגעקלעמט צווישן דעם גערטנערס און דעם לאָצמאַנס הייזלעך, מיט זיין רויטן צאַם פון לאַטעס, מיט זיין וועראַנדע און זיין גערטעלע.

עס זיינען אַרויסגעשוואומען די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָרט אין קאַמער איז געבאָרן געוואָרן דאָס ערשטע קינד. וואָס פאַר אַ שמחה, וואָס פאַר אַ יום־טוב דאָס איז געווען! דאָרט איז געשטאַנען דער רויזן־קוסט, וואָס זיי האָבן געפלאַנצט, דאָרט איז געווען דער בלומען־בייט, וואָס זיי האָבן אויפגעגראָבן. איצט איז שוין מער דערפון קיין סימן ניטאָ; אַלץ איז מיט גראָז פאַרוואַקסן. אויף די יעסענביימער האָט מען נאָך געקענט באַמערקן די שפורן פון דער וויג, פון וועלכער עס איז קיין זכר ניט פאַרבליבן.

— אַדאַנק דיר פאַר דיינע שיינע בריוו, — האָט זי געזאָגט און האָט אים געדריקט פון דאַנקבאַרקייט זיין אָרעם.

ער איז רויט געוואָרן און האָט גאָרנישט געענטפערט.

נאָכדעם האָבן זיי זיךביידע אומגעקערט צורי̈ק צום האָטעל, און גייענדיק האָט ער דערציילט די פרטים פון זיין נסיעה.

ער האָט געלאָזט גרייטן צום טיש אין גרויסן עס־זאַל, ביי וועלכן זיי פלעגן אַמאָל זיצן.

זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש, אַליין אונטער פיר אויגן. ער האָט גענומען דאָס ברויט־קערבל און האָט איר צוגעטראָגן, זי האָט געשמייכלט. שוין לאַנג איז עס ווי ער איז צו איר אַזוי העפלעך ניט געווען. אָבער עס איז עפּעס ביי און אַזוי גוט געווען צו עסן אין אַ האָטעל ביים ברעג ים, און באַלד האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזן אין אַ לעבעדיקן שמועס. עס איז געווען אַ דועט פון צווייען, וואָס האָבן געלעבט מיט זייערע זכרונות. די אויגן האָבן געלויכטן און די קליינע קנייטשעלעך אויף די פּנימער האָבן זיך אויסגעגלעט. אָ די גאָלדענע, ראָזע־רויטע צייט, וועלכע מ׳לעבט נאָר איינמאָל איבער, אויב מ׳לעבט זי איבער, און וואָס אַזוי פיל מענטשן לעבן קיינמאָל ניט איבער!

ביינאַכט, צום טיש, האָט ער דער קעלנערין עפּעס איינ־גערוימט; און באַלד איז זי געקומען מיט אַ פלאַש שאַמפּאַניער צוריק.

— ליבער אקסל, וואָס טראַכסטו זיך! — האָט זי געזאָגט האַלב מיט אַ פאָרוואורף.

— איך טראַכט פון דעם פרילינג, וואָס איז פאַרפלויגן און וועט ווידער צוריקקומען.

אָבער ער האָט גראָד ניט אינגאַנצן דערפון געטראַכט, וואָרעם בשעת די ווייב האָט אים געמאַכט דעם פאָרוואורף, איז, ווי אַ שוואַרצע קאַץ, אַ טונקל בילד פון קינדער־צימער און פון דער שיסל מיט ברייַ אַ דורך איבערן צימער פאַרביי זיינע אויגן.

אָבער נאָכדעם איז ער ווידער געוואָרן אויפגעלייגט און דער ראָז־רויטער וויין האָט אָנגערירט די אַלטע סטרונעס פון די זכרונות, און דער כישוף פון דער פאַרגאַנגענהייט האָט זיי ווי־דער פאַרכאַפּט.

ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם איילנבויגן אויפן טיש און האָט פאַרשטעלט מיטן האַנט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרשטעלן פון דעם היינט, ער זאָל אים ניט שטערן, אָט דעם־דאָזיקן היינט, וועלכן ער האָט דאָך גראָד געזוכט.

די שעהן זיינען פאַרפלויגן. זיי זיינען אויפגעשטאַנען און זיינען אַריין אין סאַלאָן, וואו דער קלאַוויר איז געשטאַנען, טרינ־קען קאַווע.

— איך וואָלט גערן וויסן, וואָס מאַכן דאָרט די קינדער, האָט געזאָגט די ווייב, וואָס האָט זיך איצט ערשט ווי אויפגע־כאַפּט פון איר שיכּרות.

— זינג עפּעס, — האָט ער געזאָגט און האָט אויפגעעפנט דעם קלאַוויר.

— וואָס זאָל איך זינגען? ווייסט דאָך, אַז איך האָב שוין לאַנג ניט געזונגען.

יאָ, ער ווייס דאָס גאַנץ גוט, אָבער איצטער ווילט זיך אים אַ ליד הערן.

זי האָט זיך צוגעזעצט צום קלאַוויר און איז אַריבער מיט די פינגער איבער די קלאַווישן. דאָס איז געווען אַן אַלטער אָפּגעניצטער קלאַוויר.

— וואָס זאָל איך זינגען, — האָט זי געפרעגט און האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו אים.

— דו ווייסט דאָך, לילי, — האָט ער געענטפערט, ניט האָבנדיק קיין מוט אַריינצוקוקן איר גלייך אין די אויגן.

— אַ, דיין ליד! אויב איך געדענק נאָך!

און זי האָט געזונגען: „ווי רופט מען יענס לאַנד, וואו מיין הייס־געליבטער וואוינט?“

נאָר אָך און ווײ! די שטים איז געווען שיטער און רייסנ־דיק. אָפּט האָט זיך ווי אַ געשריי אַרויסגעריסן פון דער טיפע־ניש פון דער נשמה, וואָס פילט אַז דער האַלבער טאָג איז שוין אַריבער און עס געענט זיך דער אָוונט. די פינגער, וועלכע האָבן שווער געאַרבעט, האָבן ניט געקענט אויסגעפינען די אמתע טע־נער; דערצו איז אויך דער קלאַוויר געווען שטאַרק אָפּגעניצט. דאָס געוואַנט פון די העמערלעך איז געווען אָפּגעריסן, און די נאַקעטע העלצלעך האָבן געקלאַפּט אויף די מעטאַלענע סטרונעס.

אַז זי האָט געענדיקט, האָט זי זיך ניט דערוועגט אומצו־קערן, גלייך ווי זי וואָלט געוואַרט, ער זאָל צו איר צוקומען און עפּעס זאָגן. אָבער ער איז ניט צוגעקומען און אין צימער איז געווען שטיל. און ווען זי האָט זיך צום סוף אויסגעדרייט אויפן שטול, האָט זי דערזען ווי ער זיצט אויפן סאָפע און וויינט. זי האָט געוואָלט אויפשפּרינגען, נעמען זיין קאָפּ אין די הענט און קושן אים ווי אַמאָל, זי איז אָבער געבליבן זיצן פאַרגליווערט, די אויגן אַראָפּגעלאָזן צום דיל.

ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ ניט־פאַררויכערטע ציגאַר. דערהערנדיק, אַז עס איז שטיל געוואָרן, האָט ער אָפּגעביסן דעם שפּיץ און האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע.

— אַדאַנק דיר, לילי, — האָט ער געזאָגט, פּיפּקענדיק.— ווילסט אפשר קאַווע טרינקען?

זיי האָבן געטרונקען קאַווע און געשמועסט פון דאַטשעס בכלל, און וואו זיי ווען דעם קומענדיקן זומער וואוינען. אָבער דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן אויסשעפן און מ'האָט אַלץ די־זעלביקע רייד איבערגעחזרט.

צום סוף האָט ער מיט אַ לאַנגן אומברחמנותדיקן גענעץ אַרויסגעזאָגט:

— איצט גיי איך שלאָפן!

— איך אויך, — האָט זי געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען. — איך וועל נאָר אַ ביסל אַרויס אויפן באַלקאָן.

ער איז אַריין אין שלאָפצימער. זי איז געבליבן אַ ווײַלע אין עס־זאַל און האָט זיך דורכגערעדט מיט דער ווירטין מכּוח זומער־ציבעלעס, אַריבער אויף וואָלענע וועש, און אַזוי איז אַוועק אַ האַלבע שעה.

קומענדיק צוריק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר פון שלאָפצימער און האָט זיך צוגעהאָרכט. אינעווייניק איז גע־ווען שטיל און די שיך זיינען געווען אַרויסגעשטעלט פאַר דער טיר. זי האָט אָנגעקלאַפּט, נאָר קיין ענטפער איז ניט געווען. האָט זי געעפנט די טיר און איז אַריין. ער איז געשלאָפן!

ער איז געשלאָפן!

---

צומאָרגנס אינדערפרי, זיינען זיי געזעסן ביים קאַווע. ער האָט געליטן פון קאָפּווייטאָג און זי האָט אויסגעזען צעטראָגן.

— אויך מיר אַ קאַווע! — האָט ער געזאָגט מיט אַ העויה.

— דאָס איז בראַזיליאַנער, — האָט זי געזאָגט.

— נו, וואָס הייבן מיר היינט אָן צו טאָן, האָט ער גע־פרעגט און האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— נעם דיר אַקאָרשט אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אָנ־שטאָט צו קרימען זיך אויף דער קאַווע.

— יאָ, ביסט גערעכט, אָבער דערצו מוז מען אַ שנעפּסל מאַכן, דער שאַמפּאַניער, בררר!

מ׳האָט געבראַכט ברויט מיט פּוטער און אַ שנעפּסל, און ער איז מונטערער געוואָרן.

— איצט לאָמיר אַרויף צום לאָטסבאַרג אָנקוקן די געגנט.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען און זיינען אַרויס. ס׳איז געווען אַ שיין וועטער און אַ מחיה צו שפּאַצירן. אָבער דער גאַנג באַרג־אַרויף האָט זיך שטאַרק געשלעפּט. זי האָט שווער געאָטעמט און אים האָבן די פיס וויי געטאָן. איצט האָט מען שוין מער קיין פּאַראַלעלן מיט דער פאַרגאַנגענהייט ניט געמאַכט.

און זיי זיינען אַרויס אויף אַ לאָנקע.

די לאָנקעס זיינען שוין לאַנג געווען אָפּגעשניטן און אָפּ־געפּאַשעט, אַז קיין זכר פון אַ בלימל איז ניט געבליבן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף שטיינער.

ער האָט גערעדט מכּוח דער טורמע־אינספּעקציע און פון זיין אַמט, און זי מכּוח די קינדער.

נאָכדעם זיינען זיי ווייטער געגאַנגען שווייגנדיק. ער האָט אַרויסגענומען דעם זייגער.

— דריי שעה זיינען נאָך געבליבן ביז צום מיטאָג, — האָט ער געזאָגט.

דערביי האָט ער געטראַכט: וואָס וועלן מיר מאָרגן אָנ־הייבן צו טאָן?

זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק צום האָטעל. ער האָט געזוכט צייטונגען צום לייענען, און זי האָט געשמייכלט און איז שווייגנדיק געזעסן לעבן אים.

דער מיטאָג איז אַראָפּ גאָר שטיל. צום סוף האָט זי זיך צערעדט וועגן די דינסטמיידלעך.

— אַך, טו נאָר אַ טובה, לאָז אונז היינט מיט די דינסט־מיידלעך צו רו, האָט ער אויסגערופן.

— אוודאי, מיר זיינען ניט געקומען אהער קריגן זיך.

— האָב איך זיך געקריגט?

— כ׳מיין, איך אוודאי ניט.

אַ שרעקלעכע רגע איז אָנגעשטאַנען. איצט וואָלט ער זיך געוואונטשן, עמיצער זאָל צוקומען צום טיש. די קינדער! יאָ, אָט

דאָס tête á tête האָט אים שוין דערעסן. אָבער דערמאָנענדיק זיך וועגן נעכטיקע שיינע מינוטן, האָט ער דערפילט ווי אַ שטאָך אין האַרצן.

— לאָמיר גיין אין וואַלד פּאָזעמקעס קלייבן, — האָט זי געזאָגט.

— אין דער צייט זיינען שוין קיין פּאָזעמקעס ניטאָ. עס איז דאָך שוין אָסיען!

— לאָמיר פונדעסטוועגן גיין!

זיי זיינען ווידער געגאַנגען, אָבער דער מויל האָט זיך ניט געעפנט צו ריידן. ער האָט געזוכט מיט די אויגן עפּעס אַ זאַך, עפּעס אַזוינס אויפן וועג, פון וואָס מ'זאָל קענען ריידן, אָבער אַלץ איז שוין געווען אויסגעשעפּט. זי האָט גוט געקענט אַלע זיינע מיינונגען און פון אַ סך פון זיי ניט געהאַלטן. דערצו האָט זי אויך געבענקט אַהיים, נאָך די קינדער, נאָך דער היימישקייט. ס'איז דאָך ממש אַ משוגעת פאַר די אויגן פון מענטשן אַרומצו־דרייען זיך פוסט און פּאַס און אַ ליאַדע מינוט צו קריגן זיך.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווייל זי איז מיד געוואָרן. ער האָט זיך צוגעזעצט און האָט אָנגעהויבן צו קריצן מיטן שטעקן אין זאַמד; ער האָט געוואַרט ביז זי וועט די ערשטע עפּעס אַרויסריידן.

— מכּוח וואָס טראַכסטו? האָט זי לסוף געפרעגט.

— איך טראַכט, האָט ער געענטפערט, ווי פון אַ משא באַפרייט, איך טראַכט: מיר זיינען שוין אַלט, מאַמע; מיר האָבן אָפּגעשפּילט און מיר מוזן זיך צופרידן שטעלן מיט דעם, וואָס עס איז פריער געווען. אויב דו טראַכסט אַזוי ווי איך, טאָ לאָ־מיר מיטן אָוונט־דאַמפער פאָרן אַהיים.

— דערפון האָב איך אייגנטלעך די גאַנצע צייט גע־טראַכט, מיין ליבער אַלטער, נו, זאָל זיין ווי דו ווילסט.

— פאָרן מיר, אַלזאָ, אַהיים. עס איז שוין נאָכן זומער, עס איז האַרבסט.

— יאָ עס איז האַרבסט!

מיט גיכע טריט זיינען זיי געגאַנגען צוריק. ער איז גע־ווען אַ ביסל פאַרלעגן וואָס דער ענין האָט אָנגענומען אַזאַ פּראָזעדיקע ווענדונג, און האָט געפילט אַ באַדערפעניש אים פי־לאָסאָפיש צו באַגרינדן.

זעסטו, מאַמעלע, האָט ער געזאָגט, מיין לי — — (דאָס וואָלט געווען אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס) מיין געפיל צו דיר האָט אין משך פון דער צייט דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע, ווי מ׳זאָגט עס היינט. עס האָט זיך אַנטוויקלט, זיך אויסגעשפּרייט: לכתחילה האָט עס געהאַט פאַר זיך ,נאָר איין פּערזאָן, שפּעטער די פאַמיליע אינגאַנצן גענומען. עס קען שוין מער קיין רייד ניט זיין פון דיר פּערזענלעך, אויך ניט פון די קינדער, נאָר פון דער פאַמיליע אַלס גאַנצע.

ס׳איז טאַקע ווי דער פעטער פלעגט זאָגן: די קינדער זיי־נען בליץ־אָפּציער!

נאָך דער פילאָסאָפישער אויסטייטשונג, איז ער ווידער צו זיך געקומען. ס׳איז געווען אַ מחיה אויסצוטאָן דעם סורדוט; דערביי האָט ער געהאַט אַ געפיל ווי ער ,טוט אָן צוריק דעם אַלטן שלאָפראָק.

קומענדיק אין האָטעל, האָט זי תיכף אָנגעהויבן צו פאַקן און איז אַריין אין איר אַלטער ראָליע.

ווי זיי זיינען אַרויף אויפן דאַמפער, זיינען זיי גלייך אַרונטער אין עסזאַל. נאָר לפנים־וועגן האָט ער איר פונדעסט־וועגן אַ פרעג געטאָן, צי וויל זי ניט גיין אָנקוקן דעם זון־אונ־טערגאַנג; זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט.

אינאָווונט, ביים עסן, האָט ער צוערשט זיך גענומען, און זי האָט אַ פרעג געטאָן דער בופעט־ווירטין, וואָס דאָס ברויטל קאָסט.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעגעסן צו זאַט און גענומען די פאָרטער־גלאָז צום מויל, האָט ער זיך ניט געקענט איינ־האַלטן ניט אַרויסצוזאָגן אַ געדאַנק, וואָס האָט אים שוין לאַנג באַשעפטיקט.

— איך בין אַן אַלטער נאַר! האַ, ניט אמת? האָט ער געשמייכלט צו איר, וואָס האָט גראָד אין דער מינוט, קײַענדיק, געקוקט צו אים.

נאָר זי האָט גאָרניט געענטפערט אויפן שמייכל פון זיין גלאַנציקן פנים. אַ רגע האָט זי אַ בליק געטאָן מיט די אויגן און האָט געקוקט אויף אים מיט אַזאַ פאַרניכטנדיקער מינע פון אייגענער ווערדע, אַז ער איז אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן.

איצט איז דער גאַנצער כישוף פאַרשוואונדן, די לעצטע שפורן פון דער געליבטער זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן. פאַר אים איז געזעסן נאָר די מוטער פון זיינע קינדער און ער האָט זיך געפילט ווי אַ צעדריקטער.

— אויב איך בין אַ רגע געווען ניט גאַנץ איידל, איז נאָך דערפון ניט געדרונגען, אַז דו דאַרפסט מיך מבזה זיין, האָט זי געזאָגט ערנסט. אַפּנים, אין דעם געפיל פון מאַן צו דער ווייב איז תמיד דאָ אַ היפּשע דאָזע פון פאַראַכטונג; מאָדנע עפּעס.

— און אין דעם געפיל פון דער ווייב צום מאַן?

— נאָך מער! אמת! אָבער זי האָט מער גרונט דערצו?

— עס איז טאַקע אַלץ איינס, הגם פאָרט ניט דיזעלביקע זאַך. ביכער פאַר אַלץ אָבער זיינען זיי ביידע אומגערעכט. דאָס, וואָס מ׳האָט אַמאָל איבערגעשאַצט, מחמת דאָס איז געווען שווער צו דערגרייכן, שאַצט מען נאָכדעם צו לייכט אָפּ.

— פאַרוואָס שאַצט מען עס פריער אַזוי שטאַרק איבער?

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי שווער צו דערגרייכן?

דער פייף פון דאַמפּער האָט איבערגעהאַקט זייער שמועס.

זיי זיינען אָנגעקומען.

אַז זיי זיינען געווען ביי זיך אין שטוב, דערזעענדיק זי ווי זי שטייט צווישן דער מחנה קינדער, האָט ער דערפילט, אַז איר געפיל צו אים איז אינגאַנצן פאַרענדערט געוואָרן, אַז איר געפיל צו אים איז אַריבער אָט אויף די אַלע שרייערס. אפשר האָט זי טאַקע אים געשענקט אירע געפילן נאָר ווי אַ מיטל צום צוועק. זיין ראָלע איז געענדיקט, און דעריבער פילט ער

זיך אַזוי אַראָפּגעפּאַלן. וואָלט ער ניט נייטיק געווען פאַר זיי אַלס ברויט־געבער, וואָלט מען אים שוין אַוודאי לאַנג די טיר געוויזן.

ער איז אַריין אין זיין אַרבעטס־צימער, איז אַריינגעקראָכן אין זיין שלאָפראָק און אין די פּאַנטאָפל, האָט פאַררויכערט אַ ליולקע און האָט זיך דערפילט ווידער ביי זיך אינדערהיים.

אינדרויסן האָט געשמיסן אַ רעגן און דער ווינט האָט גע־פּייפט אין קוימען.

נאָכדעם ווי די ווייב האָט געלייגט די קינדער שלאָפן, איז זי אַריין צו אים.

— אין אַזאַ וועטער קען מען קיין פּאָזעמקעס ניט קלייבן, האָט זי געזאָגט.

— ניין, מיין אַלטיטשקע, ס׳איז שוין נאָכן זומער, דער אָסיען איז געקומען.

— יאָ, עס איז אָסיען, אָבער ווינטער איז נאָך ניט, פאָרט נאָך אַ שטיקל טרייסט.

— אַ טרייסט! זייער אַ שוואַכער, ווען מ׳גיט נאָר אַ טראַכט, אַז דער מענטש לעבט נאָר איינמאָל אויף דער וועלט.

— צוויי מאָל, אויב מ׳האָט קינדער, און דריי מאָל אויב מ׳דערלעבט אייניקלעך.

— און נאָכדעם איז באמת שוין דער סוף.

— אויב ס׳איז ניטאָ אַ צווייטע וועלט נאָך דער.

— דאָס קען מען ניט וויסן! ווער ווייס? גלויבן גלויב איך דערין, אָבער קיין ראיה איז דאָס נאָך ניט.

— אָבער גוט איז, אַז מ׳גלויבט, לאָמיר גלויבן; לאָמיר גלויבן, אַז עס קען נאָך קומען אַ נייער פרילינג פאַר אונז, לאָמיר גלויבן.

— יאָ, לאָמיר גלויבן, האָט ער געזאָגט, און האָט זי אַרומגענומען.

---

## פּראָכטבאַרקייט.

ער איז געווען אַ געהילף־אָנגעשטעלטער אין האַנדלס־אַמט מיט אַ געהאַלט פון צוועלף הונדערט קראָנען. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגער מיידל אָן נדן; פון ליבע, ווי ער אַליין האָט דערקלערט; אָדער, ווי זיינע פריינד האָבן געמיינט, כּדי ער זאָל זיך ניט אַרומשלעפּן איבער די גאַסן און פּלאָנטערן זיך אויף בעלער. אַזוי צי אַזוי, איז דאָס לעבן פון דעם יונגן פּאָרל פון אָנהייב געווען גאַנץ גליקלעך.

— ווי ביליק דאָס לעבן איז פּאַר חתונה־געהאַטע, האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן, נאָכדעם ווי די חתונה איז שוין געווען אַראָפּגעפּטרט. די אייגענע סומע, וואָס האָט קוים געקלעקט פּאַר אַ בחורשן לעבן, איז איצטער גענוג פּאַר מאַן און ווייב. דער זיווג פון מאַן און ווייב איז אַן אויסגעצייכנטע ערפינדונג. אַלץ איז דאָ צווישן די אייגענע פיר ווענט: אַ וואוינונג, אַ רעסטאָראַן, אַ קאַפע־הויז — אַלץ. ניטאָ, ניט קיין שפּייז־צעטל, ניט מ׳דאַרף „אויף טיי" געבן, ניט עס אַרט דיך פּאַר דעם נייגעריקן בליק פון פּאָרטיער, ווען דו גייסט אַרויס אינדערפרי מיט דיין ווייב.

דאָס לעבן האָט צו אים געשמייכלט, די כּוחות זיינען געוואקסן און ער האָט געאַרבעט מיט דער גאַנצער קראַפט; נאָך קיינמאָל האָט ער אין זיך ניט געפילט אַזאַ שפע פון ענערגיע; אינדערפרי איז ער עלאַסטיש, פריש און פריילעך אַראָפּגעשפרונגען פון זיין בעט; ער איז פאַרייגערט געווען.

נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער צוויי חדשים, נאָך איידער די לאַנגוויילקייט האָט זיך דערפילט, האָט אים די ווייב מודיע

געוועזן, אַז זי איז אויף דער צייט. נייע פריידן, נייע זאָרגן, אָבער ווי גרינג און אָנגענעם עס איז זיי צו טראָגן! מ'האָט גע־מוזט תּיכּף פאַרגרעסערן די הכנסה, כּדי ווי געהעריק מקבּל פּנים צו זיין דעם אומבאַקאַנטן וועלט־בירגער. ער איז אַוועק און האָט געקראָגן איבערזעצונגס־אַרבעט.

און אויף טישן און שטולן האָבן זיך געוואַלגערט פייגינקע קינדער־קליידלעך, אין פירהויז איז געשטאַנען דאָס וויגעלע גרייט, און דאָס קינדעלע איז אַראָפּגעקומען אַ געזונטער אויף דער וועלט פון זאָרג.

דער טאַטע איז געווען אין איינע התפּעלות. פונדעסטוועגן האָט ער נישט געקענט פּטור ווערן פון עפּעס אַ פּחד־געפיל, טראַכטנדיק מכּוח דער צוקונפט. די הוצאות און די הכנסות האָבן זיך נישט געהאַלטן אויף אַ גלייכגעוויכט. ס'איז קיין אַנדער עצה נישט געווען, סיידן צו שפּאָרן מיט דער הוצאה אויף קליידונג. דער ראָק האָט אָנגעהויבן צו גלאַנצן אין די נעט, די געפּרעסטע אייבער־העמד האָט מען געמוזט פאַרדעקן מיט אַ ברייטן קראַ־וואַט, די הויזן האָבן זיך אויסגעדריבלט. פאַרשטייט זיך, אַז אין זיין אַמט האָבן די דינער געקוקט אויף זיין אָפּגעלאָזענעם הילוך מיט פאַראַכטונג.

אַחוצדעם איז ער געווען געניייטיקט זיין אַרבעטס־טאָג צו פאַרלענגערן.

— פון איצט אָן, — האָט ער זיך געזאָגט, — מוז מען מיט די קליינוואַרג אַן עק מאַכן. ווי אַזוי אָבער הייבט מען דאָס אָן? דאָס האָט ער נישט געוווּסט.

---

דריי חדשים שפּעטער האָט אים זיין ווייב מיט זייער דע־ליקאַטע ווערטער מודיע געווען, אַז זיין פּאָטערשער נחת האַלט ביים פאַרדאָפּלט ווערן. קיין גרויס שמחה האָט די ידיעה נישט געבראַכט. אָבער, האָט מען איינמאָל אָנגענומען אויף זיך אַ חוב, מוז מען עס שוין דערפירן ביז צום עק, הגם גאָר פאַר קיין ביליגן ענין האָט זיך דער זיווג נישט אַרויסגעוויזן.

— עס איז אמת, האָט ער געטראַכט, און איז דערביי פריילעכער געוואָרן, אַז דער יינגערער נעמט איבער בירושה די ווינדעלעך פון עלטערן! אויף אַזאַ אופן קאָסט עס טאַקע גאָר־נישט. נו, און מסתמא וועט מען שוין לעבן, ווי אַלע לעבן.

און ער איז אַ צווייטן מאָל געוואָרן טאַטע.

— נו, דו ביסט, זעט מען, אַ בריה, — האָט זיינער אַ חבר, וואָס איז אויך געווען אַ באַווייבטער, אָבער נאָר איין קינד געהאַט, זיך געוויצלט.

— וואָס טוט מען?

— מען מוז שכל האָבן!

— שכל? הער נאָר, מיין ליבער פריינד, מ׳האָט דאָך חתונה כדי... כ׳מיין, כ׳פאַרשטיי, ניט דורכאויס כדי... אָבער מיר האָבן דאָך חתונה געהאַט און די זאַך איז דאָך גאַנץ קלאָר.

— ס׳גאָר ניט אַזוי ווי דו מיינסט. ס׳איז עפּעס גאָר אַנדערש, מיין פריינד: אויב דו ווילסט האָבן די מיטל צו טראָגן אַ געפּרעסטע העמד און דו טראַכסט וועגן שטייגן אין אַמט, איז דערצו שטאַרק נייטיק, צו האָבן גאַנצע, ניט קיין אויסגעדריבלטע הויזן און אַ נייעם, ניט קיין אָפּגעבליאַקעוועטן הוט.

און דער בעל־שכל האָט אים איינגערוימט אויפן אויער אַ פּאָר שכלדיקע ווערטער.

אויף אַזאַ אופן האָט דער באַלעבעסל אָנגעהויבן אָפּצושפּאָרן פון זיין מויל.

און איצט האָבן זיך אָנגעהויבן די זאָרגן.

לכתחילה זיינען געווען די נערוון אַ ביסל צערייצט, ביינאַכט האָט זיך ניט געשלאָפן, און בייטאָג האָט זיך ניט געאַרבעט. איז געקומען דער דאָקטאָר. אַ רעצעפּט קאָסט דריי קראָנען! און אָט האָסטו גאָר אַ נייעם רעצעפּט! ער טאָר ניט אַרבעטן. ער האָט צופיל געאַרבעט און זיין מוח איז אָנגעשטרענגט איבער די כוחות. אָבער ניט אַרבעטן איז דאָך אַ טויט פאַר זיי אַלעמען! און יאָ אַרבעטן — איז סיי ווי סיי אַ טויט!

און ער האָט ווייטער געאַרבעט!

איינמאָל זיצנדיק אין זיין אַמט אָנגעבויגן איבער די אָנ־

צאָליקע שורות פון ציפער, האָט ער באַקומען אַ שווינדל-אָנפאַל און איז געפאַלן אין חלשות.

אַ וויזיט ביי אַ דאָקטאָר אַ ספּעציאַליסט האָט געקאָסט אַכצן קראָנען; אַ נייעם רעצעפּט: ער מוז נעמען אורלויב צוליב זיין שוואַכן געזונט, איטלעכן פרימאָרגן רייטן אויף אַ פערד, צו פרישטיק ביפשטעק מיט אַ גלאָז פּאָרטוויין.

רייטן און פּאָרטוויין!

נאָר דאָס ערגסטע איז, וואָס עפּעס אַ געפיל פון קילקייט צו דער ווייב האָט זיך ביי אים אריינגעגנבעט אין האַרצן; פון וואַנען דאָס קומט, האָט ער ניט געוואוסט. עפּעס האָט ער מורא געהאַט נעענטער צוצוקומען צו איר. דערביי האָט ער אָבער געפילט ווי ער האָט חשק צו איר. ער האָט זי ליב געהאַט, נאָך אַלץ ליב געהאַט, נאָר דאָס געפיל איז עפּעס ווי געמישט געווען מיט אַ געפיל פון ביטערקייט.

— דו ביזט אויסגעמאָגערט, האָט אַ קאָלעגע געזאָגט.

— יאָ, איך בין טאַקע מאָגער געוואָרן, — האָט דער באַוויייבטער נעבעך געענטפערט.

— דו שפּילסט אַ פאַלשן שפּיל, יונגערמאַן!

— איך פאַרשטיי דיך ניט!

— אַ באַווייבטער מענטש, אַ שטרויענער אלמן! זע, גיב אויף זיך אַכטונג, מיין פריינד!

— ווי דו קוקסט מיך אָן, איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניט, וואָס דו רעדסט.

— אַנטקעגן דעם שטראָם קען מען לאַנג ניט שווימען. גיי נאָר מיטן שטראָם און דו וועסט זען, אַלץ וועט ווידער גוט ווערן. גלויב מיר, איך רייד ניט פון דער לופט. דעם רמז פאַרשטייסטו דאָך מסתמא.

מיט די גוטע עצות האָט ער זיך דערווייל ניט באַנוצט, וויסנדיק זייער גוט, אַז די הכנסה שטייגט ניט מיט דער פאַרמערונג פון קינדער, דערביי אָבער האָט ער איצט שוין געוואוסט, וואו עס ליגט דער שורש פון זיין קראַנקהייט.

---

דער זומער איז געקומען. די פֿאַמיליע איז אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ דאַטשע. איינמאָל אין אַ שיינעם אָוונט זיינען מאַן און ווייב אַליין אַוועק שפּאַצירן מיטן משופּעדיקן ברעג פֿון ים, אין שאָטן פֿון די ערשט־גרינגעוואָרענע אָלכעס. זיי האָבן זיך צוגע־זעצט אויפֿן גראָז, שטיל און פֿאַרקימערט. ער איז געווען מרה־שחורהדיק און מוטלאָז. אין צעווייטאָקדיקן מוח האָבן זיך גע־ראַיעט פֿינסטערע מחשבות. דאָס לעבן האָט אים אויסגעזען ווי אַ תּהום, וואָס עפֿנט זיך אונטער זיי אום זיי אַלעמען צו פֿאַר־שלינגען, אַלע די, וועמען ער האָט אַזוי ליב.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו ריידן מכּוח דעם, וואָס עס האַלט דערביי, ער זאָל זיין שטעלע פֿאַרלירן; זיין באַלעבאָס האָט פֿאַר־איבל געהאַט וואָס ער פֿאַרלאַנגט ווידער אורלויב. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דער באַנעמונג פֿון די קאָלעגן, ער פֿילט זיך פֿאַרלאָזן פֿון אַלעמען; דערהויפּט אָבער ליידט ער דערפֿון, וואָס ער איז איר שוין צו לאַסט געוואָרן.

ניין, בשום אופֿן ניט, זי האָט אים נאָך אַלץ ליב, פּונקט אַזוי שטאַרק ווי אין די גליקלעכע טעג, ווען זיי זיינען חתן־כּלה געוואָרן! צי האָט ער דען אַ גרונט צו צווייפֿלען?

ניין, אָבער ער האָט אַזויפֿיל געליטן, אַז עס מישן זיך אים פּשוט די געדאַנקען.

און ער האָט צוגעדריקט זיין הייסע באַק צו אירער, האָט זי אַרומגענומען אַרום דער טאַליע און האָט באַדעקט אירע אויגן מיט הייסע קושן.

די קאָמאַרעס האָבן געטאַנצט זייער חתונה־טאַנץ איבער דער בעראָזע, ניט זאָרגנדיק פֿאַר די טויזנטער חבֿרה־לייט, וואָס זייער תּאווה וועט ברענגען אויף דער וועלט; אין אַ איר האָבן געפֿלאַטערט די העכס, אָן זאָרג לייגנדיק מיליאָנען פֿון אייעלעך; די שוואַלבן האָבן זיך געקושט אין מיטן העלן טאָג פֿליענדיק, ניט קימערנדיק זיך פֿאַר די רעזולטאַטן, וואָס אַזעלכע ניט רע־גולערע פֿאַרבינדונגען קענען ברענגען.

מיטאַמאָל איז ער אויפֿגעשפּרונגען, האָט זיך אויסגעצויגן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ לאַנגן שלאָף מיט

שווערע חלומות, און טיף אין זיך אַריינגעאָטעמט די וואַרעמע לופט.

— וואָס איז מיט דיר, — האָט זיין ווייב געשעפטשעט, ווערנדיק אינגאַנצן רויט.

— איך ווייס אַליין ניט, איך ווייס נאָר, אַז איך לעב, אַז איך האָב ווידער אָפּגעאָטעמט!

אין אַ שטראַלנדיקער, מיט אַ מונטערן פּנים און גלאַנציקע אויגן האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע שטאַרקע אָרעמס צו איר, האָט זי אַ הייב אויף געטאָן ווי אַ קינד און האָט זיך צוגעפּרעסט מיט די ליפּן צו איר שטערן. די מוסקולן פון די איקרעס האָבן זיך שטייף אָנגעצויגן, ווי ביי אַן אַנטיקן גאָט, זיין גוף האָט זיך עלאַסטיש אויסגעגלייכט, ווי אַ יונגער בוים, און פאַרשיכורט פון גליק און לעבנסקראַפט, האָט ער געטראָגן זיין זיסע משא ביז צו דער סטעזשקע, וואו ער האָט זי אַוועקגעזעצט.

— דו וועסט זיך אונטעררייסן, ליבער, האָט זי געזאָגט, ווערנדיק זיך מיט דער כוונה אַרויסצומאַכן זיך פון זיינע אָרעמס. אָבער אומזיסט.

— אַך, ניין! איך קען דיך ביז אַן עק וועלט טראָגן, און איך וועל אייך אַלעמען טראָגן וויפל איר זייט און (האָט ער צוגעגעבן) און וויפל איר זאָלט ניט ווערן!

און איבערפול מיט פרייד זיינען זיי געגאַנגען געאָרעמט אַהיים.

— אויב אַזוי, מיין ליבע, מוז מען מודה זיין, אַז עס איז פונדעסטוועגן גאָרניט אַזוי שווער איבערשפּרינגען יענעם תהום, וואָס צעשיידט גוף און נשמה.

— וואָס רעדסטו!

וואָלט איך דאָס נאָר פריער געוואוסט, וואָלט איך לפּחות וויניקער אומגליקלעך געווען. אָ, דידזיאָקע אידעאַליסטן!

און זיי זיינען אַריין צו זיך אין שטוב אַריין.

און די אַלטע גוטע צייט הייבט זיך פון דאָס ניי אָן און די גוטע נייע צייט, זעט אויס, וועט לאַנג דויערן. דער מאַן גייט ווידער אין זיין ביוראָ. מאַן און ווייב לעבן איבער נאָכ-

אַמאָל זייער פרילינג פון ליבע, קיין דאָקטוירים דאַרף מען מער ניט, און שטענדיק איז מען אויפן בעסטן אויפן אויפגעלייגט.

---

נאָכן דריטן קינד זעט זיך דער מאַן אַרום, אַז דער ענין איז גאָרניט גלאַט און הייבט אָן ווידער דאָס פאַלשע שפּיל, און דער רעזולטאַט פאַרשטייט זיך איז דער אַלטער: דאָקטאָר, אורלויב, רייטן, פאָרטווייַן! מען מוז אַ סוף מאַכן. און איטלעכס מאָל ווייזט זיך אַרויס, אַז דער ביודזשעט שטימט ניט.

ווען ער האָט זיך אָבער לסוף אַרומגעזען, אַז זיין גאַנצער נערוון-סיסטעם ווערט רואינירט, האָט ער געמוזט אַלץ לאָזן מיט דער נאַטור. און תיכּף האָט זיך די הוצאה שטאַרק פאַרגרעסערט און די הכנסה פאַרקלענערט.

אָרים איז ער, חלילה, ניט געווען, נאָר רייך אויך ניט.

— אין אמתן געזאָגט, מיין אַלטע, עס חזרט זיך איבער פונקט די אַלטע מעשה פון פריער, האָט ער געזאָגט.

— כּמעט טאַקע, ליבער פריינד, האָט געענטפערט די ווייב נעבעך, וואָס אַחוץ די חובות פון אַ מאַמען האָט זי נאָך געמוזט באַזאָרגן די שווערע אַרבעט פון אַ דינסטמיידל.

נאָכן פערטן קינפּעט איז איר שוין די משא צו שווער געוואָרן און מ'האָט געמוזט ניט וועלנדיק האַלטן אַ קינדער-מיידל.

— איצט מוז דאָס שוין אַן עק נעמען, האָט דער אומגע-טרייסטער מאַן געזאָגט, עד כּאן און ניט ווייטער.

דער דלות האָט זיך ביסלעכווייז אַריינגעקליבן צו זיי. דער פונדאַמענט, אויף וועלכן די שטוב איז אויסגעבויט געווען, האָט זיך שטאַרק אַראָפּגעלאָזן.

און צו דרייסיק יאָר, אין רעכטן מיטן פון רייפקייט, ווען אַלע בלומען מוזן באַפרוכפּערט ווערן, האָבן מאַן און ווייב גע-מוזט פירן אַ לעבן פון פּרושים. דער מאַן איז געווען שטענדיק אָנגעברוגזט, זיין פּנים איז חושך געוואָרן און דער בליק האָט זיך אויסגעלאָשן. דער ווייבס שפּעדיקע שיינקייט איז פאַרוויאַנעט

געוואָרן, דער הויכער בוזים איז איינגעפאַלן. דערצו נאָך האָט זי געהאַט אויסצושטיין אַלע יסורים פון אַ מאַמען, וואָס זעט אירע קינדער בלוט-אָרים און אָפגעריסן.

איינמאָל, ווען זי איז געשטאַנען ביי דער פליטע און האָט געבראָטן הערינג, איז צו איר אַריין אַ שכנה מיט דער כוונה אַ ביסל צו באַלאַקען.

— ווי גייט עס אייך, האָט זי אָנגעהויבן.

— אַדאַנק, אָט מ׳לעבט! און אייך?

— אַך, איך בין גאַנץ אָן כוחות! וואָס האָט מען פון דער חתונה, אויב מ׳מוז אייביק זיין אָפגעהיט.

— איר מיינט, איר זייט די איינציקע?

— וואָס?

— ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר געזאָגט? מען מוז די אַרבעטס-בהמה שאַנעווען! און איך האָב גענוג יסורים, קענט איר מיר גלויבן! עך, ס׳איז גאָרניט אַזוי גוט צו זיין אַ חתונה-געהאַטע. ער אָדער זי מוז ליידן. ס׳איז אָבער קיין נפקא מינא ניט.

— אָדערביידע צוזאַמען מוזן ליידן!

— אַפנים, אַז עס איז גאָר קיין רפואה ניטאָ דערצו.

— אָבער די געלערנטע, וואָס פּאַשען זיך אויפן שטאָטישן חשבון, וואָס טראַכטן זיי זיך?

— די געלערנטע, די האָבן גענוג וועגן וואָס אַנדערש זיך דעם קאָפּ צו ברעכן, און צוריקגעשמועסט פּאַסט דאָך ניט מכוח אַזעלכע זאַכן צו שרייבן: ריידן וועגן דעם הויך קען מען דאָך ניט.

— אָבער דאָס האָט דאָך געדאַרפט דער עיקר זיין.

און נאָכדעם האָבן זיך די ווייבער אויסגערעדט אײנע פאַר דער אַנדערער די אַלע ביטערע נסיונות, וואָס יעדע פון זיי האָט געהאַט אויסצושטיין.

---

צום קומענדיקן זומער איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה ווי פאַרבלייבן אין שטאָט, באַלעבאַטעווען אין אַן אונטערשטן גאָרן, וואו מ׳האָט פאַר זיך דעם שיינעם אויסבליק פון אַ רינשטאָק,

וואָס שטינקט אַזוי, אַז מ׳דערוועגט זיך ניט צו עפענען די פענסטער.

אין דעמזעלביקן צימער, וואו די קינדער שפּילן, אַרבעט די ווייב אויף דער ניי־מאַשין; דער מאַן, וואָס איז אָפּגעזאָגט פון שטעלע, ווייל ער איז ניט געווען ביכולת זיך אַן אָנשטענדיקן אָנצוג צו מאַכן, זיצט דערביי אין אַ צימער און פאַרנעמט זיך מיט איבערשרייבן, און ברומט ברוגז אונטערן נאָז צוליב דעם ליאַרעם פון די קינדער. מען וואַרפט זיך איבער מיט שטרענגע ווערטער דורכן טיר.

עס איז פינגסטן־חגא. נאָכמיטאָג ליגט דער מאַן אויף דער צעריסענער לעדער־סאָפע און קוקט זיך צו דורך די שויבן אויף אַ פענסטער אויף דער אַנדער זייט גאַס. ער זעט דאָרט אַ מיידל, פון יענעם סאָרט, וואָס פוצט זיך צום נאַכט־שפּאַציר. לעבן איר שפּיגל ליגן אַ צווייג פון בעז און צוויי אַפּעלסינען. זי האָט זיך געמאַכט ניט זענענדיק די נייגעריקע בליקן פון אַרום, און האָט פאַרשנורעוועט דעם קאָרסעט אַרום איר פעסטן בוזים.

— ס׳איז גאָרניט אַזאַ מיאוס לעבן, האָט געזאָגט דער געצוואונגענער פרוש און האָט זיך פלוצלונג שטאַרק צוגעקוקט; איינמאָל לעבט מען אויף דער וועלט, און לעבן מוז מען, וואָס עס זאָל ניט געשען.

פלוצלונג איז אַריין זיין ווייב אין צימער און האָט דערזען דעם אָביעקט פון זיינע באַטראַכטונגען. אין אירע אויגן בליצט־אויף אַ פייערל; דער לעצטער פונק פון אַן אויסגעברענטער ליבע גליט אונטער דער אַש און באַווייזט זיך אין דער פאָרם פון אַ פאַרגייענדיקער אייפערזוכט.

— לאָמיר אפשר נעמען די קינדער און גיין אין טיר־גאָרטן? פרעגט זי.

— צו דעמאָנסטרירן פאַר לייטן אונזער אָרימקייט? ניין, אַדאַנק!

— אָבער דאָ אין צימער איז הייס, איך וועל די שטאָרן אַראָפּלאָזן.

— איז שוין גלייכער די פענסטער צו עפענען.

— ער פאַרשטייט דער ווייבס געדאַנקען און שטעלט זיך אַליין אויפצועפענען. דאָרט אויפן טראָטואַר, האַרט ביי די אָפּ־גוס־רערן זיצן זיינע פיר קינדער. זיי האַלטן די פיס אין דעם טרוקענעם רינשטאָק און שפּילן מיט אַפּעלסינען־שאָלעכץ, וואָס זיי האָבן ערגעץ אין גאַסן־מיסט געפונען. ער דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן און אַ געוויין שטיקט אים אין האַלז. אָבער דער דלות האָט אים אַזוי אָפּגעטעמפּט, אַז ער בלייבט ניט רעאַגירנ־דיק שטיין אויף זיין אָרט, די הענט פאַרלייגט אויפן האַרצן.

פּלוצלונג דערזעט ער ווי צוויי שמוציקע וואַסער־שטראָ־מען קוועלן אַרויס פון די אָפּגוס־רערן, פאַרפלייצן דעם רינ־שטאָק און פאַרגיסן די קינדערשע פיס, וועלכע שרייען אויף האַלב דערשטיקט פון עיפּוש.

— נעם טו אָן די קינדער, מיר גייען שפּאַצירן, אויפגיך, רופט ער אויס אויסער זיך פון דער האַרצרייסנדיקער סצענע.

דער טאַטע האָט געפירט דעם שטרויענעם וועגעלע, וואו דאָס פּיצעלע איז געלעגן, און די מאַמע האָט געפירט די אַנ־דערע ביים האַנט.

זיי זיינען געקומען אויף דעם קלאַראַ־בית־עולם, זייער שטענדיקן מקום מקלט, וואו די טונקל־שטאַמיקע ליפּעס זיינען געשטאַנען אין אַ שפע פון בלעטער, אַזוי ווי די ערד וואָלט דאָרט באַזונדער פעט געווען פון די באַגראָבענע מתים.

עס האָט געקלונגען אין קלויסטער צו דער אָוונט־תפילה. אָרימעלייט פון דעם „מושב־זקנים" זיינען געגאַנגען קופּעסווייז אין קלויסטער, צו באַזעצן די שטולן, וואָס זייערע רייכע באַלע־באַטים לאָזן ליידיק שטיין. יענע האָבן מחיה געווען זייערע נשמות ביי דער הויפּט־תפילה, און וויגן זיך איצט אין זייערע עקיפּאַזשן איבערן קיניגלעכן טירגאָרטן. די קינדער זיינען גע־קראָכן איבער די פלאַכע קברים, וועלכע זיינען געווען באַפּוצט מיט אַלערליי עמבלעמען און אויפשריפטן.

מאַן און ווייב האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק און האָבן אַוועקגעשטעלט לעבן זיך דעם קינדער־וואָגן, וואו עס איז געלעגן דאָס קלענסטע קינד און האָט געזויגן פון אַ פלעשעלע. האַלב

באַהאַלטן אין גראָז פון אַ נאָענטן קבר, ביים קלאַנג פון די הייליקע גלאָקן, האָבן זיך צווי הינט אָפּגעגעבן זייערע פרילינגסגעפילן.

אַ יונג, עלעגאַנט פּאָרל, וואָס האָט געפירט ביים האַנט אַ קליין מיידעלע אָנגעטאָן אין סאַמעט און אין זייד, איז פאַרביי זיי אַריבער. דער אָרימער איבערשרייבער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דעם יונגן פראַנט און האָט אין אים דערקענט אַן אַלטן קאָלעגע פון האַנדלס־אַמט, נאָר יענער האָט אים אָבער ניט באַגריסט. אַ געפיל פון ביטערער קנאה האָט אים אָנגעכאַפּט, אַזוי, אַז ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט מער פון דעם „ניט אייידעלן" געפיל, ווי פון זיין כּרויעריקער לאַגע. פאַרגינט ער דען ניט דעם אַנדערן, ווייל יענער האָט אַ שטעלע, צו וועלכער ער האָט אַליין געשטרעבט? אַוודאי ניט. אָבער זיין קנאה איז דאָך, קען זיין, די פאַרקערטע זייט פון זיינע מענטשלעכע רעכט, און דעריבער טאַקע איז זיין צער נאָך טיפער געווען, מחמת ער איז געווען דער צער פון אַ גאַנצן הונגעריקן קלאַס. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די אָרעמע ווייבער פון „מושב־זקנים", וואָס טראָגן אויף זיך די משא פון שטאָטישער צדקה, זיינען מקנא זיין ווייב; און אויף זיכער איז געווען, אַז אַ סך פון אָט די פּני, וואָס רוען דאָ אין די קברים מיט די עמבלעמען, וואָלטן אים מקנא געווען זיינע קינדער, ווען זיי אַליין וואָלטן געווען געשטאָרבן ניט איבערלאַזנדיק נאָך זיך קיין יורש פאַר זייער גרויסן רויב. ס'איז אמת, אַז דאָס לעבן האָט זיינע חסרונות. אָבער פאַרוואָס זאָל דער פּעטער ביסן שטענדיק אַריינפאַלן נאָר צו יענע, וואָס זיינען שוין איבערגעזעטיקט? און ווי אַזוי קומט עס, אַז דער גרויסער געווינס בלייבט שטענדיק ביי יענע, וועלכע האָבן די לאָטעריע איינגעאָרדנט? די אָרימעלייט מוזן זיך באַנוגענען מיט דער תּפילה, און טאַקע נאָר מיט דער אָוונט־תּפילה; זיי מוזן אָפּהיטן די מאָראַל און די גוטע מדות, וואָס ווערן פון יענע פאַראַכט, וואָרעם די טויערן פון הימל פראַלן זיך אויף פאַר דער קלינגענדיקער מטבע. נו, און וואָס הערט זיך מיטן ליבן און געררעכטן גאָט, וואָס האָט זיינע מתנות אַזוי אומגע־

רעכט צעטיילט? וואָלט אפשר ניט געווען אַ סך בעסער צו לעבן אָן אַ שלעכטן גאָט, וואָס האָט נאָך דערצו אַליין מודה געווען, אַז „דער ווינט בלאָזט, וואוהין ער וויל". דערמיט האָט ער דאָך מוסר מודעה געווען, אַז ער פאַרנעמט זיך ניט מיט אונזערע אָנגעלעגנהייטן. אָבער אונטער היינטיקע תּנאים פון לעבן, איז אָן דעם קלויסטער קיין טרייסט ניטאָ! אָבער פאַרוואָס דווקא טרייסט? וואָלט ניט בעסער געווען אַזוי איינצואָרדענען, מ׳זאָל קיין טרייסט ניט דאַרפן? האַ, ניט אמת?

אינמיטן פון דידאָזיקע געדאַנקען, האָט אים איבערגעהאַקט זיין עלטערע טאָכטער, וואָס האָט געוואָלט אָפּפליקן אַ בלאַט פון אַ ליפּע צו מאַכן דערפון אַ זון־שירעם פאַר איר ליאַלקע. קוים וואָס דער טאַטע האָט באַוויזן אַרויפצושטעלן אַ פוס אויפן באַנק און אויסשטרעקן די האַנט, ווי ער האָט פּלוצלונג דערהערט אַ גראָבן אויסגעשריי פון אַ פּאָליציאַנט, אַז מ׳טאָר די ביימער ניט אָנרירן. אַ נייע דערנידערונג! גלייכצייטיק האָט דער פּאָליציאַנט געהייסן, ער זאָל די קינדער ניט לאָזן אומקריכן אויף די קברים, ווארעם דאָס איז לויט דעם קלויסטער־מנהג פאַרבאָטן.

— אַפּנים, דאָס בעסטע פאַר אונז איז, מיר זאָלן אַהיים גיין, — האָט דער טאַטע גאַנץ מבוטל אויסגערופן. — ווי מ׳זאָרגט עס פאַר די טויטע, און ווי ווייניק פאַר די לעבעדיקע!

און זיי זיינען אַוועק צוריק אַהיים.

דער מאַן האָט זיך געזעצט צו זיין אַרבעט. ער האָט געדאַרפט איבערשרייבן אַן אַקאַדעמישן פּאָרטראָג איבער די איבערבאַפעלקערונג.

אַזוי אָבער ווי ער האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט דעם אינהאַלט, האָט ער דעריבער פריער איבערגעלייענט דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט.

דער יונגער מחבר, וואָס האָט געהערט צו דער אַזוי גערופענער עטישער אָדער דאַמען־שול, האָט אַגיטירט קעגן דעם מענטשלעכן חטא.

— וואָס פאַר אַ חטא? — האָט זיך דער איבערשרייבער געשטעלט די פראַגע. אפשר יענער, דורך וועלכן מיר אַלע קומען אויף דער וועלט. וואָס ווערט ביי דער חתונה אָנגעזאָגט ווי אַ מצוה: „פרוכפערט אייך און מערט אייך און פילט אָן די ערד!"

און דער יונגער מחבר האָט ווייטער געשריבן: די פאַר־מערונג אָן דעם געזעצלעכן זיווג, איז אַ זינד, וואָס האָט קיין תּיקון ניט, ווייל דער גורל פון די קינדער, וואָס האָבן ניט די נייטיקע פאַרזאָרגונג, איז זייער אַ טרויעריקער. פאַרקערט, אויף מאַן און ווייב ליגט דווקא אַ חוב זיך פריי אָפּצוגעבן דער נטיה פון דער נאַטור. און דערפאַר רעדט, צווישן אַנדערע, יענער פאַקט, וואָס דער געזעץ שיצט אַפילו די פרוכט אין בויך פון דער מאַמען.

עס איז אַלזאָ דאָ אַ השגחה עליונה נאָר אויף כשרע קינ־דער; פאַר ניט „כשרע" קינדער איז אָבער קיינע ניטאָ. אָ, דער־דאָזיקער יונגער פילאָסאָף! און דאָס געזעץ, וואָס שיצט די פרוכט אין דער מוטערס בויך! מיט וואָס פאַר אַ רעכט מאַכן זיך עפּעס פריי אָט די מיקראָסקאָפּישע קליינוואַרג ביי איטלעכס מולד פון חודש? מ'האָט באמת געדאַרפט ברענגען פּאָליציי, צו אָפּהיטן די הייליקע אייעלעך!

אָט די אַלע מיאוסקייטן האָט ער געמוזט מיט זיין שיינער האַנטשריפט איבערשרייבן.

אַ גאַנצער באַרג מיט מאָראַל, אָבער קיין איין וואָרט פון אויפקלערונג.

דער מאָראַלישער, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, דער אוממאָראַ־לישער געדאַנקען־גאַנג איז געווען אַזאַ: עס איז דאָ אַ גאָט, וואָס בערט און באַקליידט אַלע קינדער, וועלכע ווערן געבאָרן פון אַ געזעצלעכן זיווג; אַ גאָט, אַפּנים נאָר אין הימל, אָבער אויף דער ערד? יאָ, ווי מ'זאָגט, האָט ער זיך אַמאָל אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, כּדי זיך לאָזן קרייציקן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומזיסט אָנגעשטרענגט אַריינצוברענגען אַ סדר אין די פאַרפלאָנ־

טערטע מינים פון דער מענטשהייט; ניט געקענט אפנים פארטיק ווערן דערמיט.

צום סוף האָט זיך דער פילאָסאָף צעגוואלדעוועט, אז די רייכע שפע פון ווייץ אין דער וועלט איז דער שטארקסטער באווייז, אז עס איז בכלל גאָר ניטאָ קיין איבערבאפעלקערונג, אז מאלטוסעס טעאָריע איז א פאלשע און נאָך דערצו א פארברעכערישע קעגן דעם בירגערלעכן געזעץ ווי קעגן דעם מאָראלישן.

און דער אָרעמער פאמיליע-פאָטער, וואָס האָט שוין פון יאָרן לאנג ניט פארזוכט א שטיקל ווייצן-ברויט, איז אויפגעשטאנען צוצוטרייבן די קינדער, זיי זאָלן עסן די גריקענע גרויפן פארוויסט מיט בלוילעכע מילך, וואָס האָט אָנגעפילט דעם מאָגן, נאָר דערביי, ניט געזעטיקט.

ער איז געוועזן פול מיט יאוש, ניט חלילה, דערפאר, ווייל וואסערדיקע גרויפן איז שוין דער לעצטער שטאפל, נאָר ווייל ער האָט פארלאָרן דעם הומאָר, יענעם כישוף-מאכער, וואָס קען דעם שווארצן קאָרנברויט אין פיינסטן ווייצנס פארוואנדלען. ניטאָ שוין יענע אלמעכטיקע ליבע, וואָס באגליקט אלעמען פון איר שפע. די קינדער זיינען געוואָרן א צו שווערע משא, און די געליבטע ווייב א באהאלטענער שונא, וואָס האָט שטילערהייט געהאסט און איז פארהאסט געוואָרן פון אים.

און וואו איז דער מקור צו אָט די אלע צרות? די ברויט-קנאפקייט! און פונדעסטוועגן קראכן איצט די גרויסע אמעריקאנער תבואה-פירמעס צוליב דער צו גרויסער שפע אין תבואהן א וועלט מיט סתירות! אפנים, אז דער אופן ווי אזוי דאָס ברויט ווערט פארטיילט, מוז זיין א שלעכטער.

די וויסנשאפט, וואָס האָט פארנומען דעם אָרט פון דער רעליגיע, איז ניט געוועזן בכוח צו געבן א תשובה דערויף. זי קאָנסטאטירט נאָר דעם פאקט און לאָזט די עלטערן און די קינדער שטארבן פון הונגער.

---

# אָן ליבע.

ער איז געבליבן פרי אַ יתום פון זיין טאַטן, און פון דאַ־מאָלסט אָן האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט ביי דער מאַמען, צוויי שוועסטער און עטלעכע מומעס. קיין ברודער האָט ער ניט גע־האַט. זיי האָבן געלעבט אין אַ פולוואַריק אין דער שוועדישער פּראָווינץ סעדערמאָנלאַנד, אָן שכנים, מיט וועלכע זיי זאָלן „קענען" נאָענט זיין. צו זיבן יאָר האָט ער אינאיינעם מיט זיינע שוועסטער באַקומען אַ גוווערנאַנטין, און גלייכצייטיק האָבן זיי אַריינגענומען אין שטוב זייערע אַ קוזינע.

ער איז געשלאָפן אין איין צימער מיט די שוועסטערס, האָט מיט זיי אינאיינעם געשפּילט, האָט זיך מיט זיי געבאָדן, און קיינער האָט גאָר ניט נעטראַכט וועגן דעם, אַז ער געהערט צו אַן אַנדער מין ווי די מיידלעך. די עלטערע שוועסטערס האָבן אים טאַקע אַריינגענומען אין די הענט און זיינען געוואָרן זיינע דערציערינס און שטרענגע באַפעלער.

ער איז געווען אַ גאַנץ געזונטער יינגל פון דער נאַטור, אָבער די צערטלעכקייט פון אַזויפיל אייגענע, האָט אים ביסלעכ־ווייז געמאַכט ווייך און אומבאַהאָלפן.

איינמאָל האָט ער זיך פאַרשפּילט מיט אָרעמע יינגלעך פון ישוב. זיי זיינען אַוועק אין וואַלד, האָבן געקלעטערט אויף די ביימער, חרוב געמאַכט נעסטן, געוואָרפן שטיינער אויף די וועווערקעס. פריטיאָף איז געווען גליקלעך, ווי ער וואָלט באַ־פרייט געוואָרן פון אַ תפיסה, און איז צו מיטאָג ניט געקומען אַהיים. חברה האָבן געקליבן שוואַרצע יאַגדעס, און האָבן זיך געבאָדן אין דער אָזערע. עס איז געווען דער ערשטער טאָג אין זיין לעבן ווען ער איז אַזוי לעבעדיק געווען.

אַז ער האָט זיך פאַרנאַכט אומגעקערט אַהיים, איז די גאַנצע שטוב געגאַנגען קאַפּויר. די מאַמע איז געווען אומרואיק און פאַרזאָרגט, זי האָט אָבער תּיכּף גאָר אָן העוויות אַרויסגע־וויזן איר פרייד, וואָס ער איז צוריק דאָ. אָבער די אַלטע מויד, די מומע אַגאַטע, אירע אַן עלטערע שוועסטער, וואָס איז געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב, האָט זיך געקאָכט. עס איז אַ זינד, ער זאָל זיין שטראָף ניט באַקומען. פּריטיאָף האָט ניט תּופס געווען וואָס פאַר אַ חטא ער איז דאָ באַגאַנגען. ער האָט געטענהט, אַז מ׳האָט אים קיינמאָל ניט פאַרווערט צו שפּילן מיט די קינדער פון ישוב. יאָ, עס איז טאַקע אמת, מחמת מ׳האָט וועגן דעם גאָר קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן. די מומע אָבער איז באַשטאַנען אויף אירס און פאַר דער מאַמעס אויגן האָט זי דעם בחור אַוועקגעפירט צו זיך אין צימער, כּדי אים דאָרט אַריינצוקאַטעווען. ער איז געווען אַכט יאָר אַלט און שוין אַ גאַנץ געוויקסיקער.

ווען די מומע האָט אָנגעכאַפּט זיינע שלייקעס אָפּצושפּי־ליען אים די הויזן, איז אים אַ שוידער אַריבער איבערן לייב; ער האָט ניט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט. ער האָט ניט געשריען, נאָר ער האָט מיט אַ מאָדנעם שרעק זי אָנגעקוקט. געגלאָצט די אויגן אויף דער אַלטער פרוי, וועלכע האָט אים כּמעט גלעטנדיק געבעטן, ער זאָל פאָלגן און זאָל זיך אַליין לייגן.

אָבער ווי זי האָט אים אַרונטערגעלאָזן די הויזן, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ געפיל פון חרפּה און ווילדן צאָרן: ער איז אויפ־געשפּרונגען פון סאָפע און האָט זיך געוואָרפן מיט אַלע אברים. עפּעס טונקלס, טמאהדיקס, עקלדיקס האָט אויף אים געווייט פון דער דאָזיקער פרוי, און די בושה פון זיין מין־געפיל האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט ווי קעגן אַ פיינד.

אָבער די מומע איז אַריין אין ווילדן כּעס, זי האָט אים אַ נעם געטאָן, אויסגעצויגן אויפן שטול, אַרויפגעריסן דאָס העמד און האָט געשלאָגן. לכתּחילה האָט ער געשריען פון צאָרן, וואָ־רעם קיין ווייטאָג האָט ער ניט געפילט. ער האָט געבריקעט צאַפּ־

לענדיק מיט די פיס און האָט זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצורייסן זיך פון אירע הענט; נאָר נאָכדעם איז ער פּלוצלונג שטיל געוואָרן און האָט געשוויגן.

ווען די אַלטע האָט אים אָפּגעלאָזן, איז ער נאָך געבליבן ליגן.

— שטיי אויף, האָט זי געזאָגט מיט אַ נכנעדיקער שטים.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זי אָנגעקוקט. איין באַק איז ביי איר געווען בלייך, די אַנדערע רויט. די אויגן האָבן עפּעס געלויכטן מיט אַ טונקל פייער און זי האָט געציטערט מיט איר גאַנצן קערפּער. דער ייִנגל האָט זי אָנגעקוקט ווי מ'קוקט אָן אַ בייזע חיה און האָט געשמייכלט מעשה־מענטש, אַזוי ווי די פאַראַכטונג, וואָס ער האָט געפילט צו איר וואָלט אים אויפגעהויבן הויך איבער איר. דערנאָך האָט ער איר אַ וואָרף געטאָן אין פּנים איין־איינציקן בייזן וואָרט „מכשפה", אַ ווערטל, וואָס ער האָט טאַקע ערשט געהערט פון די קינדער, דערביי האָט ער געכאַפּט זיינע קליידער און איז אַראָפּגעלאָפן צו דער מאַמען, וואָס איז געזעסן אין זאַל און האָט געוויינט.

ער האָט זיך געוואָלט באַקלאָגן פאַר איר, אָבער זי האָט קיין מוט ניט געהאַט אים צו טרייסטן. איז ער אַראָפּ אין קיך, וואו ער האָט באַקומען פון די דינסטמיידלעך ראָזינקעס.

פון יענעם טאָג אָן האָט ער מער ניט געטאָרט שלאָפן אין איין צימער מיט די שוועסטערס, נאָר די מאַמע האָט אים צוגע־נומען צו זיך אין צימער. עס איז אים דאָרט ניט געפעלן געווען, ווייל די לופט איז געווען פאַרשטיקט און ס'איז געווען לאַנגוויי־ליק. די מאַמע פלעגט פון צערטלעכקייט צו אים אויפשטיין עט־לעכע מאָל אין דער נאַכט, אים צוצודעקן. זי האָט אים גע־שטערט פון שלאָף און ער פלעגט איר גראָב אָפּענטפערן אויף אירע שטענדיקע פראַגן, צי עס שלאָפט זיך אים גוט.

ער האָט ניט געטאָרט פריי אַרויסגיין און אַזויפיל וואָלטנע שאַלן האָט ער געהאַט, אַז ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וועלכן ער זאָל נעמען. האָט ער זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן,

האָבן זיך תיכף אָנגעהויבן געשרייען דורכן פענסטער, ער זאָל אַריין און עפּעס אָנטאָן אויף זיך.

די אַלע שפּילערייען פון די שוועסטער האָבן אים אָנגע־הויבן צו דערעסן; פאַר זיינע שטאַרקע אָרעמס איז דאָס שפּילן מיט אַ קליינע פּילקע שוין געווען צו לייכט; זיי האָבן חשק גע־האַט שטיינער צו וואַרפן. דער קראָקעט־שפּיל, וואָס פאָדערט ניט — ניט קיין איבעריקע אָנשטרענגונג און ניט קיין שכלדיקע המצאות, האָט אים נאָר אויפגערעגט.

די גוווערנאַנטין איז פון אים אַ מינוט ניט אָפּגעטראָטן. זי האָט מיט אים גערעדט נאָר פראַנצויזיש, און ער האָט געענט־פערט שוועדיש. אַ באַהאַלטענע שנאה צו אַלץ, צום גאַנצן אַרו־מיקן לעבן, האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן צו דערוועקן.

באַלד האָט ער אויך באַמערקט דעם ביטול צו זיך מצד די נאָענטע: דער פאַקט, ווי אַזוי מ'האָט זיך אַלץ דערלויבט אין זיי־נע אויגן אָן אַ שום בושה! סוף־כל־סוף זיינען אים אַלע געוואָרן דערווידער. די איינציקע, וואָס האָט זיך מיט זיינע געפילן יאָ אַ ביסל גערעכנט, איז געווען די מאַמע; אַזוי, למשל, האָט זי געלאָזט מאַכן אַ פאַראַוואַן אַרום זיין בעט.

זיין איינציקער מקום מקלט איז געוואָרן די קיך און די קאַמער פאַר די דינסטמיידלעך. דאָרטן האָט ער תמיד געפונען אַ הסכמה און פאַרשטענדעניש פאַר זיך. נאָר אָפּטמאָל האָט ער דאָרט באַקומען צו הערן אַזוינע דבורים, וואָס קענען צערייצן די נייגעריקייט פון יעדער יינגל, פאַר אים אָבער האָבן שוין קיין סודות ניט עקזיסטירט. אַזוי, למשל, איז ער איינמאָל פאַרקראָכן צום אָרט, וואו די מיידלעך האָבן זיך געבאָדן. די גוווערנאַנטין האָט זיך צעשריען, אָבער ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי שרייט און איז תמימותדיק אַריין אין אַ שמועס מיט די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געפּלושקעט נאַקעטע אין וואַסער. דאָס נאַקעטע לייב זייערע האָט אויף אים גאָר קיין איינדרוק ניט געמאַכט.

ער איז אונטערגעוואַקסן און איז שוין געוואָרן אַ היפּשער בחורל. מ'האָט געמוזט נעמען צו אים אַ לערער, וואָס זאָל אים באַקאַנט מאַכן מיט דער לאַנדווירטשאַפט. ווייל דער גאַנצער פּול־

וואַריק האָט דאָך געמוזט סוף־כּל־סוף אַריבערגיין אין זיינע הענט. פאַר אַ לערער האָט מען גענומען אַן עלטערן מענטשן, אַ רעלי־גיעזן. זיין געזעלשאַפט האָט, פאַרשטייט זיך, ניט איבעריק אויפ־געמונטערט דעם יינגל, אָבער פאָרט איז בעסער געווען ווי ביז אַהער. ער האָט אָנגעהויבן אַלץ צו באַקוקן מיט אַ נייעם קוק און האָט אָפּגעלעבט. אָבער דער לערער האָט כּסדר באַקומען פון די ווייבער אַזויפיל אינסטרוקציעס, אַז ער איז לסוף געוואָרן נאָר זייער רופאָ.

צו זעכצן יאָר איז פריטיאָף קאָנפירמירט געוואָרן, האָט באַקומען אַ גאָלדענעם זייגער און אַ דערלויבעניש צו רייטן; אָבער צו גיין מיטן ביקס אין וואַלד, פון וואָס ער האָט כּסדר געחלומט, איז אים נאָך געווען פאַרווערט. פאַר זיין שונא בנפש, פאַר דער אַלטער מויד, האָט ער שוין, אמת, קנאַפּ מורא געהאַט, אָבער עס האָבן אים שטאַרק געאַרגט דער מאַמעס טרערן. ער איז נאָך אַלץ געבליבן אַ קינד. און דער הרגל צוצוהערן זיך מיט דרך ארץ צו יענעמס מיינונג, האָט אים ניט אָפּגעלאָזן.

---

פריטיאָף איז אויסגעוואַקסן און איז געוואָרן צוואַנציק יאָר אַלט. איינמאָל בייטאָג איז ער געשטאַנען אין דער קיך און האָט צוגעקוקט ווי די קעכין שאָבט פיש. זי איז געווען אַ יונגע שיי־נע מיידל מיט אַ פאַרב אין די באַקן. ער האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביסל צו ווערטלען מיט איר. און לסוף אַריינגערוקט די האַנט, דאָרט וואו די קלייד האָט זיך פאַרשפּילעט אויפן רוקן.

— זייט, אַ שטאַטיק, הער פריטיאָף, – האָט געזאָגט די מיידל.

— יאָ, איך בין דאָך אַ שטאַטיק, — האָט ער געזאָגט, און איז געוואָרן חוצפּהדיקער.

— אוי, די מאַדאַם קען נאָך אַריינגיין!

— נו, איז וואָס איז אַזוינס?

גראָד אין דער מינוט איז זיין מאַמע אַדורך פאַרביי דער אָפענער טיר פון קיך, זי האָט זיך אָבער תּיכּף פאַרקירעוועט און איז אַרויס אין הויף.

פריטיאָף האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און האָט זיך אַריינ־געכאַפּט צו זיך אין צימער.

אַ נייער גערטנער איז אָנגעקומען צו זיי אויף אַ שטעלע. די ווייבער, די חכמניות, האָבן געפונען פאַר נייטיק צו נעמען אַ באַווייבטן גערטנער, כדי ער זאָל ניט האָבן צופיל צו טאָן מיט די דינסטמיידלעך. צום שלימזל אָבער איז דער גערטנער שוין אַזוי לאַנג באַווייבט געווען, אַז פון זיין זיווג האָט אַרויסגע־שפּראָצט אַ שיינע פּרי אין דער געשטאַלט פון אַ טאָכטער.

דער פריטיאָף האָט תיכף אַנטדעקט די שיינע בלום צווישן אַנדערע רויזן פון גאָרטן. די גאַנצע נייגונג צום צווייטן מין, וואָס האָט זיך ביי אים אָנגעקליבן אין משך פון דער צייט, האָט ער איבערגעטראָגן אויף דער יונגער מיידל, וואָס איז בערך געווען גאָר ניט קיין מיאוסע און האָט באַקומען אַ נישקשהדיקע ערציאונג.

ער פלעגט אָפּט אַריין אין גאָרטן און פלעגט מיט איר לאַנג פאַרבּרענגען, צוקוקנדיק ווי זי יעט די בייטן אָדער פליקט בלומען. זי האָט אים אָבער קיין סימפּאַטיע ניט באַוויזן און דאָס האָט אים, פאַרקערט, נאָך מער צוגעצויגן צו איר.

איינמאָל אין אַ טאָג, איז ער געריטן דורכן וואַלד און האָט ווי תמיד געחלומט וועגן איר, וואָס איז ביי אים געווען דער אידעאַל פון פולקומענהייט. ער איז געווען קראַנק פון בענקשאַפט, צו זיין אַליין מיט איר, אין איר נאָענטקייט, און זאָל דערביי ניט דאַרפן מורא האָבן עמיצן דערמיט פאַרדראָס צו פאַרשאַפן. אין זיין פאַנטאַזיע איז דערדאָזיקער גליק אויס־געוואַקסן אַזוי גוזמאריק, אַז אָן איר איז אים דאָס לעבן מיאוס געווען.

דער פערד איז נעגאַנגען טריט ביי טריט אויף דער סטעזשקע. און דער רייטער איז געווען פאַרזונקען אין מחשבות. פלוצלונג האָט ער דערזען ווי עפּעס אַ העלע זאַך האָט דורכגע־פלאַטערט צווישן די ביימער, און באַלד האָט זיך באַוויזן דעם גערטנערס מיידל. פריטיאָף איז אַראָפּ פון פערד און האָט זי באַ־גריסט. נאָכדעם זיינען זיי ביידע געגאַנגען און ער האָט מיט

איר געפּלוידערט, נאָכפּירנדיק נאָך זיך דעם פערד פאַרן צוים. ער האָט גערעדט מיט אומקלאָרע ווערטער וועגן זיין ליבע צו איר; נאָר זי האָט אים קאַלט אויפגענומען:

— צו וואָס האָבן מיר צו ריידן וועגן זאַכן, וועלכע קע־נען ניט געמאָלט זיין, — האָט זי געזאָגט.

— וואָס קען ניט געמאָלט זיין? — האָט ער אויסגע־רופן.

— עס קען ניט געמאָלט זיין, אַז אַן אָרימע מיידל ווי איך, זאָל ווערן די ווייב פון אַזאַ רייכן און איידעלן הערן.

זי איז גערעכט געווען, און פּריטיאָף האָט זיך דערפילט ווי אַ געשלאָגענער. זיין ליבע איז געווען אָן אַ גרעניץ, אָבער ער האָט טאַקע ניט געזען פאַר זיך קיין מעגלעכקייט דורכצופירן זיין באַשערטע דורך דער סטאַדע הינט, וואָס באַוואַכט זיין הויז און הויף; זיי וועלן זי אַוודאי אין שטיקער צערייסן.

נאָך דעמדאָזיקן שמועס איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שטילן יאוש.

אין האַרבסט איז דער גערטנער אַוועק פון זיי, און קיינער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס. זעקס וואָכן לאַנג האָט פּריטיאָף קיין טרייסט ניט געפונען, ווארעם דערמיט האָט ער פאַרלאָרן זיין ערשטע און איינציקע ליבע: קיינמאָל וועט ער זיך שוין מער ניט פאַרליבן!

---

אַזוי איז אַריבער דער אָסיען. צו ניטל האָט זיך דער נייער באַצירק־דאָקטאָר באַזעצט אין זייער שכנות. ער האָט געהאַט דערוואַקסענע קינדער און אַזוי ווי די מומעס האָבן תמיד גע־קרענקט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרקערן מיט דער פאַמיליע. צווישן די דערוואַקסענע קינדער איז אויך געווען אַ מיידל. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און פּריטיאָף האָט זיך אין איר שטערבלעך פאַרליבט. לכתחילה האָט ער זיך געשעמט פאַר זיך, וואָס ער איז אַזוי גיך אומטריי געוואָרן דער ערשטער, איז אָבער באַלד מושווה געוואָרן מיט דער נייער דעה, אַז די ליבע מוז עפּעס זיין

אַזוינס וואָס איז אומפּערזענלעך, מחמת זי קען אַזוי גיך בייטן איר אָביעקט; זי איז, אַפּנים, ווי אַן אויסגעשטעלטע פולמאַכט אויפן נאָמען פון איר באַזיצער.

אָבער תיכף, ווי זיינע היטערינס האָבן דערשמעקט פון זיין נייער פאַרליבעניש, האָט די מאַמע אים פאַרבעטן אויף אַ שמועס אונטער פיר אויגן.

— דו ביסט שוין איצט, מיין קינד, אין אַזאַ עלטער, האָט זי אָנגעהויבן, ווען מ׳הייבט שוין אָן צו טראַכטן וועגן אַ ווייב.

— איך האָב שוין צוגעטראַכט, ליבע מאַמע, האָט ער געזאָגט.

— איך האָב מורא, דו האָסט זיך צוגעאיילט, האָט זי געזאָגט. די מיידל, וואָס דו האָסט אויסגעוויילט, פאַרמאָגט ניט יענע מאָראַלישע מידות, וואָס אַ געבילדעטער מאַן מוז פאַר זיך פאָדערן.

— וואָס? דו רעדסט וועגן אַמאַליעס מאָראַלישע מידות. ווער קען עפּעס זאָגן שלעכטס וועגן איר?

— איך זאָג פון איר, חלילה, קיין שלעכטס ניט, אָבער דער טאַטע אירער, ווי דו ווייסט, איז אַן אויפגעקלערטער...

— דאָס פרייט מיר זייער, וואָס איך וועל זיך מתחתן זיין מיט אַן אויפגעקלערטן מענטשן, וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיינע אינטערעסן...

— לאָמיר וועגן אים ניט ריידן, אָבער פריטיאָף, דו האָסט אויף זיך חובות פון פריער.

— וואָס מיינסטו?

— יאָ, דו האָסט זיך געשפּילט מיט לואיזעס האַרץ...

— דו מיינסט די קוזינע?

— געוויס! האָט איר דען אַליין פון קינדווייז אָן ניט גע־קוקט אויף זיך ווי אויף אַ צוקינפטיקן זיווג? ווי מיינסטו, איז איר האָפענונג און איר גאַנצע צוקונפט ניט געווען פאַרקניפּט מיט דיר?

— איר, איר האָט מיט אונז געשפּילט, איר האָט אונז משדך געווען, ניט איך! האָט דער זון געענטפערט.

— אָבער גיב דאָך אַ טראַכט, פריטיאָף, וועגן דיין אַלטע מוטער און דיינע שוועסטער, ווילסטו, אין אָט דער שטוב, וואָס איז שטענדיק געווען אונזער אַלעמענס היים, אַריינברענגען אַ ווילדפרעמדע מיידל, וואָס זאָל באַקומען דעם זכות איבער אונז צו קאָמאַנדעווען.

— אָט דאָס איז אַלזאָ די סיבה! לואיזע איז אויסגעוויילט צו זיין די באַלעבאָסטע!

— מ'האָט קיינעם ניט אויסגעוויילט, אָבער אַ מאַמע האָט תמיד רעכט אויסצוקלייבן די צוקינפטיקע פרוי פאַר איר זון, און קיינער פאַרשטייט עס ניט אַזוי גוט ווי זי. צי צווייפלסטו אין מיין גוטער כוונה? זאָג נאָר, קענסטו חושד זיין דיין אייגענער מאַמען, אַז זי וויל דיין רעה?

— ניין, איך קען דיר ניט חושד זיין, אָבער—איך האָב לואיזען ניט ליב; איך האָב זי האָלט ווי אַ שוועסטער, נאָר...

— ליב האָבן? אַך די ליבע איז אַזאַ נישטיקע זאַך; אויף דער ליבע קען מען זיך ניט פאַרלאָזן, אָבער פריינדשאַפט, דער גלייכער קוק אויפן לעבן, געוויינהייטן, דיזעלביקע אינטערעסן, די נאָענטע באַקאַנטשאַפט פוןביידן—דאָס זיינען די יסודות פאַר אַ גליקלעכן זיווג. לואיזע איז אַ בריה אַ מיידל, איז איבערגעגעבן דער שטוב און איז אַן אַקוראַטנע, און וועט דיר שאַפן אַ גליקלעכע היים, ווי דו קענסט זיך נאָר אַליין ווינטשן.

פריטיאָף האָט קיין אַנדער עצה ניט געפונען, ווי אַרויסצומאַכן זיך פון איר, און האָט דעריבער געבעטן צייט אויף ישוב־הדעת.

בינו לבינו זיינען די מומעס מיטאַמאָל אַלע געזונט געוואָרן און האָבן זיך מער ניט געניייטיקט אין דאָקטוירים. דער דאָקטאָר האָט פונדעסטוועגן געמאַכט נאָך אַ וויזיט ביי זיי, האָט אָבער געהאַט זייער אַ מיאוסן קבלת פנים, ווי אַ גנב, וואָס איז געקומען אויסקוקן די שלעסער און ריגלען פון שטוב. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ שאַרפן קוק, און האָט תיכף משיג געווען ווי די זאַך שטייט. פריטיאָף האָט געענטפערט מיט אַ וויזיט,

מ'האָט אים אָבער דאָרט איבערגענומען ווי אַ שווינדלער. דערמיט האָט גענומען אַן עק מיט דער באַקאַנטשאַפט.

---

פּריטיקאָף איז געוואָרן פּוליאָריק.

און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טאַראַראַם אַרום אים. די מומעס זיינען ממש געקראָכן פאַר אים אויף די קני, און כדי צו דערוויזן דעם נייעם באַלעבאָס, ווי נייטיק זיי זיינען דאָ אין שטוב, האָבן זיי אים באַהאַנדלט ווי אַ קינד, וואָס האָט נאָך גאָר קיין שכל ניט. אויך די שוועסטער האָבן אַרויסגעוויזן זייער מוטערלעך געפיל מער ווי פריער. און לואיזע האָט זיך אָנגעהויבן צו פּוצן. זי האָט זיך אָנגעהויבן איינשנורעווען אין אַ קאָרסעט און האָט געגרייזלט מיט ברענעדיקע צווייגעלעך די האָר. מיאוס איז זי גאָרניט געווען, איר בליק נאָר איז געווען קאַלט און די צונג שאַרף.

פּריטיקאָף איז געווען צו איר גלייכגילטיק, און ער האָט צו איר קיינמאָל קיין געפיל ניט געהאַט ווי צו אַ נקבה. איצטער אָבער, נאָכדעם ווי די מאַמע האָט וועגן איר גערעדט, האָט ער זיך געפילט עפּעס ווי פאַרלעגן אין איר נאָענטקייט, דערהויפּט ווייל זי האָט זיך אָנגעהויבן צושאַרן צו אים. אומעטום האָט ער זי אָנגעטראָפן, אויף די טרעפּ, אין גאָרטן און אַפילו אין שטאַל. איינמאָל אינדערפרי, בשעת ער איז נאָך געלעגן אין בעט, איז זי אַריין אין זיין צימער צו נעמען דאָרט אירע האָר־נאָדלען; זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּריזיר־מאַנטל און האָט אָנגעשטעלט אַ פּנים פון אַ שעמעוודיקע.

זי האָט אים אָנגעהויבן נמאס צו ווערן, נאָר פונדעסטוועגן איז זי אים פאָרט עפּעס ניט אַרויס פון קאָפּ.

בינו לבינו האָט די מאַמע ווידער באַנייט אירע שמועסן מיטן זון, און די מומעס און שוועסטערס האָבן אָן אויפהער דערמאָנט מיט רמזים די קומענדיקע חתונה זייערע.

דאָס לעבן איז פאַר אים געוואָרן ניט אויסצודערהאַלטן מער. ער האָט פון דעמדאָזיקן נעץ גאָר קיין אויסגאַנג ניט גע־

זען. ס'איז אמת, אַז לואיזע איז פאַר אים שוין עפּעס אַנדערש געווען ווי שוועסטער און חברטע, נאָר ליבער איז זי אים דעריבער פונדעסטוועגן ניט געוואָרן. אָבער טראַכטנדיק וועגן דער מעגלעכקייט צו חתונה האָבן מיט איר, האָט ער דאָך געגומען קוקן אויף איר ווי אויף אַ ווייב; ניט גאָר צום האַרצן אָבער, פאָרט אַ ווייב. דאָס חתונה האָבן ברענגט סוף-כל-סוף דאָך עפּעס אַ שינוי אין לעבן און אפשר וועט עס פאַר אים אויך זיין אַ דערלייזונג פון דער קנעכטשאַפט. מ'האָט ניט דערלאָזן, ער זאָל זיך זען מיט אַנדערע מיידלעך. נאָר סוף-כל-סוף האָט לואיזע געקענט זיין ניט ערגער און ניט בעסער ווי אַנדערע.

לסוף איז ער אַוועק צו דער מאַמען און האָט איר געזאָגט, אונטער וועלכע תנאים ער איז גרייט חתונה צו האָבן מיט לואיזען: אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט אין פליגל פון הויז און אויף אייגענע קעסט. אַחוץ דעם מוז מיט לואיזען די מאַמע אַליין ריידן, ער איז דאָס ניט בכוח אויסצופירן.

די פשרה איז אָנגענומען געוואָרן, און מ'האָט אַריינגעפירט לואיזען צום ערשטן קוש. ביידע האָבן געוויינט; פאַרוואָס זיי האָבן געוויינט האָבן זיי אַליין ניט געוואוסט; נאָר אַ גאַנצן טאָג ביז אָוונט האָבן זיי זיך געשעמט צו קוקן גלייך אין די אויגן.

נאָכדעם איז אַלץ געוואָרן צווישן זיי ווי פריער; אָבער די צאַרטע מוטערלעכקייט פון די מומעס און די שוועסטערס האָט פון איצט אָן גאָר קיין גרעניץ ניט געהאַט. זיי האָבן צורעכט געמאַכט דעם פליגל, פונאַנדערגעשטעלט די מעבל, פאַרטיילט די צימערן און אַלץ אויסגערעכנט אויפן האָר. פּריטיאָפּס הסכמה האָט מען ניט געפרעגט.

נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות צו דער חתונה. פון ערגעץ-וואו, פון דער פּראָווינץ האָט מען אויסגעגראָבן אַלטע קרובים און מ'האָט זיי פאַרבעטן פאַר אונטערפירער צו דער חתונה.

און מ'האָט געפּראַוועט אַ חתונה.

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה איז פּריטיאָף זייער פרי שוין געווען אויף די פיס. ער האָט שנעל פאַרלאָזן דעם שלאָפצימער,

מיטן תירוץ, אַז ער האָט זייער אַ נייטיקע אַרבעט אויפן פעלד. די פאַרשלאָפענע לואיזע האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם; אָבער פונקט ביים אַוועקגאַנג, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— פאַרגעס נאָר ניט, אַז עלף אַ זייגער עסט מען אָנבייסן! דאָס האָט געקלונגען ווי אַ באַפעל.

ער איז אַריין אין זיין צימער. האָט אָנגעטאָן זיין יאַגד־ראָק און די שטיוול און האָט אַרויסגענומען זיין ביקס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַלמער. און ער איז אַוועק אין וואַלד.

עס איז געווען אַ שיינער אָקטאָבער־אינדערפרי, עטוואָס געכאַפט פון אַ לייכטן פרעסטל. ער איז געגאַנגען זייער גיך, פונקט ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מ׳זאָל אים ניט צוריקרופן אָדער ווי ער וואָלט פאַר עפעס אַנטלאָפן. די פרישע לופט פון וואַלד האָט אויף אים געווירקט ווי אַ באָד. ער האָט זיך פריי געפילט. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך באַנוצט מיט זיין פרייהייט אַרויסצוגיין מיטן ביקס אין וואַלד. אָבער אָט די קערפערלעכע פרייהייט איז געווען נאָר אַן איבערגייענדיקע. ביז היינט האָט ער לפחות געהאַט זיין אייגן שלאָפצימער. ער איז לפחות געווען אַ באַלעבאָס אויף זיינע געדאַנקען בייטאָג און אויף זיינע חלומות ביינאַכט. איצטער איז דערמיט אויך אַן עק. דער־הויפט האָט ער געהאַט צער דערפון, וואָס דאָס בשותּפותדיקע צימער האָט זיך אים געדוכט ווי עפעס אַ מיאוסע זאַך. מ׳האָט דאָרט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדער בושה ווי אַ מאַסקע, דאָס געפיל פון צניעות אָפּגעלייגט אָן אַ זייט, די אילוזיע פון דער מענטש־לעכער „העכערער אָפּשטאַמונג״ צעטראָטן; דער געדאַנק, אַז ער איז ניט מער ווי אַ נאַקעטע חיה, איז אים געווען שוידערלעך, מחמת ער איז דאָך דערצויגן געוואָרן פון אידעאַליסטן. ער וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז דער שקר פון זיווג זאָל אַזוי גרויס זיין, און אַז דער גאַנצער תּוך פון ווייבלעכער צניעות איז נאָר די מורא פאַר די רעזולטאַטן. ווי אָבער, ווען דאָס וואָלט גע־ווען דעם דאָקטאָרס טאָכטער אָדער גערטנערס? דאַמאָלסט וואָלט דער יחוד מיט איר געווען אַ תּענוג, בשעת איצט איז ער אַ לאַסט און אַ בזיון. דאַמאָלסט וואָלט די גראָבע תּאווה, צו באַפרידיקן די־

נייגעריקייט און באַדערפעניש, אָנגענומען די פאָרם פון שיכּרות, וואָס וואָלט, ווי יעדער שיכּרות, געווען מער רוחניות ווי גשמיות.

ער האָט געבלאָנדזעט איבערן וואַלד אָן אַ ציל, ניט וויסנ־דיק, וואָס ער זאָל שיסן. ער האָט נאָר געפילט עפּעס אַ טונקעלן פאַרלאַנג, צו הערן ווי דער ביקס שיסט און צו זען, ווי די חיה פאַלט. אָבער ער האָט גאָרניט באַמערקט. די פייגלען זיינען שוין אַוועקגעפלויגן. נאָר אַ וועווערקע איז אַרומגעשפּרונגען אויפן שטאַם פון אַ סאָסנע און אַראָפּגעקוקט צו אים מיט גלאָציקע אויגן. ער האָט אָנגעצילעוועט דעם ביקס, און האָט אַ דריק גע־טאָן; נאָר דאָס פלינקע חיהלע איז שוין געווען אויפן אַנדער זייט, ווען די שראָט האָבן איינגעשלאָגן אין שטאַם. אָבער דער קנאַל האָט פונדעסטוועגן געמאַכט אַן אָנגענעמען איינדרוק אויף זיינע נערוון.

ער איז אַראָפּ פון דער סטעזשקע און איז אַריין אין דער געדיכטעניש פון וואַלד. אַ שוואָם, וואָס האָט זיך אים גע־טראָפן אויפן גאַנג, האָט ער צעטראָטן און צעריבן. אַ תּאווה פון צעשטערונג האָט זיך אין אים דערוועקט. ס'האָט זיך אים געגלוסט צו טרעפן אַ שלאַנג אין וועג און צעטרעטן זי אָדער אַוועקפטרן מיט אַ שאָס.

אָבער תּיכּף איז אים אַרויף אויפן געדאַנק, אַז ער מוז אַהיים גיין, און אַז היינט איז דער ערשטער טאָג פון זיין חתונה. די פאָרשטעלונג, אַז ער וועט מוזן אויסהאַלטן אויף זיך די עק־בערדיקע בליקן, האָט אויף אים אַזוי שטאַרק געווירקט, ווי עס וואָלט אים פאָרגעשטאַנען באַשטראָפט צו ווערן פאַר אַ פאַרברעך, אַ פאַרברעך קעגן דער מאָראַל, און וואָס נאָך ערגער, קעגן דער נאַטור. דאָס בעסטע וואָלט געווען צו אַנטלויפן אַן עק וועלט, אָבער ווי זאָל ער דאָס אָנהייבן?

לסוף איז ער מיד געוואָרן צו דרייען זיך מיט די געדאַנ־קען אַרום איין קרייז און נאָר איין געפיל איז אים פאַרבליבן — אַ געפיל פון הונגער. ער האָט זיך דעריבער געלאָזן גיין אַהיים אָנבייסן.

אַריינקומענדיק אין הויף, זיינען אַלע געסט, וואָס האָבן דאָ איבערגענעכטיקט, געשטאַנען אויף די טרעפּ פון פּירהויז און האָבן אים אין שפּאַס מקבל פּנים געווען מיט הוראַ־געשרייען. מיט אומזיכערע טריט איז ער געגאַנגען איבערן הויף און האָט צוגעהערט מיט אַ ביטער געפיל, וועלכן ער האָט ניט געקענט באַהאַלטן, די שפּאַסיקע פראַגן פון די געסט וועגן זיין געזונט. ער האָט זיך פון זיי אַרויסגעריסן און איז אויפגיך אַריין אין שטוב, ניט באַמערקנדיק דערביי, אַז לואיזע איז געשטאַנען צווישן דער כנופיא און האָט געוואַרט, ער זאָל זי באַגריסן.

ביים טיש צום אָנבייסן האָט ער געמוזט אויסהאַלטן אַזוינע יסורים, וועלכע, ווי אים האָט זיך געדוכט, ער וועט קיינמאָל אין לעבן ניט פאַרגעסן: די טאָסטן פון די געסט האָבן אים געשטאָכן און די לאַסקעס פון זיין ווייב האָבן אים געפּייניקט. זיין שמחה־טאָג איז פאַר אים געווען דער מיאוסטער טאָג אין זיין לעבן.

---

נאָך עטלעכע חדשים, האָט זיך די יונגע ווייבל איינגעפונדעוועט פאַר דער באַלעבאָסטע אין שטוב, מיט דער אונטערשטיצונג פון די מומעס און שוועסטערס. פּריטיאָף איז שטענדיק געבליבן דער יינגסטער און ניט קיין גאַנצער בר־דעת. מ׳האָט זיך מיט אים מכוח אַלץ מיישב געווען, נאָר קיינמאָל זיין עצה ניט געפאָלגט; מ׳האָט נאָך שטענדיק געזאָרגט פאַר אים ווי פאַר אַ קליין קינד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיצן אַליין מיט דער ווייב ביים טיש איז ווייטער אוממעגלעך, ווייל ער האָט עקשנותדיק געשוויגן; לואיזע האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטן און זיך אויסגעזוכט אַ דונער־אָפּפירער: אַ שוועסטער האָט זיך אַריינגעקליבן צו זיי אין פליגל.

ניט איינמאָל האָט פּריטיאָף פּרובירט זיך צו עמאַנסיפּירן, איז אָבער תמיד צוריקגעשטויסן געוואָרן פון דער איבערמאַכט. זיי זיינען געווען צופיל, און זיי פלעגן אין אים אַזויפיל אַריינריידן, ביז ער פלעגט אַנטלויפן אין וואַלד.

די אָונטן זיינען פאַר אים איצט געוואָרן שרעקלעך. ער האָט פיינט געהאַט דאָס שלאָפצימער, איז געגאַנגען אַהין ווי צו דער תליה. ער איז געוואָרן שרעקעדיק און איז שטענדיק געווען מיט זיך אַליין.

אַ יאָר איז שוין אַריבער נאָך דער חתונה און קיין קינד איז נאָך ניט געווען. איינמאָל האָט אים די מאַמע אָפּגערופן אָן אַ זייט, כּדי צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס.

— ווען עס ביי דיר גאָר קיין שמחה ניט זיין, אַז דו וועסט באַקומען אַ זון? האָט זי געפרעגט.

— אוודאי, — האָט ער געענטפערט.

— דו פירסט זיך ניט פיין אויף מיט דיין ווייב, — האָט די מאַמע געזאָגט, אַזוי ווייך ווי זי האָט נאָר געקענט.

ער האָט זיך צעקאָכט.

— וואָס? וואָס? האָט איר עפּעס טענות? הם! לואיזע איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי איר מיינט! נאָר וועמען גייט עס אָן? זאָג נאָר אַרויס קלאָר דיין טענה, אַזוי אַז איך זאָל קענען דערויף ענטפערן.

ניין, דערצו האָט די מאַמע קיין חשק ניט געהאַט.

זייענדיק תמיד אַליין, האָט ער איצטער אַנטדעקט, אַז דער פאַרוואַלטער איז אַ יונגערמאַן, וועלכער מאַכט גערן אַ קאָרט און האָט ניט פיינט דעם ביטערן טראָפּן. ער האָט זיך מיט אים אויפגעניוכעט און האָט די אָוונטן פאַרבראַכט ביי אים אין צימער; צו זיך אין שלאָפצימער איז ער געקומען שפּעט אין דער נאַכט, אַזוי שפּעט, ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזן.

איינמאָל אינאָוונט איז זיין ווייב נאָך געלעגן וואַך אין בעט און האָט אויף אים געוואַרט.

— וואו ביסטו געווען? האָט זי געפרעגט מיט אַ שאַרפן און אָפּגעהאַקטן טאָן.

— דאָס זאָל דיר גאָר ניט אַרן! — האָט ער געענטפערט.

— אויף אַזאַ אופן חתונה צו האָבן איז גאָר ניט אַזאַ מאכל. וואָלטן מיר לפּחות אַ קינד געהאַט.

— איך בין דערין ניט שולדיק!

— איך אויך ניט!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיכסוך צווישן זיי, ווער פון זיי איז שולדיק, און דער סיכסוך האָט זיך געצויגן צוויי יאָר.

און מחמת קיינער פון זיי האָט ניט געוואָלט גיין מיטן פּשוטן וועג און פרעגן אַ דאָקטאָר, האָט עס דערגרייכט צום גע־ווינלעכן רעזולטאַט: דער מאַן איז געוואָרן צו שפּאָט און די ווייב אַן אומגליקלעכע בריאה. אַן עקרה איז אַ הייליקע, ווייל צוליב אומבאַקאַנטע טעמים ליגט אויף איר די קללה פון גאָט. אָבער אַז „גאָט" זאָל זיך אַזוי ווייט אַראָפּלאָזן אַ מאַנסביל צו פאַרפלוכן, דאָס האָבן זיך די ווייבער ניט געקענט פאָרשטעלן.

אָבער פּריטיאָף אַליין האָט ממש געפילט, אַז אויף זיין קיום ליגט גאָטס קללה, וואָרעם זיין לעבן איז געווען פינסטער און אומנאָרמאַל. די נאַטור האָט געשאַפן צוויי מינים, זכר און נקבה, וועלכע אין געוויסע אומשטענדן זוכן זיך איינע די אַנ־דערע ווי פריינד, אָבער ביי אַנדערע אומשטענדן קענען זיי צווישן זיך ווערן די פאַרביסנסטע שונאים. ער האָט אָנגעטראָפן דעם אַנדער מין ווי אַ פיינד, און טאַקע ווי אַ פיינד אַ שטאַרקערן פאַר זיך.

— איינמאָל, זיצנדיק אַזוי ביים טיש מיט ניי־אַרבעט, האָט איינע פון די שוועסטער צופעליק אַ פרעג געטאָן ביי פּריטיאָפן, וואָס באַטייט דאָס וואָרט קאַפּהאָן (אַ קאַסטרירטער האָן).

ער האָט ניט געענטפערט, און האָט זי בייז אָנגעקוקט, נאָכדעם האָט ער אָבער אַרויסגעפונען, אַז זי פאַרשטייט גאָר־נישט, נאָר זי האָט פּשוט עפּעס אַזוינס געהערט און האָט ניט געקענט איינהאַלטן איר נייגעריקייט.

פון איצט אָן איז זיין לעבן פאַרסמט בעווען. ער איז גע־וואָרן צו חוזק. אַ געפיל פון חשד האָט זיך אין אים אַנטוויקלט. אַלץ, וואָס ער האָט געהערט און געזען, האָט ער געבראַכט אין שייכות צו דערדאָזיקער באַשולדיקונג. לסוף איז ער גאָר אַרויס פון די כלים און האָט פאַרפירט אַ דינסטמיידל.

און דער רעזולטאַט איז געווען אַ פּאָזיטיווער! ער איז גע־וואָרן אַ טאַטע!

נאָר איצטער איז שוין לואיזע געוואָרן די מאַרטירערין און ער דער ליידאק. אים האָט עס ניט געאַרט, מחמת דערמיט איז דאָך זיין כבוד געראַטעוועט געוואָרן; לייט רעכענען דאָס גאָר פאַר אַ כבוד, אַז מ׳איז ניט קיין קאַליקע, און ניט פאַר אַ גליק.

אָבער דידאָזיקע געשעעניש האָט אויפגעוועקט ביי לואיזען אַ געפיל פון אייפערזוכט, און, מאָדנע, עס האָט זיך ביי איר דערוועקט עפעס ווי אַ מין ליבע צו איר מאַן. אַ ליבע, וואָס איז געווען צו לאַסט, ווייל זי האָט זיך אויסגעדריקט אין שטענדיקער ניט מיד ווערנדיקער השגחה אויף אים און אין אַ נערוועזער צו־שטייעניש צו אים; אָפטמאָל מיט אַזוי פיל מוטערלעכקייט, גאָר אָן גרענעץ. זי האָט נאָכגעקוקט, צי דער ביקס איז אָנגעלאָדן, זי האָט זיך ביי אים געבעטן רחמים, ער זאָל זיך וואַרים אָנטאָן ביים אַרויסגיין... אין שטוב איז זי געווען זייער זויבער, האָט געראַאמט און געשטויבט אַ גאַנצן טאָג; אַלע ערב זונטאָג האָט זי געשייערט, געקלאַפּט די קאַוויאָרן און אויסגעלופטערט די קליי־דער. ער האָט שוין מער קיין רו ניט געהאַט, און איז קיינמאָל ניט געווען זיכער, אַז מ׳וועט אים ניט אַרויסוואַרפן פון זיין צי־מער, כדי אים ריין צו מאַכן.

זיין אַרבעט האָט אים ניט אויסגעפילט זיין גאַנצע צייט, וואָרעם די אַרבעט אין הויף האָבן געמאַכט די פּרויען. ער האָט אָנגעהויבן צו שטודירן לאַנדוויטשאַפט און האָט געוואָלט איינפירן פאַרבעסערונג אין דער אַרבעט, אָבער מצד די ווייבער איז גע־קומען די מניעה. און אַז ער האָט פּרובירט אַליין אויף זיך צו שטעלן און אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען, האָט מען מיט אַלע קונצן געשטערט.

צום סוף איז ער מיד געוואָרן. ער האָט שוין לאַנג אויפגע־הערט צו ריידן, ווייל ער איז שטענדיק געווען זיכער, אַז מ׳וועט זאָגן פאַרקערט. און ווייל אים האָט געפעלט אַ חבר אין זיין צרה, אַזוינע פריינד, וואָס זאָלן אים מיטפילן, איז זיין שכל ביסלעכווייז אָפּ־געטעמפּט געוואָרן. זיינע נערוון זיינען צעשרויפט געוואָרן. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעלאָזן און האָט אָנגעהויבן צו טרינקען.

און פון איצט אָן איז ער זעלטן געווען אין דער היים. ער איז אָפט געלעגן אַ שיכורער אין שענק אָדער ביי די פויערים. ער האָט מיט איטלעכן געטרונקען און אָן אַן אויפהער. עס איז פאַר אים געווען אַן ערלייכטערונג אויפצומונטערן דעם מוח מיט אַל־קאָהאָל, און ערשט דאַמאָלסט האָט זיך ביי אים געעפנט דער מויל. עס איז שווער געווען צו באַשליסן, צי טרינקט ער, כדי ער זאָל קע־נען עפענען אַ מויל צו ריידן מיט איינעם, ווער עס ענטפערט אים ניט קַאפּויער; אָדער ער טרינקט לשם טרינקען.

אום צו פאַרשאַפן זיך געלט האָט ער שטילערהייט פאַר־קויפט תּבואה אָדער אַ זכות אויף עפּעס, וואָרעם די קאַסע איז גע־ווען ביי די ווייבער אין די הענט. צום סוף האָט ער אויפגע־בראָכן זיין אייגענע קאַסע און האָט געגנבעט.

דער פאַרוואַלטער איז פון איצט אָן געווען אַ רעליגיעזער מענטש, ווייל דעם לעצטן האָט מען אָפּגעזאָגט צוליב שכרות. און ווען עס האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן מיט דעם פּאַסטאָרס הילף צו פאַרווערן דעם שענקער, ער זאָל אים פאַרקויפן אַלקאָהאָל, האָט פריטיאָף אָנגעהויבן מיט די פּאַרובקעס. און עס איז געווען אַ סקאַנדאַל אויף אַ סקאַנדאַל.

פריטיאָף איז סוף־כל־סוף געוואָרן אַ מושלם אַ שיכור, וואָס האָט באַקומען די פּאַליקע, אויב מען האָט אים ניט געגעבן אַ בי־טערן טראָפּן אין מויל.

און סוף־כל־סוף האָט מען אים געמוזט ברענגען אין סאַ־נאַטאָריום, וואו ער איז שוין פאַרבליבן ווי אַ חולה, וואָס קיין רפואה העלפט אים ניט.

אין ליכטיקע מינוטן, ווען ער איז געווען בכּוח צו וואַרפן אַ בליק איבער זיין לעבן, האָט ער געפילט אַ טיפן רחמנות אויף די יונגע מיידלעך, וואָס האָבן חתונה פאַר אומגעליבטע מענער. ער האָט עס טיפער געקענט פילן, מחמת ער אַליין האָט דאָך אויף זיין אייגענעם לייב פאַרזוכט די גאַנצע קללה, וואָס די פאַר־גוואַלטיקונג פון דער נאַטור ברענגט אין איר רעזולטאַט. און ער איז דאָך געווען נאָר אַ מאַנסביל.

ער האָט געפּרוּווט זוכן דעם וואָרצל פון זיין אומגליק אין דער ווירטשאַפטלעכער אינסטיטוציע פון דער פאַמיליע; ווייל אָט די אינסטיטוציע שטערט דאָך, אַז דאָס קינד זאָל צו דער רעכטער צייט ווערן אַ פרייער אינדיווידום, אַ זעלבשטענדיקער מענטש.

צו זיין ווייב האָט ער קיינמאָל קיין טענות ניט געהאַט, ווייל זי איז געווען פונקט אַזוי אומגליקלעך ווי ער, אַ קרבן פון דיזעלביקע מיאוסע פאַרהעלטענישן, וועלכע מען רופט אָן מיטן געשעצטן נאָמען: געזעץ!

---

## די פאַרברעכערישע נאַטור.

דער שנעלער איינמאַסטער איז אַדורך אין האַלבן ווינט צווישן די לעצטע שערן פון שטאָקהאָלמער אינזל־ים, און דער ים האָט זיך אויסגעשפרייט אין העלן ליכט פון דער נאָכמי־טאָג־זון.

דער דאָקטאָר איז געווען פאַרכאַפּט פון התפעלות און האָט קיין ווערטער ניט געהאַט אויסצודריקן זיך, וואָרעם ער איז גע־בוירן געווען אין אַ פאַרלעגענער געגנט פון לאַנד און האָט דעם ים געזען נאָר עטלעכע מאָל פון דעק פון אַ דאַמפּער.

נאָכדעם ווי דער לייטענאַנט האָט אַנידערגעלייגט דעם שטייער־רודער, און איז אַוועק מיטן מאַרשרוט צום לייכט־טורעם פון לאַנדסאָרט, האָט ער באַשטעלט פּונש און ציגאַרן.

די איינזאַמקייט, די שטילקייט, און די גוואַלדיקע פּוסטקייט פאַרן אויג, וואָס האָט ניט געהאַט אויף וואָס אָפּצושטעלן זיך, האָט געוועקט דעם פאַרלאַנג אויסצוריידן זיך דאָס האַרץ. און ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דיביידע יוגנט־פריינד האָבן שוין דריי שעה געשמועסט פון אַלטע און נייע זאַכן, האָט זיך פונ־דעסטוועגן נאָך כסדר געפונען נייער שטאָף צו ריידן.

עס איז דאָך גאָר הפלא ופלא צו לעבן אויפן ים, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, און האָט באַקוקט אַרום און אַרום דעם האָריזאָנט.

— יאָ, מיט אַ פריילעכער חברה, ווען מ׳איז דערצו נאָך אַ באַלעבאָס אויף זיך אַליין. אָבער זיין אין דינסט אויפן באָרט, איז עפּעס גאָר אַנדערש! ערשטנס איז מען אַן איינגעשלאָסענער; דאָס שיף איז אַ שטייג, פאַרשטייסטו, און דער האָריזאָנט ווערט

ענג, ווען דו ביסט שוין געוויינט צו אים. אָט יענער בלויער ראַנד, צו וועלכן דאָס האַרץ ציט אַזוי, בשעת מען איז יונג, ווערט ווי אַ גרויע שטיינערנע וואַנט. שטעל דיך נאָר פאָר, דו געפינסט זיך אין אַ שטייג, אין אַן איינגעשלאָסענעם הויף פון אַ טורמע. און נאָך עפּעס: דו באַמערקסט ערשט, אַז דו לעבסט, אויב דו האָסט אַ שונא אויפן באָרט.

— בכל אופן איז דאָס אָבער אַ געזונט לעבן.

— געזונט? דאָס זעט נאָר אַזוי אויס. באמת אָבער ווערן די געדאַנקען אומנאָרמאַל, ווען דער מוח באַקומט קיין איינדרוקן ניט פון דרויסן; דאָס קוקן כסדר אין דעם פוסטן גאָרנישט אַריין מאַכט דעם מענטשן אָפּגעטעמפּט, אויב דאָס דויערט לאַנג. עס זיינען אָבער נאָך פאַרהאַן אַנדערע טונקעלע זייטן אין דעם לעבן פון אַ מאַטראָס, וואָס איז כלל און כלל ניט נאָרמאַל.

דעם לייטענאַנטס פּנים איז פאַראומערט געוואָרן, און ער האָט זיך צוערשט אַרומגעקוקט, צי געפינט זיך ניט ווער צו נאָענט וואָס זאָל קענען צוהערן.

— גיב נאָר אַ טראַכט, עס איז אַ לעבן פון אַ פּרוש אָדער פון אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז אָפּגעזונדערט פון דעם אַנדער מין.

— איר לעבט ווי אמתע פּרושים, ווען איר קומט אויף דער יבשה!.. — האָט דער דאָקטאָר אַריינגעוואָרפן.

— אָבער איידער מ׳קומט אויף דער יבשה! איין חודש, צוויי חדשים אויפן ים! און נאָך דערצו כמעט פּוסט־און פּאַס. די מחשבות זוכן זיך אייגענע וועגן, דער ווילן איז פריי און פראַנק, אַ באַלעבאָס אויף זיך אַליין, שפּרינגט איבער אַלע השגות פון מאָראַל, ערע, וכדומה. מ׳האָט שוין פיינע חדושים דערלעבט אויפן ים.

— על־כל־פּנים האָב איך געהערט, אַז די מאַטראָסן גייען אַרויס פון די כלים, ווען זיי קומען אויף דער יבשה, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

— עס איז נאָר אַ רחמנות אויף די באַווייבטע. יענס ליד פון מאַטראָס ווייב, וואָס זיצט פאַרטרויערט ביים פענסטער, איז, פאַרשטייט זיך, ניט מער ווי אַ ליד. אָבער דער מאַן, דער באַ־

ווייבטער מאַן, יענער באַשמוצט זיך ניט אַזוי גערן, ווען ער קומט אויף דער יבשה. ער געפינט פאַר זיין געלט קיין פאַרגעניגן ניט! און זיין ווייב האָט זיך שוין לאַנג געטרייסט מיט אַן אַנדערן ביז דער מאַן איז אַהיים געקומען! אָבער עס זיינען דאָ אַנדערע זייטן, פינסטערע זייטן, ווי לייט זאָגן, אָט די אויסברוכן פון דער רויכנדיקער נאַטור, וואָס קומט אונז פאָר אַזוי אומהיימלעך, ווייל לכתחילה האָבן מיר אויף זיי קיינע דערקלערונגען ניט; יענע זינד, פאַר וועלכע דער מענטש ווערט באַשטראָפט, הגם ער אַליין איז דערביי דער קרבן.

— אַזוי, דאָס האָט איר דאָ אויך אויפן באָרט? עפּעס דערוויסט מען זיך דערפון אַזוי ווייניק, הגם עס איז דאָך איינע פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען, וואָס זיינען געווען אין אַלע צייטן און דורות.

— דו האַלסט עס אַלזאָ ניט פאַר אַ פאַרברעך,—האָט דער לייטענאַנט געפרעגט מיט אַ געוויסן פלייס און האָט פאַרצויגן זיין ציגאַר.

— אַ פאַרברעך? וואָס איז אַזוינס אַ פאַרברעך? דאָס וואָס קומט פאַרן פראָקוראָר אין געריכט. פון דער נאַטור קען דאָס פונקט אַזאַ פאַרברעך זיין ווי אין יענע פאַלן, אין וועלכע דער מין פון ניי-געבוירענעם קען ערשט אַ לענגערע צייט נאָכן געבוירן דערקענט ווערן; פאַר אַ ראיה קענען דינען די ענדערונגען פון נעמען, וואָס מ׳לייענט צומאָל אין די צייטונגס-מודעות. די נאַטור האָט אירע קאַפּריזן און די קולטור העלפט דערביי אַרויס, אָבער די מענטשן מעגן שוין היינט אַזוי אויפגעקלערט זיין, אַז זיי זאָלן אַזעלכע פגימות אין דער נאַטור ניט באַשטראָפן.

— אַזוי? דאָס איז דיין מיינונג? עס פרייט מיך אין דעם הינטישן געפילדער פון עולם כאָטש איינמאָל אַן אמת וואָרט צו הערן.

— אין פראַנקרייך איז שוין אין פאַרלאַמענט אריינגעטראָגן געוואָרן אַ פאָרשלאָג אויסצומעקן דעם פאַראַגראַף, וואָס באַשטראָפט דעם כלומרשטדיקן פאַרברעך.

— און דאָ לויפן זיי אַרום ווי די קרעציקע, עסן זיך אויף פון אייביקער אומרואיקייט, טאָמער וועט מען זיי חושד זיין אָדער אַנטדעקן. איך וועל דיר דערציילן אַ פאַל, וואָס איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען. און דאַמאָלסט וועסטו מעגן משפטן, צי איז דאָס אַ חטא, דעגענעראַציע אָדער פשוט אַ דערשיינונג, וואָס מיר קענען אירע סיבות ניט.

— עס איז מיר גאַנץ אַלץ-איינס, ווי מ׳רופט עס; עס איז אַ פּראָפעסיאָנעלע קראַנקהייט ביי מאָנאַכן און מאַטראָסן; די דערשיינונג איז פונקט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי אַ מענטשלעכער עובר, וואָס ווערט באַשענקט פון דער נאַטור מיט אַ קאָפּ פון אַ קאַלב אָדער מיט דריי הענט.

— און פונדעסטוועגן איז דאָס אַ ביסל מערקווירדיקער, דערהויפּט ווען עס נעמט אָן די פאָרמען פון אַ האַרציקער נייגונג און ווייזט אַרויס כמעט אַלע סימנים, וואָס קומען פאָר ביי אַן אומשולדיקער ליבע צווישן מאַן און ווייב.

— ביי אַן אומשולדיקער ליבע? הם!

— יאָ, הער נאָר, טאַקע אַן אומשולדיקע, האָט דער לייטענאַנט באַטאָנט. איך ווייס, אַז אַזאַ פאַרהעלטעניש קען אומשולדיק זיין.

— יאָ, אַ געוויסע צייט! דו ווילסט און טאָרסט ניט, זי וויל און האָט קיין מוט ניט. מיר ווייסן די שפּיל! אָבער דערצייל נאָר דיין מעשה.

זיי האָבן אַ שלונג געטאָן פון פּונש און פאַררויכערט נייע ציגאַרן.

— ווייסטו וואָס אַזוינס דער אַדמיראַל פון אַ פרעגאַטן-שיף איז? האָט דער לייטענאַנט אָנגעהויבן. דאָס איז אַ פאַרצייטנער גענץ. ער איז דאָ, אָבער ער באַווייזט זיך ניט. ער איז ניט דער העכסטער באַפעלער, ווייל אַזאַ איז דער סעקאָנד-לייטענאַנט, אָבער ער שטייט אין זיין מדרגה איבער דעם העכסטן באַפעל. ביי די מאַטראָסן איז געווען אַ הרגל דעם שיפער אָנצורופן מיטן צונעמעניש „אַלטער", פונקט ווי די פויערים רופן אָן דעם דונער „געוואַטער". דער סעקאָנד איז דער „אַלטער" אויף אַ קריגס-שיף; דער

אדמיראַל האָט קיין באַזונדערן נאָמען ניט. ער זיצט פאַרשלאָסן אין זיין קאַיוטע און רעדט נאָר מיטן סעקאָנד; ער עסט פאַר זיך, אַחוץ איין טאָג אין דער וואָך, ווען ער פאַרבעט צו זיין טיש די אָפיצירן און איין טאָג, ווען ער לאָזט זיך פון זיי פאַרבעטן. ער מאַכט קיינמאָל קיין אויסרייד ניט. באַלוינט קיינמאָל ניט און קאָמאַנדירט ניט. וואָס ער טוט — דאָס ווייס נאָר דער סעקאָנד. קומט ער אַמאָל אַרויס אויפן דעק, גייט ער קיינמאָל ניט ווייטער איבערן בעזאַן-זעגל אַרויס.

דאָס שיף איז די פולקומסטע פון אַלע קהילות, וואָס איז אָפּגעשטאַנען מיט איר אָרגאַניזאַציע אויף טויזנט יאָר הינטער דער צייט! זי וואָלט אומפולקום געווען, ווען עס וואָלטן דערביי געווען ווייבער.

מיין ערשטע נסיעה האָב איך געמאַכט אַלס קאַדעט אויף דער פרעגאַטע „טהאָר".

דאָס לעבן איז גראָד ניט געווען אַזוי, ווי די שילער האָבן זיך דאָס אויסגעמאָלט, בשעת זיי האָבן מיט קנאה געקוקט אויף דער קאָקעטישער מאַטראָסקע און אויף דאָס שיינע געווער פון די ים-קאַדעטן. ס'איז גאָר עפּעס אַנדערש געווען. עפּעס אַזוינע, וואָס איז זייער גראָב און מיאוס; מער ווי אַלץ אומפּאָעטיש.

איינמאָל בייטאָג בין איך געווען ביי דער וואַך און בין געשטאַנען ביים שטייער-רודער, ד. ה. אויף אַן אַחריותפולער שטעלע; איך האָב געקוקט שטאַר, פאָרויס, ווייט איבער די מאַטראָסן און זייער אַרבעט ביי די זיילן אויפן דעק; כ'האָב קאָנצענטרירט די געדאַנקען, האַלטנדיק בשעת מעשה אין זינען נאָר דעם מאַרש-רוט, וואָס איך האָב פאַר זיך. איך בין אָבער אַ ביסל אומרואיק געווען צוליב דער וויכטיקער אויפגאַבע, וואָס ליגט אויף מיר, וויסנדיק, אַז דער גאַנצער עולם פון שיף געפינט זיך אין מיינע הענט; אַחוצדעם בין איך עפּעס געווען אַביסל נערוועז, ווייל איך האָב געהאַט אַ מאָדנע געפיל, אַז עמיצער קוקט אויף מיר פון הינטן — און איך האָב זיך פאַרלאָרן. די שיף-ווינדע האָט געסקריפּעט, דער שטאַנג אויפן פאָדערשטן טייל האָט זיך פאַרקערעוועט אָן

אַ זייט. פלוצלונג הער איך ווי דער שטורמאַן, וואָס שטייט ביי מיין זייט, שרייט אויס:

— האַלט פעסט!

איך האָב דערפילט ווי די ראָד האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיינע הענט און תּיכּף האָב איך באַקומען אַזאַ שטויס, אַז איך בין פאַרשליידערט געוואָרן אויפן דעק.

איך האָב זיך געקייקלט ביז צום סוף ווי אַ געוואָרפענע הענטשקע און צו מיין גרויסער מפּלה בין איך געבליבן ליגן האַרט ביי די פיס פון ניט קיין קלענערן ווי דער אַדמיראַל אַליין. איך האָב פאַר זיך געזען אַ געל־גרוי פּנים פון אַ גרויסן סוחר. דער מויל אַ שאַרף געשניטענער און ביי די זייטן איינגעפאַסט אין צוויי קרומע קנייטשן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן אַ בייזן אויס־דרוק, וועלכער איז דערביי אָבער אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון אַ העלן באַקן־באָרד. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט גרייט געווען מיך אין ים אַריינצוּוואַרפן, נאָר ער האָט געשוויגן. אַפּנים, ווי ער וואָלט זיך געשטעלט די פראַגע, צו דאַרף ער זיך אַזוי ווייט אַראָפּלאָזן, אַריינצוגיין אין אַ שמועס מיט אַזאַ ווערימל ווי איך.

לסוף איז זיין שטרענגער פּנים ווייכער געוואָרן, און ער האָט מיך אָנגעקוקט ווי מ׳קוקט אָן אַ קליין קינד.

— ווי רופט מען דיך, קאַדעט? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען.

— און ווער איז דיין טאַטע?

— ער איז טויט, האָב איך געענטפערט. אָבער ער איז געווען אָבערלייטענאַנט ביי די פּיאָנערן.

— איך האָב דיין טאַטן געקענט; מיר זיינען געווען יוגנט־פריינד און איך האָב אים זייער געשעצט. גיי צוריק אויף דיין שטעל און זיי ניט צעשטרייט.

איך בין ווידער צוגעגאַנגען צום ראָד און האָב געטאָן אַלץ, וואָס אין מיינע כּוחות איז געווען צו קאָנצענטרירן זיך. אָבער דער אַדמיראַל האָט אומגעשפּאַצירט הין און הער, און איך האָב געפילט ווי ער קוקט מיר אָן.

ווען די וואַך איז געווען צום סוף און איך בין אַראָפּגע־גאַנגען אין דער קאַדעטן־קאַיוטע, בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן פון די חברים, וואָס האָבן מיך אויסגעפרעגט, וואָס דער אַדמיראַל האָט מיט מיר גערעדט.

דערהערנדיק פון מיר, אַז ער איז געווען באַקאַנט מיט מיין טאַטן, האָבן די ייִנגערע אויף מיר געקוקט מיט אַ געוויסן דרך־ארץ; נאָר די עלטערע האָבן שעלמיש געקוקט אויף מיר און איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס.

עטלעכע טעג שפּעטער בין איך געזעסן מיט עטלעכע קאָ־לעגעס אויפן האַלב־דעק און האָב צונויפגעדרייט די שטריק. מיר האָבן געפּלוידערט פון אַלץ אין דער וועלט. איך אָבער, וואָס האָב פון שטענדיק אָן געהאַט אַ נערוועזן טעמפּעראַמענט און בין בטבע געווען אַזוי שפּירעווודיק ווי אַ קאָמפּאַס, האָב עפּעס דערפילט אַ מאָדנע אומרואיקייט, אַזוי ווי עמיצער וואָלט מיר פון הינטן אָנגעקוקט. איך האָב עטלעכע מאָל אָפּגעקערט דעם קאָפּ, און האָב מיך אַרומגעקוקט, ווער קען דאָס זיין וואָס לאָזט פון מיר אַזוי אײַנגעשפּאַרט און ענערגיש זיינע אויגן ניט אַראָפּ. צום סוף האָט זיך מיין בליק אָפּגעשטעלט אויף אַ קליין קיילעכדיק פענסטערל, וואָס געהערט צו דעם אַדמיראַלס קאַיוטע, און האָב דערזען ניט מער ווי זיינע צוויי קרומע פאַלבן אַרום דעם מויל, די אויגן האָט ער פאַרשטעלט הינטער דער גאַרדין. דאָס האָט מיך עפּעס באַאומרואיקט, הגם איך אַליין האָב ניט געוואוסט פאַרוואָס.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ באַפעל צו קו־מען אין דעם אַדמיראַלס קאַיוטע. דאָס צימער איז געווען זייער עלעגאַנט אויסמעבלירט מיט ביכער־פּאָליצעס, בילדער, פאָטאָ־גראַפיעס און אַן אָרגל־האַרמאָניום. אינעווייניק ביים אַדמיראַל איז געזעסן דער סעקאָנד. ער האָט געהאַלטן זיין היטל אין האַנט און איז, זעט אויס, געווען עפּעס פאַרלעגן.

— הער קאָרוועטן־קאַפּיטאַן, האָט דער אַדמיראַל אָנגע־הויבן מיט אַן אומנאַטירלעך אײַנגעהזרטן טאָן: דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אַ זון פון מיינעם אַ פאַרשטאָרבענעם יוגנט־

פריינד, וואָס האָט מיר אַמאָל אַ גרויסע טובה געטאָן. איך פיל אויף מיר אַ חוב קעגן מיין איידעלן פריינד און וויל דעריבער זיך אַ ביסל פאַרנעמען מיט זיין קינד. כל זמן ער איז מיט מיר אויפן באָרט, וויל איך אָנפירן מיט זיין דערציאונג.

— ווילסטו מיין תלמיד ווערן? האָט ער זיך געווענדט צו מיר.

איך בין געווען אַזוי צעטומלט פון דעם גרויסן חסד, וואָס דער פריינד פון מיין פאָטער עליו השלום האָט מיר באַוויזן, אַז איך האָב קוים געקענט אַרויסשטאַמלען אַ פּאָר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער פון דאַנקבאַרקייט.

ער האָט מיך געבעטן זיצן, און דער סעקאָנד האָט נאָכן רמז פאַרשטאַנען, אַז זיין אוידיענץ איז געענדיקט.

מיר זיינען געבליבן אַליין. איך ווייס ניט, וואָס אין זיין כאַראַקטער איז געווען אַזוינס, וואָס האָט אויף מיר אָנגעווייט אַ מורא. עס איז ניט געווען דער אַדמיראַל, דער גענעראַל, נאָר עפּעס גאָר אַן אַנדערער. ער איז עפּעס געווען אַזוי ווי פאַרלעגן אין זיין באַנעמונג צו מיר און זיינע רייד זיינען געווען ווי געצוואונגענע. אין אָנהייב האָט ער מיר אַפילו אין פנים גלייך ניט געקוקט.

— האָסטו, מיין יינגל, פעאיקייטן צו מאַטעמאַטיק? האָט ער אָנגעהויבן.

— ניט אַזוי שטאַרק, האָב איך געענטפערט.

— אָבער אַנאַלאָגיעס פון צווייטער מדרגה קאָנסטו לייזן.

— יאָ, דאָס קאָן איך זייער גוט.

— אויף אַזאַ אופן וועלן מיר אַריבער צו די לאָגאַריטמען. אַ מאַטראָס אָן לאָגאַריטמען איז ווי אַ שיף אָן אַ קאָמפּאַס.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט געבראַכט די לאָגאַריטמענטאָוול, האָט צוגערוקט אַ שטול צום טיש און האָט גענומען פּאַפּיר און אַ פּען.

נאָכדעם ווי ער האָט אַוויילע גערעדט איבער כאַראַקטעריסטיק און מאַנטיסע, וואָס, ווי איך האָב שפּעטער געזען, ער האָט פאַרביטן, האָט ער אַנידערגעלייגט די פּעדער.

— נו, ווי געפעלט עס דיר אויפן באָרט?

— גוט, הער אַדמיראַל, האָב איך געענטפערט.

— און די חברים?

— דערפון דאַרף מען ניט ריידן, האָט זיך ביי מיר אַרויסגערעדט, נאָך איידער איך האָב זיך געקענט באַטראַכטן, וואָס פאַר אַ באַליידיקונג דאָס איז אייגנטלעך פאַר אים.

— האָסט גוט געענטפערט, מיין יינגל, האָט ער געזאָגט, און מיך אָנגעקוקט מיט אַ מינע, וואָס עלטערע באַווייזן די יינגערע, בשעת זיי דערלויבן זיך אַ ביסעלע פרייהייט אין דער באַנעמונג.

— ווילסטו אַ גלאָז פונש? האָט ער געפרעגט; דאָ איז אַ ביסל פייכט!

— אָפּצוזאָגן זיך בין איך ניט געווען בכוח, וואָרעם קיין נזיר בין איך ניט געווען. אָבער אין זעלבן מאָמענט האָט אויף מיר אַ ווייַ געטאָן אַ מאָדנער געפיל פון מורא: אָט ווען עמיצער קומט איצט אַריין און געפינט דעם אַדמיראַל מיטן קאַדעט טרינקענדיק! די סיטואַציע איז געווען אַ פיינלעכע. ווייסטו יענס געפיל, בשעת דו שעמסט זיך פאַר יענעמס חרפה. פאַר זיין חרפה האָט מיר געאַרט.

ער האָט געעפנט אַ טירל, אַרויסגענומען אַ פלאַש מיט גלעזער, און האָט אַוועקגעטראָגן אין זיין קאַבינע.

— קום אַהער, האָט ער געזאָגט צו מיר.

— מיין אומרואיקייט האָט זיך פאַרגרעסערט; די גאַנצע סיטואַציע איז עפּעס געווען מאָדנע פאַלש, און דער אָפּגאָט איז וואָס ווייטער אַלץ מער געפאַלן אין מיינע אויגן, געפאַלן, ביז צום לעצטן שטאַפּל.

אין דער קאַבינע האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן מיר און האָט מיך אָנגעקוקט, ווי דער ריז, בשעת ער קלייבט זיך איינצושלינגען דאָס פּיצעלע קינד.

— דו ביסט אַ וואוילער יונג, האָט ער געזאָגט, אויס־טרינקענדיק (אָנגעקלאַפּט אָן מיין גלאָז האָט ער פונדעסטוועגן

ניט) זיין גלאָז, און דיין פּנים וועט דיר העלפן אין דיין ווייַ-טערדיקן וועג. ווייסטו דערפון, אַז דו זעסט זייער גוט אויס?

כ'האָב געפילט, אַז איך בין רויט געוואָרן. און האָב ניט געוואוסט, וואָס ער וועט דאָ ווייטער אויספירן. איך האָב נאָר געזען אין זיין פּנים עפּעס אַ נייעם מאָדנעם אויסדרוק, און זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט ווי גאַז-פלאַמען.

— האָסטו שוין עפּעס געהאַט אין לעבן ליבע-אינטריגעס? האָט ער ווידער געפרעגט, און זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גליען.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, מחמת איך האָב געהאַט דרך-ארץ פאַר מיין טאַטנס פריינד.

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין הין און הער.

— דו האָסט געדאַרפט מיין זון זיין, האָט ער לסוף געזאָגט, אָט וואָס דו האָסט געדאַרפט זיין!

איך האָב געוואוסט, אַז ער איז געווען ניט קיין חתונה-געהאַטער, און האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס גאַנצע איינזאַמקייט-געפיל פון דעם אַלטן בחור האָט זיך אויסגעדריקט אין דעמדאָזיקן אויסרוף.

איצטער האָט מען געבלאָזן צום עסן און איך האָב געמוזט גיין.

— מאָרגן אינאָוונט אין דער אייגענער צייט, האָט ער געזאָגט!

איך האָב אים אָפּגעגעבן דעם מיליטערישן כבוד און בין אַוועק.

מיינע אָוונט-שטונדן האָבן געדויערט אַ לענגערע צייט. ער איז געוואָרן אַלץ מער אינטימער אין זיין באַנעמונג צו מיר. אָפּטמאָל האָט דיראָזיקע באַנעמונג מיר שטאַרק באַלעסטיקט. בין איך אַמאָל מיט אַ כיוון געקומען צו שפּעט, האָט ער אויס-געזען זייער פאַרדראָסיק.

— איך האָב שוין דיר דערעסן, האָט ער געזאָגט. איך בין אַלט און לאַנגווייליק.

דאַמאָלסט האָב איך דערפילט אַ געפיל פון רחמנות צו דעם איינזאַמען מענטשן, וואָס זיין הויכער מצב האָט אים ניט דערלאָזן זיך צו דערנעענטערן צו אַנדערע מענטשן.

לסוף זיינען מיר אָנגעקומען קיין האַוואַנע. איך האָב באַקומען אַן ערלויבעניש אַראָפּצוגיין אויף דער יבשה, דערביי האָב איך אָבער געמוזט צוזאָגן דעם אַדמיראַל ניט צו באַזוכן מיט די קאַמעראַדן קיין שלעכטע הייזער. ער האָט ביי מיר אַ שבועה גענומען.

קומענדיק צוריק אויפן באָרט, האָט ער מיך געפרעגט, צי האָב איך געהאַט אַ מגע ומשא מיט מיידלעך. איך האָב געענטפערט מיט ניין, ווי ס'איז אין אמתן געווען.

— זייער גוט, מיין ייִנגל, האָט ער געזאָגט. היט זיך אָקאָרשט פאַר די ווייבער!

און מיר האָבן ווייטער געזעגלט.

איינמאָל אינאָוונט, איך קען אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן, עס איז געווען אויף דער הויך פון מאַדעריע, די לופט איז געווען הייס ווי אין אַ באָד, מיר זיינען געווען אָנגעטאָן נאָר אין העמד אין הויזן, און די ווינט־שטילקייט האָט געווערט פיר טעג.

אַכט אַ זייגער בין איך אַריין גאַנץ אָנגעטאָן אין דעם אַדמיראַלס קאַיוטע, קוים וואָס ער האָט גערעדט.

— אָט איז אַ מוראדיקע היץ, האָט ער געזיפצט; וואַרף די בלוזע אַראָפּ.

— איך האָב קענן דעם גאָרנישט געקענט זאָגן, הגם דאָס איז לחלוטין געווען קעגן דעם שיף־רעגלאַמען און קעגן דעם דרך־ארץ.

ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר, עטוואָס פון הינטן. איך האָב געפילט זיין הייסן אָטעם אויף מיין נאַקן און געשפירט עפּעס אַ מורא און קלעמונג אין האַרצן, באָרניט אויסצומאָלן.

מיר זיינען געווען באַשעפטיקט מיט טריגאָנאָמעטריע און איך בין געזעסן אָנגעבויגן איבערן פּאַפּיר. דער קאָפּ איז מיר געווען שווער און כדי זיך אַ ביסל אויפצומונטערן האָב איך זיך אויסגעגלייכט און פאַרוואָרפן עטוואָס דעם קאָפּ. אין דאָזיקן מאָמענט

האָט זיך מיין בליק אָפּגעשטעלט אויפן שפּיגל, וואָס איז גע־שטאַנען קעגנאיבער מיר. און דאָס, וואָס איך האָב דאָרט דערזען, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַזאַ פּחד, ווי איך וואָלט פּלוצלונג דערזען די לינקע זייט פון דער נאַטור. אַזוי ווי די זון וואָלט בלוי געוואָרן, דער הימל געל און די ביימער רויט, אָדער ווי די לבנה וואָלט שיסן מיט די בליצן. זיין פּנים איז געלעגן איבער מיין אַקסל און זיין בליק האָט געזוכט מיין נאַקעט לייב צווישן די אָפענע ערטער פון העמד. מיר דוכט, איך האָב אויפגעשריען, און האָב געוואָלט אַרויסשפּרינגען. צוויי הענט האָבן מיר אָבער פעסט אַרומגענומען און איך האָב דערפילט אַ קוש אויף מיינע ליפּן, ווי אַ קוש פון דער שאַרפער צונג פון אַ בוהיי, און עס האָט עפּעס הייס געאָטעמט אויף מיין פּנים, אַזוי ווי אַ ים־הונט וואָלט מיך געלעקט.

אַז איך בין אַרויס אויפן דעק, האָב איך זיך געמוזט אָנ־האַלטן אָן פאַרענטש, איך זאָל ניט פאַלן, ווייל מיינע פיס האָבן שטאַרק געציטערט. דאָס איז פאַר מיר געווען די גרויליקסטע ערשיינונג, די ערשיינונג פון דער סטרא־אחרא.

— און דערמיט אַן עק צו דער באַקאַנטשאַפט! האָט דער דאָקטאָר גלייכגילטיק געזאָגט און האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז.

— ניט אינגאַנצן! ווייסטו, וואָס ער האָט געטאָן? ער האָט מיר בריוו געשריבן! כ׳האָב נאָר איינעם געלייענט! ס׳איז געווען אַ ליבע־בריוו. ער האָט מיך ליב געהאַט!

— אַזוי ווי סאָקראַט האָט ליב געהאַט אַלקיוויאַדעסן! מיינסט, דו האָסט געמאַכט אַן אַנטדעקונג? און מיינסטו, אַז נאָר די אומנאָרמאַלקייט און איבערזעטיקונג פון קולטור רופן דידאָ־זיקע ערשיינונג אַרויס? זי קומט אויך פאָר ביי די ווילדע שבטים און אַפילו ביי חיות. איך מיין, אַז מ׳דאַרף קוקן דורך די פינגער אויף אַזעלכע נאַטור־קאַפּריזן, לפחות באַשטראָפן דעם אומשול־דיקן דאַרף מען אַוודאי ניט, ווי איך האָב דאָס שוין געזאָגט־ווילסטו אפשר הערן אַ געשיכטע פון זעלבן מין?

— יאָ, אָבער לאָמיר עפּעס עסן פריער, דער טיש איז שוין געגרייט.

ער האָט צוגערופן איינעם פון די געסט, ער זאָל איבער־נעמען דעם רודער און זיי זיינען אַריין אין דער קאַיוטע.

זיי האָבן געפּרוּווט אַריבערגיין אויף אַן אַנדער שמועס, אָבער באַלד ווידער צוריקגעקערט צו דערזעלבער טעמע.

קענסטו זיך דערמאָנען, האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן, פון דיין פריינדשאַפט מיט די שול חברים? איר זייט שטענדיק צו־נויפגעקומען, אין פרייע שעהן פאַרבראַכט איינער ביים אַנדערן, זיך געטיילט מיט געלט און זאַכן. האָסט אַפילו געקענט אייפער־זיכטיק ווערן, ווען דיין פריינד האָט זיך אָפּגעקערט פון דיר און האָט זיך געחברט מיט אַן אַנדערן. ניט אמת?

— יאָ, אָבער דאָס איז געווען נאָר פריינדשאַפט!

— נו, אוודאי, נאָר פונקט אַזוי הויבט זיך אָן די ליבע צווישן די פאַרשיידענע מינים. עס מוז שוין ווייט דערגיין, איי־דער איינע פון די ביידע זאָל זיך דערלויבן די קערפּערלעכע באַרירונג מיט אַ קוש, אָדער מיט אַ גלעט, אָדער בכלל צו האָבן אַפילו אַ באַדערפעניש דערין. פאַרקערט, ביי מיידלעך דריקט זיך דידאָזיקע פריינדשאַפט אויס אין אַרומנעמען און קושן. דאָס איז נאַטירלעך גאַנץ תּמימותדיק, אָבער די סימפּטאָמען זיינען זייער ענלעך צו דעם, וואָס מיר רופן אָן ליבע, עס איז פונקט אַזוי אומשולדיק, ווי דאָס געפיל, וואָס טרייבט די עלטערן אַרום־צונעמען זייערע קינדער און קושן זיי. ווער קען זאָגן וואָס ריין און אומריין איז, וואָס קערפּערלעך און וואָס גייסטיק איז, ס׳איז שווער צו ענטפערן דערויף, וואָרעם די ליבע פון עלטערן צו קינדער שטייט דאָך אויסער יעדן חשד תּאוותדיק צו זיין און פונדעסטוועגן האָט זי אַ גוואַלטיקע באַדערפעניש אַרויסצוווייזן זיך אין אַ קערפּערלעכער באַרירונג. קוועטשט מען אָבער צונויף אַן אָרימע פאַמיליע אין איין צימער, און דער פאָטער שלאָפט צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע טעכטער, קען קומען אַ שינוי אין כאַראַקטער פון זיינע געפילן.

עס ווירקן דאָ געוויינלעך די אויסערלעכע תּנאים, אַזוי ווי מיר געפינען, אַז נאָר ביי רייטער און פּאַסטוכער קומען פאָר פאַקטן פון משכּב־בהמה. און מיין ניט, אַז דאָס איז אַ נייער אום־

נאַטירלעכער עלעמענט אין דער נאַטור. ניין, דאָס איז דיזעל־ביקע נאַטור, וועלכע, ניט געפינענדיק קיין געלעגנהייט, זוכט זיך אַן אויסוועג אויף אַן אַנדער אופן, אַזוי ווי עס עפענען זיך די געוועבן פון קערפּער פאַר אַ פיסטל, ווען די נאַטירלעכע קאַנאַלן ווערן פאַרשטאָפּט דורך אַ קראַנקהייט.

און אַצונד הער נאָר אויס:

ער איז געווען קליין און מיזער און דערפאַר האָבן אים די מיידלעך ניט באַמערקט, וואָרעם זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער טויג צו גאָרנישט, ניט פאַר אַ געליבטן און ניט פאַר אַ פאַרזאָרגער. דאָס האָט אויף אים משפּיע געווען, ער זאָל פאַרלירן דעם צו־טרוי צו זיך אַליין און האָט אַרויסגערופן אין אים אַ געפיל פון עקל צום צווייטן מין. שפּעטער, ווען ער האָט געהאַט צו טאָן מיט פּראָסטיטוטקעס, האָט אים געאַרט, פאַרוואָס די מיידלעך לאָזן זיך באַצאָלן, וואָס אַנדערע האַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך. דאָס האָט אים שאָקירט, פאַרוואָס זאָל עפּעס נאָר איין צד באַצאָלט ווערן און דער אַנדערער ניט, וויבאַלד אַז ביידע צדדים האָבן גלייך הנאה?

נאָכדעם האָט ער געהאַט אַ פאַרהעלטעניש מיט אַ נייטאָרין. זי האָט אים ליב געהאַט און קיין געלט ניט גענומען. אָבער זי האָט געהאַט זייער מאָדנע חלומות, וואָס האָבן זי און אויך אים באַאומרואיקט. איינמאָל האָט זי געחלומט, אַז ער האָט זי איינ־געלאַדן אין טעאַטער; אַ צווייטן מאָל, אַז ער שענקט איר הענטש־קעס, אַ דריטן מאָל, אַז ער באַצאָלט פאַר איר דירה־געלט. מיין פריינד האָט ניט געהאַט קיין ידיעה אין באַשיידונג פון חלומות, מחמת ער איז געווען אָרעם, און דער מיידלס חלומות זיינען ניט מקויים געוואָרן. דער פריינד האָט געטראַכט, איך האָב פאַר אַלע מאָלצייטן באַצאָלט און זי פאַר קיינעם ניט, אַרויסגעזאָגט האָט ער דאָס אָבער ניט. לסוף איז איר פאָרט איבערדריסיק גע־וואָרן צו לעבן אַ לעבן פון חלומות, און זי האָט אינגיכן גע־שענקט איר ליבע איינעם אַ בוכהאַלטער, וואָס איז געווען ביכולת מקיים צו זיין אירע חלומות. מיין פריינד איז געוואָרן שטאַרק

פאַרביטערט קעגן די פרויען; זיי זיינען מאַטעריאַליסטינס, ווייל זיי זיינען ניט בכוח צו ליבן לשם ליבע.

שפעטער האָט ער זיך ווידער פאַרליבט. ווען עס איז גע־קומען דערצו, אַז ער איז געווען ביכולת צו פאַרפירן אַ שמועס פון חתונה־האָבן, איז ער אַוועק צו איר טאַטן; יענער, נאַטיר־לעך, האָט אים געפרעגט, וויפל ער פאַרמאָגט.

— אָט אַזוי איז דאָס, מען מוז אויך פאַר חתונה־האָבן באַצאָלן, האָט ער געטראַכט, נאָר טאָן און באַצאָלן, תּמיד און אומעטום!

נאָר היות ווי ער איז געווען פאַרליבט, האָט ער זיך אַנט־שלאָסן צו דעם געשעפט. ער איז געווען אַ לערער פון גימנאַס־טיק און שווימען. און דאָ ערשט וועסטו שוין אָנהייבן פאַר־שטיין. ער האָט חתונה געהאַט. נאָך דעם ערשטן קינד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין ווייב האָט אין זיך אַ נייגונג צו „העכערע אויפגאַבעס" און וויל מער קיין קינדער ניט האָבן. גוואַלדן ביז צום הימל. און נאָכדעם איז אַ ביסל רואיק געוואָרן. אָפּט איז אים אויסגעקומען גאָר ניט יושרדיק, וואָס ער מוז צאָלן פאַר גאָר נישט; נאָר ער האָט שוין אַנדערש ניט געקענט מאַכן.

פופצן יאָר האָט געדויערט זיין פרישות און זיין ווייב האָט זיך פעסט געהאַלטן פאַר איר פּאָזיציע.

— איך בין די מאַמע פון דיין קינד, און דאָס איז מיין ראָלע אין שטוב.

נאָר קיין מאַמע פאַרן קינד איז זי ניט געווען, וואָרעם זי האָט געמוזט כסדר זיין אויף זיצונגען פון קאַטוילישע חברהס און האָט פאַר זיך געהאַט אַנדערע העכערע צילן, ניט דווקא צו פאַרשפרייטן בילדונג; נאָר בינו לבינו האָט זי אינגאַנצן פאַר־געסן, אַז זי איז זיין ווייב.

נאָך פופצן יאָר האָט אין דער שווים־שול פאַסירט אַ סקאַנ־דאַל. מיט מיין פריינד האָט פאַסירט אַזוינס, וואָס דאַרווין וואָלט אָנגערופן „דור־וועקסל". די אַנאַליזע פון אַ פופצניעריקער פרישות האָט געקענט געבן מאַטעריאַל פאַר אַ רוסישן ראָמאַן. דער סוף איז געווען אַ געהיימע מעדיצינישע אונטערזוכונג דורכן געריכט.

ער איז אַרויס פריי — און האָט מיט זיין ווייב געהאַט נאָך אַ קינד. דאָס איז געווען די בעסטע רפואה.

ווי דו זעסט, זיינען דאָ געווען צוויי פאַקטאָרן, וואָס האָבן צוזאַמען געווירקט: פּראָפעסיאָנעלע קראַנקהייט אָדער אַ גוטע געלעגנהייט, און דאָס וואָס פון דער אַנדער זייט האָט געפעלט די באַפרידיקונג.

— געוויס איז דערביַי געווען נאָך אַ דריטער פאַקטאָר, האָט דער לייטענאַנט אַריינגעזאָגט.

— וואָסער?

— וואָס ער האָט זיך געמוזט איינהאַלטן נאָך זייענדיק אַ בחור.

— אויב אַזוי, קענסטו נאָך אַ פערטן געפינען.

— וועלכן?

— דעם הויכן אַרבעט־לוין.

— נו, ניט מער, מיר גייען אַויפן דעק, האָט דער לייטענאַנט געזאָגט; פון דעם גאַנצן ענין ווערט אַ ביסל אומהיימלעך, ווען מ׳פּאַרטיפט זיך אין אים.

— יאָ, עס איז באמת אַזוי, אָבער אַלץ האָט זיין צייט. צי ווייסטו, אַז די אַקאַדעמיע פון דזשאָן האָט פאַריקן יאָר געמאַכט אַ קאָנקורס מיט אַ פּריז פון צען טויזנט פראַנק פאַר יענעם, וואָס וועט געבן אַ באַפרידיקנדיקע תשובה אויף דער פראַגע: פאַרוואָס שרייבט מען ניט אַזוי ווי מ׳רעדט?

— און ווער האָט דעם פּריז געוואונען?

— איינער אַ בעל־מלאכה פון פּעקסיאָ. ער האָט אַרויסגעפונען, אַז די סיבה ליגט אָט וואו: אויב ער וועט שרייבן, ווי ער רעדט, וועט מען אים אַריינזעצן אין תּפיסה.

— דו ביסט משוגע!

— אַך, זע נאָר, די לבנה איז אויפגעגאַנגען, האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן, אַרויפגייענדיק אויפן דעק.

— ביי אונז איז די לבנה פון מענלעכן מין, אָבער ביי די גריכן איז זי פון ווייבלעכן מין.

— די גריכן האָבן דאָך טאַקע קיינמאָל ניט אָפּגעווונדערט די ביידע מינים פונאַנאַנדער. ווייסטו, פאַרוואָס?

— ניין!

— די סיבה ליגט אין זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען. צייאוס האָט ליב געהאַט גאַנימעדן! און די גריכן זיינען געווען אַ גרויס און געבילדעט פאָלק, וואָס האָט געאַכט די רעליגיעזע איבערצייגונגען.

---

# קאָרינאַ.

איר טאַטע איז געווען אַ גענעראַל, איר מאַמע איז פרי געשטאָרבן. פון דאַמאָלסט אָן זיינען די איינגייער ביי זיי אין שטוב געווען כמעט נאָר מאַנסביל. דער טאַטע אַליין האָט זיך פאַרנומען מיט איר דערציאונג.

זי פלעגט אינאיינעם מיט אים אַרויספאָרן רייטן, פלעגט ביי־זיין ביי מאַנעווערעס, ביי פאַראַדן און אויף רעוויזיעס.

און היות ווי דער טאַטע איז צווישן דער גאַנצער חברה געווען דער העכסטער אין ראַנג, האָבן אים אַלע גרויס כבוד אָפּגעגעבן, נאָך מער ווי דאָס קומט איינעם פון זיין ראַנג. און היות ווי זי איז געווען דעם גענעראַלס טאָכטער, האָט מען איר דעם גלייכן כבוד אָפּגעגעבן ווי דעם טאַטן. זי האָט געהאַט דעם ראַנג פון אַ גענעראַל און זי האָט עס געוואוסט.

אין פירהויז איז שטענדיק געזעסן אַ באַדינער־אַ סאָלדאַט, וואָס פלעגט זיך איטלעכס מאָל ביי איר אַריין און אַרויסגיין אויפהייבן מיט אַ שרעקלעכן גערודער. אויף בעלער איז זי תמיד איינגעלאַדן געוואָרן צום טאַנצן נאָר פון מאַיאָרן. אַ קאַפּיטאַן האָט ביי איר אין די אויגן געהערט צו אַ נידעריקן קלאַס פון מענטשן, און די לייטענאַנטן האָט זי געהאַלטן פאַר פשוטע שנעקעס.

אָט אַזוי האָט זי זיך צוגעוויינט צו באַטראַכטן די ווערדע פון מענטשן נאָך דעם ראַנג־צעטל. בירגערלעכע מענטשן זיינען ביי איר געווען „פיש", אָרעם געקליידעטע מענטשן — שלעפּער און אָרעמעלייט — כאָפּטע.

מחוץ פון אָט דעם ראַנג־צעטל זיינען נאָר געשטאַנען די־
דאַמען. דער טאַטע, דער העכסטער אין ראַנג צווישן אַלעמען,
וועמען אַלע האָבן שטאַרק נוהג כּבוד געווען נאָך פון דערווייטנס,
האָט זיך דאָך שטענדיק אויפגעשטעלט פאַר אַ דאַמע, יונג אָדער
אַלט, די באַקאַנטע געקושט אין האַנט און די שיינע אַליין באַ־
דינט. דעריבער איז זי שוין פון די יונגע יאָרן געווען דורכגע־
דרונגען מיטן געדאַנק פון דער העכערער ווערדע פון ווייבלעכן
מין און האָט זיך געוויינט צו באַטראַכטן די מענער פאַר אַ ני־
דעריקן מין ברואים.

תּמיד, ווען זי איז אַרויסגעריטן, האָט זי הינטער זיך גע־
האַט אַ רייטער־דינער. איז איר אַיינגעפאַלן אָפּצושטעלן זיך,
כּדי צו באַקוקן די לאַנדשאַפט, האָט ער זיך אויך אָפּגעשטעלט.
ער איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. נאָר ווי ער האָט אויסגעזען,
צי איז ער יונג אָדער אַלט, דאָס האָט זי ניט געוואוסט. ווען
מ׳גיט איר אַ פרעג, פון וואָס פאַר אַ געשלעכט ער איז, וואָלט
זי עס ניט געקענט זאָגן; זי האָט קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן,
אַז דער שאָטן קען אויך געהערן צו אַ געוויסן מין. איטלעכס
מאָל, בשעת זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין זאָטל און האָט דער־
ביי אַרויפגעשטעלט איר קליין פיסל אויף זיין האַנט, איז די
האַנט פאַר איר געווען אַ גאַנץ גלייכגילטיקע זאַך; זי האָט
דערביי רואיק אויפגעהויבן העכער דאָס קלייד, פּונקט ווי קיינער
וואָלט לעבן איר ניט געווען.

איר גאַנץ לעבן איז געווען דורכגענומען מיט דער פאָר־
שטעלונג פון ראַנג און מדרגה. מיט די טעכטער פון אַ מאַיאָר
אָדער פון אַ קאַפּיטאַן האָט זי קיינמאָל ניט געקענט נאָענט
ווערן, ווייל דער טאַטע פון יענע איז געווען נידעריקער אין
ראַנג פאַר איר טאַטן. איינמאָל אויף אַ באַל האָט זיך אַ לייטע־
נאַנט דערוואַגט זי איינצולאַדן. זי האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.
דערפאַר אָבער, ווען ער האָט אין די הפסקות צווישן די טענץ
געוואָלט מיט איר פאַרברענגען, האָט זי אים, אַלס שטראָף
פאַר זיין חוצפּה, קיין וואָרט ניט געענטפערט. נאָכדעם האָט זי
זיך דערוואוסט, אַז יענער איז געווען אַ פרינץ. זי האָט זיך ניט גע־

קענט מוחל זיין. זי, וואָס האָט גוט געוואוסט דעם ראַנג־אונטער־שייד פון די אָפּיצערן, וואָס האָט געקאָנט אַלע אָרדנס און טיטלען, זי האָט אַ פּרינץ ניט דערקענט. דאָס איז שוין צו!

זי איז געווען אַ שיינע, נאָר די גאווה אירע האָט צוגעגעבן איר פּנים עפּעס אַ פאַרגליווערטקייט, וואָס האָט אָפּגעשראָקן יעדן פאַרערער אירן. מכּוח חתונה האָבן האָט זי קיינמאָל ניט געטראַכט. די יונגעלייט האָבן ביי איר קיין ווערדע ניט געהאַט, און די אַלטע, מיט אַ הויכן ראַנג וואָס פּאַסט פאַר איר, זיינען געווען צו אַלט. ווען זי וואָלט חתונה געהאַט מיט אַ קאַפּיטאַן, וואָלט דאָך איר אויסגעקומען צו זיצן ביים טיש הינטער אַלע מאַיאָר־פרויען, איר, דער טאָכטער פון גענעראַל. דאָס וואָלט דאָך געווען אַ ירידה, אַ פּחיתת הכּבוד. אַחוצדעם האָט זי ניט געוואָלט זיין נאָר אַ צוטשעפּעניש צום מאַן, אָדער אַ צירונג פאַר זיין סאַלאָן. זי איז געווען געוואוינט צו באַפעלן, געוואוינט מ׳זאָל פאָלגן איר וואָרט; זי אַליין האָט קיינעם ניט געקענט פאָלגן. דער מאַנסבילשער שטייגער פון לעבן, וואָס זי האָט געפירט, האָט דערצו נאָך אין איר איינגעפלאַנצט אַ ווידער־געפיל צו ווייבלעכע באַשעפטיקונגען.

שפּעט האָט זיך אין איר דערוועקט איר מין־געפיל, און היות ווי זי האָט געהערט פון טאַטנס צד צו אַן אַלטער פאַמיליע, וואָס האָט ־געפּטרט אירע כּוחות אין האַרטן סאָלדאַטנטום, אין שיכּרות און הולטעווען — און פון דער מוטערס צד צו אַזוינע, וואָס האָבן מיט אַלע מיטלען זיך אָפּגעהאַלטן פון קינדלען, כּדי זייער פאַרמעגן זאָל חלילה ניט צעטיילט ווערן, האָט אַפּנים די נאַטור אין דער לעצטער מינוט זיך געקווענקלט צו באַשטימען דעם מין אירן, אָדער אפשר פאַרמאָגט צו ווייניק כּוח פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ראַסע. אין איר געשטאַלט האָט געפעלט דער כאַראַקטעריסטישער סימן פון אַ ווייב, ווי דאָס פאָדערט די עכטע נאַטור פאַר איר צוועק, און זי אַליין האָט אויך געאָרנישט געטאָן, כּדי כאָטש קינסטלעך דעם פעלער צו פאַרריכטן.

אירע פאַר חברטעס האָבן איר געקענט פאַר אַ קאַלטע נאַ־טור, אַ גלייכגילטיקע צו אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן פון די געשלעכטן. זי אַליין האָט מכוח דעם גערעדט פון אויבן אַראָפּ, האָט עס געהאַלטן פאַר אומציכטיק, האָט ניט געקענט משיג זיין, ווי אַזוי אַ ווייב קען זיך אָפּגעבן צום מאַן. די נאַטור איז פאַר איר געווען אומריין און די עכטע מידות פון מענטשן זיינען פאַר איר געלעגן אין ריינע וועש, געקראָכמעלטע אונטער־קליידער און לאַנגע זאָקן. אָרימקייט האָט פאַר איר באַטייט שמו־ציקייט און פאַרדאָרבנקייט.

זומער האָט זי פאַרבראַכט מיטן טאַטן אין זייער פולוואַ־ריק אויפן ישוב.

זי האָט ניט האָלט געהאַט דעם ישוב. אין שויס פון דער נאַטור האָט זי זיך געפילט נישטיק און קליין. דער וואַלד האָט זי געשראָקן, דער ים האָט אויף איר אָנגעווייט אַ שווידער, אין די הויכע גראָז פון דער לאָנקע האָט זיך באַהאַלטן אַ געפאַר. אויף די פויערים האָט זי געקוקט ווי אויף אַ מין שעלמישע חיות, דערצו נאָך שמוציקע. אַחוצדעם האָבן זיי געהאַט אַזויפיל קינ־דער, און אַלע, די מיידלעך ווי די בחורים, זיינען ביי איר אין די אויגן געווען פאַרדאָרבענע.

ביי גרויסע יום־טובים ווי יאָהאַנעס־טאָג און אין גענעראַלס געבורטסטאָג האָט מען זיי פונדעסטוועגן אַלעמען איינגעלאַדן אין הויף, וואו זיי האָבן אויסגעפירט די ראָלע פון אַ כאָר אין דער אָפּערע: צו שרייען הוראַ, און צו טאַנצן, ווי די ליאַלקעס.

---

ווידער איז דער פרילינג געקומען. העלענע איז אַליין אַרויסגעריטן אויף איר קליאַטשע און איז אַזוי פאַרפאָרן גאַנץ ווייט הינטערן שטאָט. זי איז מיד געוואָרן און איז אַראָפּ פון פערד; די קליאַטשע האָט זי צוגעבונדן צו אַ בעראָזע, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ פאַרצאַמטער וואַלד־לאָנקע. נאָכדעם איז זי אַוועק צום ברעג פון גראָבן, וואו זי האָט געוואָלט אָנפּליקן עטלעכע אָרכידעען. די לופט איז געווען וואַרים, און פון בוים און גראָז

האָט געפּאַרעט. אין וואַסער פון גראָבן האָבן זיך געפּליושקעט די זשאַבעס.

פּלוצלונג האָט זיך די קליאַטשע צעהירזשעט, העלענע האָט דערזען ווי די קליאַטשע האָט אויסגעצויגן איר האַלז איבערן צאַם און האָט געסאָפּעט מיט צעעפנטע נאָזלעכער.

— אַליצע, — האָט זי אַ רוף געטאָן, — רואיק, מיין טייערע!

און זי האָט ווייטער געפּליקט און געמאַכט אַ בוקעט פון די ציטעריקע בלומען, וואָס האָבן אַזוי אָפּגעהיט און ציטעריק באַהאַלטן זייערע סודות הינטער די שענסטע פירהאַנגעלעך־בלעטעלעך, וואָס זיינען ענלעך געווען צו געבלומטן קאַרטון.

די קליאַטשע האָט זיך ווידער צעהירזשעט. פון הינטער די קוסטעס אויף דער וואַלד־לאָנקע האָט זיך דערהערט אַן אַנדער הירזשען, וואָס איז געווען שטאַרקער און היציקער. די זומפּיקע ערד פון דער לאָנקע האָט זיך צעטרייסלט, די שטיינער זיינען צעשפּרונגען אונטער די קלעפּ פון די קאָפּיטעס, און אַ שוואַרצער אָגער האָט זיך געטראָגן אַהער מיטן גאַנצן אימפּעט. דער פיינער קאָפּ און די האַלז אויסגעצויגן, די מוסקולן אָנגעשוואָלן אונטער דער גלאַנציקער הויט. די אויגן האָבן געבליצט, דערזעענדיק די קליאַטשע. לכתחילה האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אויסגעשטרעקט די האַלז ווי צום געניצן, האָט פאַרקאַשערט די אייבערשטע ליפּ און אַרויסגעשטעלט די ציינער. נאָכדעם האָט ער זיך געלאָזן אין גאַלאָפּ איבערן גראָז און האָט זיך צוגערוקט צו דער קליאַטשע.

העלענע האָט געכאַפּט איר קלייד אין האַנט און איז געלאָפן צו דער קליאַטשע, דערווייל האָט זיך די קליאַטשע שוין אָפּגעריסן און איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּאַרקאַן און דאָס שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

העלענע איז געשטאַנען ביים פּאַרקאַן און האָט גערופן די קליאַטשע, אָבער יענע האָט גאָר הערן ניט געוואָלט. די פערד זיינען אַוועק טוז אין אַ ווילדן געלאַף און די לאַגע איז שוין גע־

ווען גאָר אַ מיאוסע. דער אָגער האָט געשפּריצט מיט שוים, און פון זיינע נאָזלעכער האָט געזעצט אַ פּאַרע ווי אַ רויך.

העלענע האָט געוואָלט אַנטלויפן, מחמת די סצענע האָט אויף איר געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. איר איז נאָך קיינ־מאָל ניט אויסגעקומען צו זען, ווי די נאַטור־קראַפט צעבושעוועט זיך אין אַ לעבעדיקן קערפּער. זי איז געווען ביז גאָר אויפגע־בראַכט פון אָט דעם אינסטינקט־אויסברוך.

זי האָט בדעה געהאַט איבערצושפּרינגען דעם פּאַרקאַן און כאַפּן די קליאַטשע, נאָר זי האָט מורא געהאַט פאַרן צעווילדע־וועטן אָגער. זי האָט געוואָלט לויפן ערגעץ־וואו און רופן נאָך הילף, אָבער דערביי וואָלט עס דאָך פאַרגעקומען פאַר עדות אין די אויגן. זי האָט זיך דעריבער אומגעקערט מיטן פּלייצע צום פּאַרקאַן און האָט באַשלאָסן צו וואַרטן וואָס דאָ וועט זיין.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט ווי מען פּאָרט. אַ קאַרעטע האָט זיך באַוויזן אויפן וועג.

העלענע האָט שוין ניט באַוויזן צו אַנטלויפן, און האָט זיך זייער געשעמט צו בלייבן. נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט; דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט גלייך פאַר איר.

— האַ, אפשר ניט שיין? האָט געזאָגט איינע פון די דאַ־מען, וואָס איז געזעסן אין וואָגן, דערביי האָט זי אַרויסגענומען אַ לאָרנעט, אָנצוקוקן דאָס נאַטור־שפּיל, וואָס האָט געהאַלטן אין סאַמע מיטן ברען.

— צו וואָס האָבן מיר זיך דאָ אָפּגעשטעלט? — האָט אויסגעשריען די צווייטע דאַמע, פאָרט ווייטער!

— איז דאָס ניט שיין געווען? האָט געענטפערט די על־טערע דאַמע.

דער קוטשער האָט אַריינגעשמייכלט אין זיין גרויסער באָרד און האָט אָנגעטריבן די פערד.

— דו ביסט צו שעמעוודיק, מיין ליבע אַמאַליע, — האָט געזאָגט די ערשטע דאַמע, — פאַר מיר איז עס ווי אַ שלאַקס־רעגן אָדער ווי אַ שטורעם אויפן ים...

מער האָט העלענע ניט דערהערט. זי איז געווען גאַנץ דער־שלאָגן פון ערגערניש, חרפּה, כּעס.

אין דעם מאָמענט איז אויפן וועג דורכגעגאַנגען אַ פויער. העלענע האָט זיך געלאָזט אויפגיך אים מקבל פּנים זיין, כּדי ער זאָל ניט דערזען וואָס דאָ טוט זיך און דערביי בעטן ביי אים אַן עצה, ווי אַזוי זי קען זיך העלפן. נאָר יענער איז שוין צו ווייט צוגעקומען.

— אַפּנים דאָס מוז זיין מילערס שוואַרצער אָגער, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַן ערנסטער מינע. עס איז דעריבער קיין אַנדער עצה ניטאָ ווי וואַרטן; מחמת מיט דעם פערד קען מען קיין קאַטאָוועס ניט טרייבן. אויב די פריילין וויל גיין אַהיים, בין איך גרייט נאָכדעם די קליאַטשע צו ברענגען.

זי איז געווען צופרידן, וואָס זי קען זיך סוף־כּל־סוף אַרויס־מאַכן פון דער זאַך, און איז אויפגיך אַוועק פון דאַנען.

קומענדיק אַהיים, האָט זי זיך דערפילט אינגאַנצן קראַנק.

די קליאַטשע האָט זי מער ניט געוואָלט אָנקוקן, מחמת זי איז ביי איר אומריין געווען אין די אויגן.

---

דידאָזיקע ניט־וויכטיקע פּאַסירונג האָט געהאַט אויף העלענעס גייסטיקער אַנטוויקלונג אַ גרעסערע השפּעה, ווי מ׳האָט געקענט דערוואַרטן.

דער גראָבער אויסברוך פון אַ נאַטור־אינסטינקט, וואָס ווערט באַשטראָפט מיט טורמע, ווען עס זאָל זיך עמיצן פאַרוועלן אויס־מאָלן די זאַך ווי זי איז, האָט זי כּסדר פאַרפאָלגט, אַזוי ווי זי וואָלט בייגעווען ביי דער תּליה פון אַ מענטשן. בייטאָג און ביי־נאַכט איז איר די מראה געשטאַנען פאַר די אויגן און געשטערט אירע געדאַנקען. עס איז אין איר געוואַקסן אַ מורא פאַר דער נאַטור און זי האָט דעריבער אויפגעהערט צו פירן אַ לעבן פון אַן אַמאַזאָנע. זי האָט זיך פאַרשפּאַרט אין איר צימער און האָט אָנגעהויבן צו לייענען.

אין הויז איז געווען אַ ביבליאָטעק. נאָר צום אומגליק, איז זי שוין זינט דעם ויידנס טויט ניט פאַרגרעסערט געוואָרן. די ביכער זיינען געווען מיט אַ גאַנצן דור צו אַלט און זייערע אידעאַלן פאַרעלטערטע. קודם כל איז איר אַריינגעפאַלן אין די הענט „קאָרינע" פון פרוי דע־סטאַל. דאָס בוך איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע, פונקט ווי ער וואָלט באַשטימט געווען צו עפּעס אַנדערש, ניט נאָר צום לייענען. און אַזוי איז דאָס טאַקע באמת געווען. עס איז געווען איינגעבונדן אין אַ גרינעם איינבונד מיט גאָלדענעם דרוק, די ברעגעס שוין אָרומגעדריבלט, מיט באַמערקונגען און סימנים, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער פאַרשטאָרבענער מאַמעס האַנט, און איז דעריבער געוואָרן אַ מיטל פאַר דער טאָכטער צו קומען אין גייסטיקער באַריִרונג מיט דער פאַרשטאָרבענער. אין דידראָזיקע באַמערקונגען און סימנים איז געווען באַהאַלטן אַ גאַנצע היסטאָריע פון אַ מענטשלעכער נשמה. די אומצופרידנקייט מיט דער פּראָזע פון לעבן און מיט דער גראָבקייט פון דער נאַטור האָט צעפלאַמט די פאַנטאַזיע. אויסצוטראַכטן פאַר זיך אַ גאַנצע וועלט פון חלומות, וואו עס לעבן נשמות אָן אַ חומר. דידראָזיקע וועלט איז געווען אַן אַריסטאָקראַטישע, מחמת פאַר חלומות און אילוזיעס מוז מען זיין פריי פון די טעגלעכע מאַטעריעלע זאָרגן. אָט די מאַרך־אַנטצינדונג, די אַזוי גערופענע ראָמאַנטיק, איז געווען דער עוואַנגליום פאַר רייכע, וואָס האָט באַקומען אַ פּנים פון חוזק און שלימזלדיקייט ווען זי איז אַריינגעדרונגען אין דעם נידעריקן קלאַס.

פון „קאָרינע" האָט זיך העלענע באַשאַפן איר אידעאַל: די פּאָעטין, וואָס איז געבענטשט געווען מיט רוח־הקודש, וואָס האָט ווי די נאָנע אין מיטלעלטער זיך אַ נדר געגעבן צו בלייבן אַ צנועה, ריין פון זינד, איר גאַנצן לעבן, און איז דערביי, פאַרשטייט זיך, געווען אַ וואונדער אין די אויגן פון המון, האָט זיך דערהויבן איבער די קליינע זאָרגן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. עס איז אין תוך גענומען געווען דערזעלביקער גענעראַל־אידעאַל, נאָר אַנדערש געשליפערט: דרך־ארץ, פאַרנייגונג, אַ פלאַץ אויבנאָן.

אַז פרוי דע־שטאַל האָט שוין דעמדאָזיקן אידעאַל לאַנג איבערגעלעבט און האָט איר גרויסן נאָמען באַקומען ערשט נאָכדעם ווי זי האָט זיך אומגעקערט צום טאָג־טעגלעכן לעבן און זיין ווירקלעכקייט, דערפון האָט העלענע ניט געוואוסט.

זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער אויסערער וועלט. איז אינגאַנצן אַריין אין זיך, און האָט אַלע אירע מחשבות געווענדט אויף איר אייגענעם „איך". די צוואה, וואָס איר מאַמע האָט איבערגעלאָזן אין באַמערקונגען און סימנים אויפן בוך, האָט געמאַכט אויף איר אַ רושם. זי האָט זיך אידענטיפיציר'ט מיט קאָרינע און מיט איר מאַמען, און האָט אָנגעהויבן נאָכצודענקען מכוח איר מיסיע. אַז זי איז באַשאַפן פון דער נאַטור פאַרן מין, אַז איר חוב אויף דער וועלט איז צו זיין אַ מוטער, האָט זי אַפילו טראַכטן ניט געוואָלט. איר מיסיע איז געווען אויפצוקלערן דער וועלט וואָס אַזוינס פרוי דע־שטאָלס „קאָרינע" איז געווען פאַר פּופּציק יאָרן. נאָך דערביי האָט זי זיך אַליין איינגערעדט, אַז דאָס זיינען אירע אייגענע געדאַנקען, וואָס זוכן אַן אויסדרוק פאַר זיך.

זי האָט אָנגעהויבן צו שרייבן. איינמאָל האָט זי אַפילו אָנגעהויבן צו שרייבן פערזן. עס איז איר געלונגען. גלייכע שורותלעך מיט גראַמען צום סוף. איז איר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן: זי איז געבוירן געוואָרן צו זיין אַ דיכטערין. די גע־דאַנקען דערצו קען זי זיך נעמען פון „קאָרינע".

אין משך פון דער צייט האָט זיך ביי איר אָנגעקליבן אַ גאַנצער פּאַק מיט לידער.

ווי מאַכט מען אָבער, אַז אויך די וועלט זאָל באַגליקט ווערן מיט זיי? מוז מען, פאַרשטייט זיך, דרוקן. האָט זי איינמאָל אָפּגעשיקט אַ ליד מיט אַ נאָמען „סאַפאָ" אין איינער פון די אי־לוסטרירטע צייטונגען און האָט זיך אונטערגעשריבן קאָרינע. מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ האָט זי דעם בריוו אָפּגעטראָגן אויף פּאָסט, און אַריינוואַרפנדיק אים אין בריוו־קאַסטן, האָט זי מתפלל געווען צו „גאָט".

נאָכדעם האָבן זיך געצויגן פּערצן שרעקלעכע טעג. זי האָט ניט געגעסן, האָט אומרואיק געשלאָפן און האָט געזוכט צו זיין אַליין מיט זיך.

דעם ערשטן זונטאָג, בעת די צייטונג איז אָנגעקומען, האָט איר געוואָרפן ווי אין פיבער; אָבער ניט געפינענדיק דאָרט ניט די פּאָעמע, ניט קיין תשובה אין בריוו־קאַסטן, איז זי אַריינ־געפאַלן אין יאוש.

דעם קומענדיקן זונטאָג, דערוואַרטנדיק לפּחות אַ תשובה אין בריוו־קאַסטן, האָט זי מיטגענומען די צייטונג, נאָך אין באַנ־דעראָל, מיט זיך אין וואַלד. דאָרט, אין דער טיפער געדיכטעניש פון וואַלד האָט זי אַרויסגענומען די צייטונג. האָט זיך אַרומגע־קוקט אין אַלע זייטן, צי עמיצער לויערט איר ניט נאָך, און איז אַריבער מיט די אויגן איבער אַלע זייטן. איינאיינציק ליד איז געווען מיטן נאָמען „בעלמאַנסטאָג". נאָכדעם איז זי אַריבער אונטן צום בריוו־קאַסטן. ביים ערשטן בליק, וואָס זי האָט גע־וואָרפן אויף די עטלעכע שורות מיט קליינעם שריפט, האָט איר אָנגעכאַפּט אַ בייזער צאָרן, זי האָט צעקנייטשט די צייטונג אין אירע הענט, געמאַכט דערפון אַ קנויל און אַריינגעוואָרפן אין די קוסטעס. זי איז געבליבן אַזוי זיצן מיט אַ שטאַרן בליק אויף דעם ווייסן פלעק פון פּאַפּיר, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די קוסטעס. אָט די באַליידיקונג איז געווען די ערשטע אין איר לעבן. זי איז אינגאַנצן אַרויס פון די כלים. אָט דער אומבאַקאַנ־טער צייטונגס־שרייבער האָט זיך דערלויבט אַזוינס, וואָס קיינער האָט זיך נאָך ניט דערלויבט: צו ריירן מיט איר אָן אַ ברעקל דרך ארץ. זי איז אַרויס פון איר פעסטונג אויפן פרייען פעלד, וואו דער טיטול האָט אַ קליינע באַדייטונג, ווי עס זיגט נאָר די נאַטור־קראַפט, וואָס רופט זיך טאַלאַנט. פאַרן טאַלאַנט בויגט זיך, אויב עס קען אַנדערש ניט זיין, אַפילו די אָפּיציעלע מאַכט. אָבער אַחוצדעם האָט ער דאָך באַליידיקט אין איר די פרוי. ער האָט זיך דערלויבט צו שרייבן בזה הלשון:

— „קאָרינע פון 1807 וואָלט געקאָכט מיטאָג און געוויגט

קינדער, ווען זי וואָלט געלעבט אין 1870. אָבער איר זייט קיין קאָרינע ניט!"

צום ערשטן מאָל האָט זי דערפילט די שטים פון דעם פיינד, דעם אַלטן פיינד, פון מאַן. קאָכן און וויגן! זי וועט אים שוין ווייזן!

העלענע איז אַוועק אַהיים, זי האָט זיך געפילט אינגאַנצן דערשלאָגן, אַזוי, אַז אירע מוסקולן האָבן קוים געפאָלגט דער שלאַפער קראַפט פון אירע נערוון.

אָפגייענדיק אַ היפּשע שטיק, האָט זי זיך פּלוצלונג אומגע־קערט. וואָס וועט עס זיין, אַז עמיצער וועט געפינען די צייטונג! זי וואָלט זיך דערמיט אינגאַנצן אַרויסגעגעבן. זי האָט זיך אומ־געקערט, האָט אַרויסגעשלעפּט די צייטונג פון די קוסטעס און האָט זי אויסגעגלעט. נאָכדעם האָט זי אויפגעהויבן אַ פלאַכטע מיט מאָך, האָט אַרונטערגעלייגט די צייטונג און פון אויבן אַרויפגע־לייגט אַ שטיין. דאָ איז באַגראָבן געוואָרן אַ האָפענונג, אָבער דער־ביי אויך אַ ראיה. אַ ראיה צו וואָס? אַז זי איז שולדיק. יאָ, כמעט אַז זי האָט אַזוי געפילט. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט באַגאַנגען אַן אומרעכט. ווי זי וואָלט זיך אָפּגעדעקט פאַר די אויגן פון צווייטן מין!

און פון יענעם טאָג אָן האָט זי פאַרפירט אַ נייעם קאַמף מיט זיך אַליין. איר תּאווה צו כבוד און די מורא פאַר דער עפנט־לעכקייט האָבן כּסדר געקעמפט צווישן זיך.

---

אין האַרבסט איז געשטאָרבן דער טאַטע, היות ווי ער האָט גאַנצע נעכט געשפּילט אין קאָרטן אָן הצלחה, האָט ער געלאָזן נאָך זיך חובות. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אַ גענעראַל, האָט עס קיין ווערדע ניט געהאַט. העלענע איז ניט געווען געצוואונ־גען אַריינצוזעצן זיך אין אַ טאַבאַק־קרעמל, — אַן אומבאַקאַנטע מומע, וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט געקענט, האָט זי צוגענומען צו זיך.

אָבער מיטן טאַטנס טויט איז פאָרגעקומען אין איר לעבן אַ גרויסער שינוי. אַלע כּיבודים האָבן אויפגעהערט פון זיך אַליין. די אָפיצירן האָבן זי צו פאַמיליער באַגריסט, און די לייטענאַנטן האָבן געהאַט די העזה זי אַיינצולאַדן צום טאַנצן. איצט האָט זי שוין אַליין באַמערקט, אַז איר הויכער מצב איז ניט געווען אַ רעזול־טאַט פון איר אייגענער ווערדע, נאָר דער זכות פון אַ צווייטן איז איר בייגעשטאַנען. זי איז אַראָפּגעפאַלן ביי זיך און האָט דערפילט אַ שטאַרקע סימפּאַטיע צו אַלע געפאַלענע. זי האָט אַפילו דערפילט עפּעס ווי אַ מין האַס צו אַלע יענע, וואָס באַנוצן זיך מיט די זכיות פון זייער הויכן ראַנג, יענע זכיות, פון וועלכע זי האָט אַליין ניט לאַנג הנאה געהאַט. דעריבער האָט זי דער־פילט אַ באַדערפעניש אַליין מיט איר אייגענער פּערזאָן זיך אויס־צוצייכענען און דערגרייכן צו אַ הויכן מצב, וואָס זאָל אַלע אַנ־דערע איבערשטייגן, און זאָל זיין אַפילו ניט אָפיציעל.

זי האָט זיך געוואָלט אויסצייכענען, דורכשלאָגן זיך אַ וועג. און אויב עס וועט זיך לאָזן, געוועלטיקן. זי האָט געהאַט אַ טאַ־לאַנט, וואָס זי וואָלט געקענט אויסניצן, הגם זי האָט אים נאָך ניט אַנטוויקלט ביז צו אַ העכערער מדרגה: זי האָט געשפּילט קלאַוויר. איצט האָט זי אָנגעהויבן צו שטודירן האַרמאָניע און האָט גערעדט פון דער מאָלסאָנאַטע—G און דער פיס־דור־סימפאָ־ניע, פונקט ווי זי וואָלט זיי אַליין אָנגעשריבן. און דערביי האָט זי אויך אָנגעהויבן צו אונטערשטיצן די מוזיקער.

אַ האַלב יאָר נאָך דעם טאַטנס טויט האָט מען איר פאָרגע־לייגט אַ שטעלע אַלס הויף־פריילין. און זי האָט אָנגענומען. דער־מיט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַרום איר פּויק־קלאַפּעריי און מיליטערישע כּיבודים. און העלענע האָט ווידער אָנגעהויבן פאַר־לירן איר סימפּאַטיע צו דעם מיטעלן מענטשן. נאָר דעם מענ־טשנס שכל איז פונקט אַזוי וואַקלדיק ווי דער מזל, און די נייע נסיונות האָבן איר געבראַכט נייע אָנזיכטן.

גאָר אינגיכן איז איר קלאָר געוואָרן, אַז זי איז דאָ ניט מער ווי אַ באַדינערין. זי איז געזעסן צוזאַמען מיט דער הערצאָ־גין אין שלאָסגאָרטן. די הערצאָגין האָט געהעקלט.

— נאָך מיין מיינונג זיינען אָט די אַלע „בלוי־שטרימף" זייער נאַריש,—האָט געזאָגט די הערצאָגין.

העלענע איז געוואָרן בלוי און גרין און האָט פון אייבן ביז אַראָפּ אָפּגעמאָסטן איר האַרנטע. נאָכדעם האָט זי געענטפערט:

— נאָך מיין מיינונג, ניט.

— מיך אינטערעסירט גאָרניט צו וויסן אייער מיינונג, האָט די הערצאָגין געזאָגט, און האָט געלאָזט אַראָפּפאַלן דעם קנויל, וואָס האָט זיך פאַרקייקלט אויפן וועג.

העלענעס קני האָבן געציטערט, זי האָט שוין געזען פאַר די אויגן ווי די שטעלע און איר גאַנצע צוקונפט שטייען אין קאָן. נאָכדעם איז זי אַוועק אויפהייבן דעם קנויל. עס האָט איר געבראָכן אין דער טאַליע, בשעת זי האָט זיך איינגעבויגן, און דער פנים האָט איר געפלאַמט, ווען זי האָט דעם קנויל דערלאַנגט, ניט באַקומענדיק קיין דאַנק.

— איר זענט אין כעס? — האָט די הערצאָגין געפרעגט און האָט געקוקט איראָניש אויף איר קרבן.

— ניין, קיניגלעכע האָהייט, — האָט העלענע געלייַגט.

— מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט „אַ בלוי־שטרומף", האָט די הערצאָגין ווייטער געזאָגט. איז דאָס אַן אמת?

העלענע האָט גאָרנישט געענטפערט.

דער קנויל איז ווידער אַראָפּגעפאַלן. העלענע האָט זיך געמאַכט ווי זי זעט גאָרנישט, און האָט פאַרביסן די ליפּן, כּדי איינצוהאַלטן די טרערן פון פאַרדראָס און צאָרן.

— זייט אַזוי גוט און דערלאַנגט מיר דעם קנויל, — האָט די הערצאָגין געזאָגט.

העלענע האָט זיך אויסגעגלייכט, האָט אַריינגעקוקט דער דעספּאָטין גלייך אין די אויגן און האָט געזאָגט:

— ניין, איך וויל ניט!

און איז אַוועק. דער זאַמד האָט געסקריפּעט אונטער אירע שיך, און די שלעפּע פון קלייד האָט אויפגעהויבן נאָך איר אַ שטויב, זי איז כּמעט אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און איז פאַר־שוואונדן.

דערמיט איז איר קאַריערע ביים הויף געווען צו ענדע, נאָר אין האַרצן איז געבליבן אַ וואונד. איצט האָט זי דערפילט, וואָס דאָס באַדייט אַזוינס, אַריינפאַלן אין אומחן ביי לייטן; און נאָך שאַרפער האָט זי דערפילט, וואָס עס באַדייט אַזוינס צו בייטן אַ שטעלע. דער עולם פאַרטראָגט עס ניט, ווען איינער בייט זיין שטעלע, און קיינער האָט ניט געקענט משיג זיין, ווי אַזוי זי האָט מיט איר אייגענעם ווילן געקענט פאַרלאָזן דעם גלאַנץ־לעבן פון הויף. מסתמא, האָט מען זי „אַרויסגעיאָגט". טאַקע בזה־הלשון האָבן די לייטישע מיילער גערעדט: „אַרויס־געיאָגט!" דאָס איז געווען דער גרעסטער זילזול פאַר איר, פּשוט, אַ פּאַטש אין פּנים. זי האָט זיך דערפילט ווי אַ פאַרטריבענע פון איר קלאַס. זי האָט מיט אירע אויגן צוגעקוקט ווי אירע קרובים האָבן זי אויסגעווייכט, גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט דער אומחן זאָל זיך ניט אָנקלעפּן צו זיי. זי האָט באַמערקט ווי די אַלטע פריינד האָבן זיך זייער קיל מיט איר באַגעגנט און קוים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

פון דער אַנדער זייט אָבער האָט דער מיטעלער קלאַס, צו וועלכן זי האָט זיך איצט אַראָפּגעלאָזן פון איר אַמאָליקער הויך, דווקא אַרויסגעוויזן צו איר אַ וואַרעם מיטגעפיל. לכתחילה האָט איר די פריינדלעכקייט פון מיטעלן קלאַס מער באַליידיקט ווי די קיל־קייט פון יענע. נאָר סוף־כּל־סוף האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז עס איז גלייכער צו זיין אונטן די ערשטע, ווי אויבן די לעצטע. זי איז אַריין אין אַ געזעלשאַפט פון באַאַמטע און פראָפעסאָרן, וואָס האָבן איר אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ביי יענעם אָבערגלויבערישן יראת־הכּבוד, וואָס דער מיטעלער קלאַס פילט צום הויף, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס זי איז גלייך געוואָרן דער מיטלפּונקט, אַרום וועלכן אַלע האָבן זיך געזאַמלט. זי איז אַליין געוואָרן דער גענעראַל, און האָט תּיכּף גענומען אָרגאַניזירן

אַרום זיך אַ מיליטער־מאַכט. מיט דער הילף פון אַ גרופּע יונגע געלערנטע האָט זי אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן לעקציעס פאַר פרויען. מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט אַלטע, פאַרשימלטע אַקאַדעמישע תּורה, זי אָפּגעשטויבט און פאַרשאַכערט פאַר שפּאָגל־נייע סחורה. אין אַ געראַמען, ליידיקן עס־זאַל האָט מען געלייענט איבער פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלן פאַר אַן עולם, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט די שליסלען צו דעם אָרון־קודש פון תּורה און חכמה.

אַריינדרינגענדיק אין די סתרי־תּורה פון דער וויסנשאַפט, האָט זיך העלענע דערפילט העכער איבער די עם־הארצישע אַריסטאָקראַטן. אָט די בלומרשטע העכערקייט האָט איר צוגע־געבן אַ זיכערקייט, וואָס האָט אימפּאָנירט. די מענער האָבן זי פאַרערט פאַר איר שיינקייט און פאַר איר גאַוודיקער האַלטונג; נאָר זי האָט קיינמאָל קיין געפיל פון אויפרעגונג ניט געפילט צווישן מענער. די פאַרערונג האָט זי אָנגענומען, ווי אַ צינז, וואָס קומט דער פרוי, קיין איבעריקע אַכטונג צו אירע באַדי־נער, וואָס פלעגן אויפשפּרינגען פון אָרט און אויסציען זיך פאַר איר ווי אַ סטרונע, האָט זי אָבער ניט געקענט פילן.

דער מצב אירער פון אַ ניט חתונה־געהאַטע האָט איר אויף לאַנג ניט געקענט באַפרידיקן. זי האָט מיט קנאה צוגע־קוקט ווי פריי עס פילן זיך די חתונה־געהאַטע פרויען. זיי האָבן געמעגט פריי אַרומלויפן איבער די גאַסן, פאַרברענגען מיט אינ־לעכן מאַנסביל, אַריינזיצן שפּעט אין דער נאַכט ווי לאַנג זיי איז געפעלן, און דערביי איז זיי שטענדיק געשטאַנען דער מאַן צו דינסט, באַלייטן און אָפּפירן. דערביי האָט די פרוי אויך גע־האַט אַ העכערן ראַנג און מער מאַכט אין די הענט. די אַלטע מאַטראָנעס האָבן דאָך באַהאַנדלט די יונגע מיידלעך פון אויבן אַראָפּ. אָבער ווי נאָר זי האָט אַ טראַכט געטאָן מכּוח חתונה האָבן, האָט אין איר געדעכעניש שטענדיק אויפגעלעבט די מעשה מיט דער קליאַטשע, און אַ פּחד איז איר באַפאַלן, וואָס האָט זי ממש קראַנק געמאַכט.

צום צווייטן יאָר פון איר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט זיך אין דעם אייגענעם קרייז באַוויזן אַ פּראָפעסאָר אַ פרוי פון

אופסאַלע, וואָס האָט אין זיך פּאַראַייניקט דעם הויכן ראַנג מיט אומגעווײַנלעכער שיינקייט. העלענס שטערן איז פֿאַרטונקלט געוואָרן, און אַלע אירע אָנהענגער האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון איר און זיינען אַוועק דינען צו דער נייער זון. און היות ווי העלענע האָט איר אַמאָליקן ראַנג שוין לאַנג פֿאַרלאָרן, און דער אַראָמאַט פֿון הויף האָט זיך אויסגעוועפּט, ווי פֿאַרפֿום פֿון אַ טיכל, איז זי באַזיגט געוואָרן. דער איינציקער, וואָס איז איר טריי געבליבן, איז געווען אַ דאָצענט פֿון עטיק, וועלכער האָט ביז אַהער גאָר קיין העזה נישט געהאַט צו וואַרפֿן זיך אין די אויגן. איצט איז געקומען זיין צייט. זי האָט זיין נאָענטקייט באַגעגנט מיט אַ פֿריינדלעכער מינע, און זיין שטרענגע מאָראַל האָט אין איר אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן צוטרוי צו אים. און היות ווי ער האָט אָנגעהויבן פֿלייסיק צו שאַרן זיך אַרום איר, האָבן לייט אָנגעהויבן אונטערצורייִדן: נאָר דאָס האָט העלענען נישט געאַרט; זי איז געשטאַנען העכער איבער אַלע ריידערייען.

איינמאָל אינאָוונט זיינען זיי געזעסן אין ליידיקן עס־זאַל אויף די שטרויענע שטולן. דער דאָצענט האָט פֿאַר איר פֿאָרגעלייענט אַ לעקציע אויף דער טעמע: „דער עטישער מאָמענט אין דער ליבע פֿון מאַן און ווייב אָדער דער זיווג ווי אַ מאַניפֿעסטאַציע פֿון אַבסאָלוטער אידענטישקייט".

— נאָך אײַער מיינונג, האָט העלענע צום סוף געזאָגט, איז אַלזאָ דער זיווג אַ בשותּפֿותדיקע עקסיסטענץ פֿון צוויי אידענטישע „איכן"?

— לויט מיין מיינונג, ווי איך האָב שוין דעם כּבֿוד געהאַט אַרויסצוזאָגן אין מיין לעקציע, קען דאָס לעבן דערהויבן ווערן צו אַ העכערער מדרגה פֿון „ווערן". נאָר ביי אַ פֿאַראייניקונג פֿון צוויי אידענטישע אינדיווידואַליטעטן.

— וואָס איז דאָס אַזוינס „ווערן"? האָט העלענע געפֿרעגט און איז רויט געוואָרן.

— דאָס איז די ווייטערדיקע עקסיסטענץ פֿון צוויי לעבנס־ערשיינונגען אין אַ נייעם „איך".

— ווי מיינט איר? נאָך אייך נאָך קומט אויס, אַז די שטענדיקייט פון „איך" מוז אַריבערגיין צו דער פאָרם פון „ווערן".

— ניין, פריילין, איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, — ריידנדיק אויפן פּראָסטן לשון, אַז דער זיווג קען נאָר ביי דער קרובה־שאַפט פון די נשמות באַשאַפן אַ נייעם גייסטיקן איך, וואָס קען ניט דיפערענצירט ווערן ווי אַ סעקסועלער. איך וויל זאָגן, אַז דאָס נייע בריאה, וואָס ווערט דורכן זיווג געבוירן, וועט זיין אַ קאָנגלאָמעראַט פון מאַן־און־ווייב; אַ נייע בריאה, אין וועלכער ביידע אינדיווידואַליטעטן ווערן פאַרשמאָלצן, אַן איינהייט אין דער פילקייט, „אַ האָמע־פעמע", ווי דער באַקאַנטער אויסדרוק זאָגט. דער מאַנסביל וועט אויפהערן אַ מאַנסביל צו זיין און די ווייב — אַ ווייב צו זיין.

דאָס איז דאָך די פאַרבינדונג פון די נשמות! האָט העלענע אויסגערופן אַ צופרידענע, וואָס מ'איז אַריבער בשלום די מסוכנ־דיקע אונטערוואַסער־פעלזן.

— דאָס איז די האַרמאָניע פון די נשמות, פון וועלכע פלאַ־טאָן רעדט. דאָס איז דער אמתער זיווג ווי איך שטעל אים זיך פאָר, נאָר איך בין מסופק, צי איך וועל אים ווען־עס־איז זען פאַרווירקלעכט אין אַזאַ פאָרם. הם!

העלענע האָט אַרויפגעקוקט צום באַלקן און האָט שטילער־הייט געזאָגט:

— פאַרוואָס זאָלט איר, אַן אויסדערווײילטער גייסט, טאַקע אייער טרוים ניט פאַרווירקלעכן?

— ווייל יענע, צו וועלכער מיין נשמה ציט זיך, גלויבט ניט אין ליבע.

— דאָס קען מען נאָך לחלוטין ניט זאָגן.

— יאָ, ווען זי זאָל אַפילו יאָ גלויבן, וועט זי שטענדיק לעבן מיט דעם פיינלעכן חשד אין האַרצן, אַז איר געפיל איז ניט אויפריכטיק. אגב, עס איז דערהויפּט יענע פרוי ניטאָ, וואָס זאָל מיך ליב האָבן, ניטאָ!

— פונדעסטוועגן, — האָט העלענע געזאָגט, און האָט אים

אַריינגעקוקט אין זיין גלעזערנעם אויג. (ער האָט טאַקע געהאַט איין אויג אַ גלעזערן, וואָס איז גוט געמאַכט געווען).

— זייט איר אַזוי איבערצייגט אין דעם?

— יאָ, — האָט העלענע געזאָגט, — וואָרעם איר זייט ניט גלייך צו אַנדערע מענער! איר פאַרשטייט, וואָס אַזוינס די ליבע פון נשמות איז!

— ווען עס זאָל זיך אַפילו געפינען אַזאַ פרוי, וואָלט איך אויך מיט איר ניט התונה געהאַט.

— פאַרוואָס עפּעס?

— אין איין צימער לעבן!

— מען מוז דאָס גאָרניט! פרוי דע־שטאַל האָט נאָר גע־וואוינט אין איין דירה מיט איר מאַן.

— באמת?

— וואָס פאַר אַן אינטערעסאַנטן שמועס פירט איר דאָ? האָט געפרעגט די פּראָפעסאָרין, וואָס איז אין דעם מאָמענט אַרויס פון סאַלאָן.

— מיר ריידן פון לאַאָקאָנען, — האָט געענטפערט הע־לענע, און איז אויפגעשטאַנען, באַליידיקט פון דעם גאַווהדיקן טאָן, מיט וועלכן די פּראָפעסאָרין האָט צו זיי גערעדט.

אין דעם מאָמענט האָט זי אָנגענומען אַ באַשלוס.

אין אַכטאָג אַרום איז געמאַכט געוואָרן אַ תּנאים צווישן דעם דאָצענט און העלענען. זיי האָבן בדעה געהאַט צו חתונה האָבן אין הארבסט און באַזעצן זיך אין אופּסאַלע.

---

לכבוד דעם דאָצענט, וואָס האָט זיך געזעגנט מיטן בחורשן לעבן, האָבן זיינע פריינד איינגעאָרדנט אַ פייערלכן באַנקעט. מ'האָט אָן אַ גרעניץ געשיכורט און דער איינציקער קינסטלער פון שטאָט, דער צייכנלערער ביי דער „סאָבאָר"־שול, האָט אויף גרויסע קאַרדאָנען היסטאָריש געמאָלט דעם ביזאַהעריקן סעקסו־אַלן לעבן פון דעם העלד. דאָס איז געווען דער שענסטער נו־מער פון באַנקעט. די עטיק איז געווען אַ לימוד און דערצו

אַ מעלקעדיקע קו, ווי אַלץ אויף דער וועלט. נאָר אין פּריוואַטן באַלעבאַטישן לעבן האָט זי קיין גרויסע ווערדע ניט געהאַט. דער דאָצענט איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין קדוש און האָט, ווי אַלע אַנדערע, געהאַט זיינע חטאים. מ׳האָט פון זיי אַלע געוואוסט, ווייל ער האָט גאָר קיין גרונט ניט געהאַט צו באַהאַלטן זיך מיט זיי. דעריבער האָט ער מיט אַן אָפענעם שמייכל צוגעקוקט ווי זיי ווערן איצט קינסטלעריש פאַרגעשטעלט אין אַלערליי פאַרבן מיט צוגעפּאַסטע פערזן. צום סוף אָבער, ווען מ׳האָט אין קורצע און שאַרפע שטריכן באַוויזן פאַרן עולם זיין נייעם קינפטיקן גן־עדן, האָט ער זיך גאַנץ פאַרלאָרן, און אין מוח האָט דורכגע־בליצט אַ געדאַנק: וואָס וואָלט עס געווען, ווען העלענע זעט עס אַלץ!

נאָכן באַנקעט, אויף וועלכן ער האָט לויט דעם אַלטן אָנ־גענומענעם מנהג געמוזט אויסטרינקען אַכט גלעזער בראַנפן, איז ער געווען אַזוי שיכור, אַז ער האָט פאַרטרויט זיינע חברים זיינע פאַרבאָרגנסטע חשדים. צווישן דעם עולם איז געווען איינער אַ חתונה־געהאַטער, און צו אים האָט זיך דער דאָצענט געווענדט נאָך אַן עצה און נאָך ידיעות.ביידע זיינען זיי געווען גוט שיכור און האָבן דעריבער אויסגעקליבן אַ באַהאַלטענעם ווינקל פאַר זייער באַראַטונג, צוויי שטולן, וואָס זיינען געשטאַנען אינ־מיטן זאַל, אונטער די הענגלייכטער. און אַרום זיי האָט זיך טאַקע תיכף אָנגעזאַמלט אַן עולם, וואָס האָט צוגעהאָרכט.

— הער נאָר אויס! דו ביסט אַ באַוויבטער מאַן, האָט דער דאָצענט אָנגעהויבן, דערביי האָט ער געשריען מיט אַלע כוחות, און מיט אַ באַזונדער כוונה, די אַרומיקע זאָלן ניט דער־הערן דעם שמועס. דו מוזט מיר נאָך איין וואָרט זאָגן, טאַקע איינס, וואָרעם איך בין היינטיקן אָוונט זייער עמפּינדלעך, דער־הויפּט אין דערדאָזיקער פראַגע.

— איך וויל דיר, ברודער מיינער, נאָר איין וואָרט זאָגן טאַקע נאָר איינס, האָט דער פריינד געשריען און האָט אים אַרומגענומען אַרום האַלז, כדי אים איינצורוימען אויפן אויער; נאָכדעם האָט ער מיט אַלע כוחות אָנגעהויבן ווידער צו שרייען:—

יעדע טואונג, hoc est יעדער actus צעפאַלט אין דריי מאָמענטן, ברודער, Progresus, Regresus, Gulmen. איך וויל ריידן איבער פראָגרעסוס, פון גולמען רעדט מען ניט. דער Progresus, די איניציאַטיווע, לאָמיר זי אַזוי אָנרופן, געהערט דעם מאַנסביל, זי נעמט זיך פון אים. דו מוזט אַלזאָ נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע, דו מוזט דיין כוח אַרויסווייזן, פאַרשטייסט!

— ווי אָבער, אַז דער אַנדער צד לאָזט ניט צו קיין איניציאַטיווע?

דער פריינד האָט תמעוואַטע אָנגעקוקט דעם נאָוויץ; איז אויפגעשטאַנען מיט אַ מינע פון פאַראַכטונג און אומגעדרייט זיך מיטן רוקן צו אים.

— שוטה! האָט ער געזאָגט.

— אַ דאַנק דיר! דאָס איז געווען אַלץ, וואָס דער דאַנקבאַרער תלמיד האָט געקענט ענטפערן.

דער ענין איז אים איצטער גאַנץ קלאָר געוואָרן.

צומאָרגנס האָט ער געפילט, ווי אַ פייער אין גאַנצן קערפּער פון די פיל שאַרפע משקאות, וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסן; ער איז אַוועק און האָט גענומען אַ וואַנע, ווייל אין צוויי טעג אַרום איז געווען אָפּגעשטעלט די חתונה.

---

די חתונה־געסט זיינען זיך צעגאַנגען, די דינסטן האָבן אַראָפּגענומען פון טיש, זיי זיינען געבליבן אַליין.

העלענע איז געווען בערך גאַנץ רואיק, נאָר ער איז געווען זייער נערוועז. די חתן־כלה צייט איז ביי זיי אַריבער אין ערנסטע שמועסן; זיי זיינען קיינמאָל צווישן זיך ניט געווען ווי דער שטייגער פון חתן־כלה: ניט געקושט זיך, ניט געהאַלזט זיך. איטלעכס מאָל, ווען ער האָט געוואָלט זיך נעענטער צורוקן צו איר, האָט זי אים אָפּגעשטויסן מיט אירע קאַלטע בליקן. ער האָט זי אָבער ליב געהאַט ווי דער מאַן האָט ליב אַ פרוי: מיט לייב און נשמה.

זיי האָבן אַרומגעשפּרייזט איבער די קאַוויאָרן און געזוכט אַ טעמע צום ריידן. ס׳האָט אָבער געהערשט אַן אָנגעצויגענע שווייגעניש. די ליכט אין די לייכטער האָבן שוין אויסגעברענט, און דער סטעאַרין האָט אַראָפּגעטריפט פון איבער די רערן. דאָס צימער איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון די מאכלים און געטראַנקען, און אויף דעם שפּיגל־טיש איז געלעגן העלענעס בוקעט און האָט געווייט מיט שאַרפע ריחות פון נעלקן און העליאָטראָפּ.

סוף־כל־סוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר איר, האָט אויסגעשטרעקט צו איר די אָרעמס און האָט געזאָגט אין אַ געמאַכטן טאָן, וואָס האָט געזאָלט אַרויס פון דער טיפעניש פון האַרצן:

— איצטער ביסטו מיין ווייב!

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן? האָט זי שאַרף אַ פרעג געטאָן.

ער איז געוואָרן גאַנץ אָפּהענטיק. נאָר דערנאָך איז ער געקומען צו זיך און האָט געזאָגט מיט אַ פאַרלעגענעם שמייכל:

— איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז מיר זיינען מאַן און ווייב.

העלענע האָט אים אָנגעקוקט, ווי אַ שיכורן, און האָט געענטפערט:

— רייד קלאָרע דבורים!

אָט דאָס טאַקע איז געווען אוממעגלעך. אַלע רעיונות פון דער פילאָזאָפיע און דער עטיק האָבן זיך אויסגעשעפּט; ער איז געשטאַנען פנים אל פנים מיט דער קאַלטער, זייער ניט איינגענעמערווירקלעכקייט.

— זי איז שעמעוודיק, האָט ער געטראַכט; זי האָט אַ רעכט דערצו, אָבער איך מוז צוגיין ענערגיש און דערפילן מיין חוב.

— דו האָסט מיך, אַפּנים, ניט פאַרשטאַנען? האָט העלענע געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— ניין, אַוודאי האָב איך דיך פאַרשטאַנען, אָבער, מיין ליב קינד, הם, מיר, הם...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? „מיין ליב קינד?" ווער בין איך דיר? און וואָס פאַר אַ כוונה האָסטו דערביי? אַלבערט, אַלבערט! — האָט זי ווייטער גערעדט, ניט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה, וועלכע זי האָט אַגב אויך ניט געוואָלט הערן, זיי גרויסמוטיק, זיי איידל און לערן זיך צו זען אין דער ווייב עפּעס העכערס ווי נאָר די ווייב! אַז דו וועסט אַזוי טאָן, וועסטו ווערן גליקלעך און גרויס!

אַלבערט איז געווען באַזיגט! ער איז געווען גאַנץ דער־שלאָגן פון בושה און צאָרן אויף זיין פריינד, וואָס האָט אים אַזאַ שלעכטע עצה געגעבן. איז ער געפאַלן פאַר איר אויף די קני און האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— זיי מיר מוחל, העלענע! דו ביסט איידעלער פאַר מיר, ריינער, בעסער, דו ביסט אַ העכערע נאַטור, און דו וועסט מיך דערהויבן, ווען דער חומר וועט מיך פאַרלאָקן.

— שטיי אויף, אַלבערט, און שטאַרק זיך, — האָט העלענע געזאָגט מיט דעם טאָן פון אַ נביאה; גיי אין פרידן און באַווייז דער וועלט, אַז די ליבע איז עפּעס אַנדערש, ווי די שפּלע חיהדיקע תאווה. אַ גוטע נאַכט!

אַלבערט איז אויפגעשטאַנען און האָט עפּעס מיט אַ ספק אין האַרצן נאָכגעקוקט דער ווייב, וואָס איז אַוועק אין צימער און האָט צוגעשלאָסן די טיר הינטער זיך.

איבערפול מיט די ריינסטע געפילן און דער איידלסטער כוונה, איז ער אויך אַוועק צו זיך אין צימער. ער האָט אויסגע־טאָן זיין פראַק און האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר. דאָס צימער איז געווען בחוריש איינגעאָרדנט, אַ זאָפע, אַ שרייבטיש, אַ פּאָר עטאַ־זשערן מיט ביכער, אַ וואַשטיש.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעטאָן, האָט ער זיך אָפּגע־ריבן דעם קערפּער מיט אַ נאַסן האַנטוך. ער האָט זיך געלייגט אויף זיין זאָפע און האָט גענומען די אָוונט־צייטונג אין האַנט. רויכערנדיק זיין ציגאַר, האָט ער געוואָלט דערווייל איבערלייענען די צייטונג. ער האָט דורכגעלייענט אַן אַרטיקל מכח שוץ־אָפּצאָל

און האָט זיך דורכדעם אַ ביסל באַרואיקט. איצט האָט ער געקענט נאָכדענקען איבער זיין מצב.

— האָט ער חתונה געהאַט אָדער ער איז נאָך אַ בחור?
ער איז נאָך געווען אַ בחור ווי פריער, מיטן אונטערשייד, וואָס ער האַלט איצט אַ מיידל אויף קעסט, וואָס צאָלט אָבער ניט פאַר אירע קעסט. אָט דער געדאַנק איז געווען ניט פון די אָנגענעמע. דערפאַר אָבער איז ער געווען ריכטיק. די קעכין האָט געפירט די שטוב און די דינסטמיידל האָט אויפגעראַמט די צימערן. וואָס האָט דאָ נאָך צו טאָן העלענע? אַנטוויקלען זיך! אַך, וואָס פאַר אַ שטות דאָס איז! האָט ער געטראַכט. ער מאַכט אַליין פון זיך חוזק. ווי איז אָבער, האָט ער ווייטער געטראַכט, אויב דער פריינד איז פאָרט גערעכט, אַז דאָס איז נאָר דער געווינגלעכער אָנשטעל פון פרויען? קומען צו אים קען זי ניט, מוז ער, פאַרשטייט זיך, גיין צו איר. וועט ער ניט גיין, קען זיין, אַז זי וועט פון אים מאָרגן חוזק מאַכן, אָדער, וואָס ערגער נאָך, זי וועט זיך פילן באַליידיקט. יאָ, יאָ, די פרויען איז ניט משיג צו זיין; מ׳מוז דאָך מאַכן אַ פּראָבע.

ער איז אויפגעשפּרונגען, האָט אַרויפגעכאַפּט דעם שלאָפראָק אויף זיך און איז אַריין אין סאַלאָן. מיט אַ ציטער אין די קני האָט ער זיך צוגעהאָרכט, צי עס הערט זיך ניט עפּעס פון איר צימער.

קיין ריר ניט! מיטאַמאָל האָט ער זיך געמאַכט אַ האַרץ און איז צוגעגאַנגען צו איר טיר. עס איז אים געוואָרן שוואַרץ פאַר די אויגן, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

מ׳ענטפערט ניט. ער האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און אַ קאַלטער שווייס איז אים גערונען פון שטערן.

ער האָט אָנגעקלאַפּט נאָכאַמאָל, און מיט אַ הייזעריקער שטים פון אַן אויסגעטריקנטן האַלז, האָט ער קוים אַרויסגערעדט:

— איך בין דאָס!

מ׳ענטפערט ניט! האָט ער דערפילט אַ בושה פאַר זיך

האָט זיך אומגעקערט און איז אַריין צוריק אין זיין צימער פאַר־
שעמט און אָפּגעקילט.

זי מיינט עס, אפנים, גאַנץ ערנסט!

ער איז אַריין אין בעט און האָט ווידער גענומען די ציי־
טונג אין האַנט.

ווי ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען, האָט ער מיט־
אַמאָל אונטן אין גאַס דערהערט טריט, וואָס זיינען געווע־
טער, אַלץ שטילער געוואָרן. עס האָבן זיך דערהערט שטילע
מוזיק־קלאַנגען, און אַ כאָר פון שטימען:

— Integer vitae scelerisque purus...

עס האָט אים גערירט פאַרן האַרצן! אַזוי שיין! purus!

ער האָט דערפילט, ווי ער דערהייבט זיך איבערן חומר. אין
גייסט פון דער צייט, ווייזט אויס, ליגט אָט די העכערע פאָדע־
רונגען צום זיווג; דער מאָראַלישער שטראָם, וואָס גייט אַדורך
דורך דער גאַנצער עפּאָכע, האָט אויך פאַרכאַפּט די יוגנט.

— Nec venenatis...

ווען העלענע וואָלט געעפנט!

ער האָט שטיל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צום טאַקט און האָט
זיך דערפילט אַזוי גרויס, אַזוי איידל, אַזוי ווי העלענע וויל
אים זען.

— Fusce pharetra!

אפשר האָט ער געדאַרפט אויפעפענען די פענסטער און
דאַנקען די סטודענטן אין נאָמען פון זיין פרוי?

ער האָט זיך אויפגעהויבן!

אַ געלעכטער פול מיט חוזק האָט מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט
פון אונטן, פונקט אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט גענומען דעם
שנור אין האַנט אויפצוהויבן די פאָרהאַנקע.

מ׳לאַכט, ס׳איז קלאָר, מ׳לאַכט!

אויסער זיך פון פאַרדראָס, האָט ער זיך אָפּגערוקט פון
פענסטער און האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן טיש. ער האָט געהאַט
אַ פנים פון חוזק. עפּעס ווי אַ שטילער האַס האָט זיך אין אים
דערוועקט קעגן דער פרוי, וואָס האָט גורם געווען צו דעם ביזיון,

אָבער זיין ליבע צו איר האָט אַלץ פאַרגלעט. דעם גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צו די יונגאַטשעס קאַטאָוועסניקעס. ער וועט אַריינבריינגען אַן אָנקלאָג קעגן זיי. אָבער תיכף האָט ער זיך דערמאָנט אויף זיך אַליין, און האָט זיך ניט געקענט מוחל זיין, ווי אַזוי האָט ער זיך גאָר געקאָנט לאָזן פאַרפירן פון זיי.

ביז אינדערפרי האָט ער אומגעשפרייזט איבערן צימער. צום סוף איז ער געפאַלן אויפן בעט און איז איינגעשלאָפן מיט אַ ביטערן טרויער אין האַרצן אויף אַזאַ סוף פון זיין ערשטן חתונה־טאָג, וואָס האָט געקענט ווערן דער גליקלעכסטער אין זיין לעבן.

---

צומאָרגנס אינדערפרי האָט ער באַגעגנט העלענען ביים פרישטיק. זי איז געווען קאַלט און אָנגעצויגן ווי געוויינלעך, אַלבערט האָט זיך ניט געמאַכט ווויסנדיק פון דער נעכטיקער סערענאַדע. העלענע האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן אירע גרויסע פּלענער אין דער צוקונפט, דערהויפּט מכּוח דער אָפּשאַפונג פון פּראָסטיטוציע. אַלבערט איז געווען זייער געניינגט צו איר און האָט איר צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס עס וועט נאָר זיין אין זיינע כּוחות. די מענטשן מוזן צניעותדיק ווערן, וואָרעם נאָר די חיות זיינען ניט צניעותדיק.

נאָכדעם איז ער אוועק אויף זיין לעקציע. צוליב דער סע־רענאַדע האָט ער געהאַט אַ חשד, אַז דער גאַנצער עולם צוהע־רער קוקט אויף אים מיט אַ חוזק־מינע. אויך אין די באַגריסונ־גען פון די קאָלעגן האָט זיך אים געדוכט עפּעס ווי אַ מיין אים צו באַליידיקן.

אַ גרויסער, דיקער, לעבעדיקער קאָלעגע האָט אים אין פאָרהויז פון דער ביבליאָטעק פאַרשטעלט דעם וועג, אַ נעם גע־טאָן פאַרן קראַגן און האָט געפרעגט מיט אַ ברייטן שמייכעלע:

— נו?

— שעם דיך אין דיין ווייטן האַלז! האָט ער געקענט נאָר אויסריידן, האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים און איז אַראָפּ־געלאָפן פון די טרעפּ.

קומענדיק אַהיים, האָט ער געפונען אַ פולע שטוב מיט פריינדינס. קליידער פון פרויען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט ביי די פיס, און זיצנדיק אין שטול, איז ער אינגאַנצן פאַרזונקען אין פרויען־קליידער.

— ווי איך הער, האָט איר נעכטן געהאַט אַ סערענאַדע, האָט געזאָגט די פּראָפעסאָרין.

אַלבערט איז בלייך געוואָרן, אָבער העלענע האָט געזאָגט:

— דאָס וואָלט נאָך גאָרניט אויסגעמאַכט, ווען זיי וואָלטן לפּחות ניכטער געווען. די שיכּורות צווישן די סטודענטן איז באמת שרעקלעך.

— וואָס האָבן זיי אייך אויפגעזונגען? האָט געפרעגט די פּראָפעסאָרין.

— די געוויינלעכע לידער: „מיין לעבן איז אַ ים” און אַנדערע, האָט העלענע געזאָגט.

אַלבערט האָט זי אָנגעקוקט חידושימדיק, האָט אָבער גע־מוזט באַוואונדערן איר מוט.

דער טאָג איז אַריבער אין שמועסן און וויכּוחים. אַלבערט איז געווען מיד. נאָך דער טאָג־אַרבעט איז געווען איינגענעם צו פלוידערן אַ פּאָר שעה מיט פרויען. דאָס איז שוין אָבער גע־ווען צופיל. דערצו האָט ער נאָך געמוזט אויף אַלץ מסכּים זיין. ביי דעם קלענסטן פּרווו צו ענטפּערן אַנטקעגן, האָט ער באַלד באַקומען צו פילן דעם אומווילן פון די פרויען.

ס׳איז געוואָרן שפּעט אין דער נאַכט און די צייט צו שלאָפן איז געקומען, מאַן און ווייב האָבן זיך געזאָגט אַ גוטע נאַכט און יעדערער איז אַריין אין זיין צימער.

און ווידער האָט אים אָנגעכאַפּט אַ געפיל פון צווייפל און אומרו. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז העלענע האָט אויף אים היינט געקוקט מיט אַ צערטלעכן בליק, און האָט אים פעס־טער ווי אַלע מאָל געדריקט די האַנט. האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַר און האָט גענומען אַ צייטונג צום לייענען. און ווי נאָר ער האָט איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות פון דער ווירקלעכקייט, האָט זיך אים געדוכט, אַז איצט ערשט עפענען זיך ביי אים די אויגן:

— משוגע, כלעבן, האָט ער געזאָגט מיט אַ האַלבן מויל, אַוועקוואַרפנדיק די צייטונג פון היינט.

ער האָט אָנגעטאָן דעם שלאָפראָק און איז אַריין אין סאַלאָן.

ער האָט דערהערט ווי אין העלענעס צימער רירט זיך עפּעס.

ער האָט אָנגעקלאַפּט.

— דאָס זענט איר, לואיזע? האָט מען פונאינעווייניק געפרעגט.

— ניין, איך בין דאָס, האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— וואָס איז? וואָס ווילסטו?

— איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן, העלענע, האָט ער געזאָגט כמעט אָן זינען.

דער שליסל האָט זיך איבערגעדרייט אין שלאָס. ער האָט זיינע אויערן ניט געגלויבט. עס האָט זיך געעפנט די טיר.

העלענע איז געשטאַנען, אינגאַנצן אַן אָנגעטאָנענע.

— וואָס ווילסטו? — האָט זי געפרעגט. און דאָ האָט זי דערזען, אַז ער טראָגט נאָר אויף זיך דעם שלאָפראָק און זיינע אויגן גלאַנצן עפּעס מאָדנע.

זי האָט אויסגעשטרעקט דעם אָרעם, האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך און גלייך פאַרהאַקט די טיר.

ער האָט דערהערט אַ פאַל פון אַ קערפּער צו דער ערד און תיכף נאָכדעם אַ געוויין.

אויסער זיך פון כעס, נאָר פאַרשעמט, איז ער אַוועק צו־ריק אין זיין צימער. ס׳איז אַלזאָ גאָר קיין שפּאַס ניט געווען! אָבער נאָרמאַל איז דאָס געוויס אויך ניט!

אַ גאַנצע נאַכט איז ער געווען אויף און האָט זיך געגריבלט און נאָכגעדאַכט. אינדערפרי האָט ער געמוזט אַליין טרינקען קאַווע.

קומענדיק אַהיים צו מיטאָג, האָט אים העלענע איבערגע־נומען מיט אַן אומעטיקער און נכנעדיקער מינע.

— פאַרוואָס האָסטו מיר דאָס געטאָן? — האָט זי געזאָגט.

— ער האָט געבעטן מחילה, אָבער גאַנץ בקצור. דערנאָך האָט ער חרטה באַקומען, וואָס ער האָט אַזוי קורץ געענטפערט און ער האָט מיט הכנעה אָנגעהויבן צו ריידן.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ האַלב יאָר לאַנג. צווישן צווייפל, כעס און ליבע האָט ער זיך געראַנגלט, און איז פאָרט געבליבן שטענדיק צוגעשמידט צו זיין קייט.

ער איז געוואָרן איינגעחושכט, און דער גלאַנץ פון די אויגן האָט זיך אויסגעלאָשן. ער איז אָפט געווען שלעכט אויפגעלייגט, און אונטער דעם קאַלטן אָנשטעל, האָט כסדר געקאָכט אַ דומפּער צאָרן.

העלענע האָט דערזען, אַז ער איז געוואָרן גאַנץ פאַרענדערט און דעספּאָטיש, וואָרעם ער האָט זיך אָנגעהויבן צו האַמפּערן מיט איר און אָפט פלעגט ער פאַרלאָזן די שטוב און פאַרברענגען ערגעץ וואו אַנדערש ביי באַקאַנטע.

איינמאָל האָט ער באַקומען אַ פאָרשלאַג אַרויסצושטעלן זיין קאַנדידאַטור פאַר אַ פּראָפעסאָר, היות אָבער ווי ער אַליין האָט געהאַלטן די אַנדערע קאַנדידאַטן פאַר שטאַרקערע, האָט ער דעריבער גאָר ניט געוואָלט פּרוּוון. נאָר העלענע איז צו אים אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען, ביז ער האָט מסכים געווען. ער איז אויסגעוויילט געוואָרן. פאַרוואָס, האָט ער ניט געוואוסט. נאָר העלענע האָט יאָ געוואוסט.

פּונקט אין דער אייגענער צייט האָט מען געדאַרפט וויילן אַ נייעם דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט. דער נייער פּראָפעסאָר, וואָס האָט גאָר קיינמאָל אַפילו ניט געחלומט צו פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים, האָט פלוצלונג, צו זיין גרעסטער איבעראַשונג, דערזען זיין נאָמען צווישן די אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַטן. און נאָך גרעסער איז געווען זיין איבעראַשונג, ווען ער איז אויסגעוויילט געוואָרן. ער האָט געקלערט אָפּצוזאָגן זיך, אָבער העלענע האָט אים איינגערעדט, ווי גוט עס איז צו איבערבייטן דאָס קליין שטעטל אויף דער הויפּטשטאָט, און דעריבער האָט ער זיין מאַנדאַט אָנגענומען.

זיי האָבן זיך איבערגעקליבן קיין שטאָקהאָלם.

אין משך פון דעם האַלבן יאָר האָט זיך דער נייער פּראָ־פעסאָר און דעפּוטאַט באַקאָנט צווישן די יונגעלייט מיט די נייע אידעען, וואָס האָבן געשטאַמט פון ענגלאַנד, און האָבן זיך גע־שטעלט פאַר זייער צוועק אומצוענדערן די לערע פון דער גע־זעלשאַפט און איר מאָראַל. דערביי האָט ער געפילט, אַז באַלד וועט קומען דער מאָמענט, ווען ער וועט זיך מוזן אינגאַנצן צע־שיידן מיט זיין „קעסט־קינד". דאָ, אין שטאָקהאָלם, וואו דער נייער גייסט האָט אים צוגעגעבן מוט אָנצונעמען דידאָזיקע לערע, וועלכע ער האָט אין הארצן שוין לאַנג אָנערקענט, האָט ער אינ־גאַנצן אָפּגעלעבט.

העלענע, פאַרקערט, האָט דווקא דערשמעקט אין דער געג־נערישער באַוועגונג אַ קאָניונקטור פאַר זיך און זי איז אַריבער אויף דער זייט פון די קלעריקאַלן. דערמיט האָט זי שוין אַריבער־געכאַפּט די מאָס. זיין ליבע צו איר האָט זיך אָפּגעקילט, און ער האָט זיך געפונען זיינע פאַרגעניגונגען „אויסערן שטוב". ער האָט דערמיט זיין טרייקייט צו איר ניט געבראָכן, מחמת איר פאַר־העלטעניש צו אים איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט גאָרניט געקאָנט פאָדערן פון אים קיין טרייקייט צו איר.

דורך דער באַרירונג מיט אַנדערע פרויען, האָט זיך אויפ־געוועקט אין אים זיין מענערשער שטאָלץ, און ער האָט תיכף דערפילט, אין וואָס פאַר אַ שפלן מצב ער לעבט.

העלענע האָט באַמערקט, ווי ער דערווייטערט זיך פון איר. זייער לעבן איז געוואָרן גאָרניט פריילעך, און יעדע מינוט האָט מען געקענט דערוואַרטן אַ קאַטאַסטראָפע.

עס איז געווען אין אַ צייט פאַר דער עפענונג פון פאַרלאַ־מענט. העלענע האָט אויסגעזען עפּעס אומרואיק, און האָט, ווי עס שיינט, געענדערט איר דעה. דער טאָן אירער איז געוואָרן ווייכער, ווי פריער, און, ווי עס ווייזט אויס, איז זי געווען פאַר־אינטערעסירט, אַלץ מתקן צו זיין, וואָס זי האָט קעגן אים פאַר־זינדיקט. זי האָט זיך געזאָרגט דערפאַר, אַז די דינסטמיידלעך

זאָלן האַלטן. אָרדענונג אין שטוב און פּינקטלעך דערלאַנגען צום טיש.

ער האָט קיין צוטרוי צו איר ניט געהאַט און האָט זיך געחידושט. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו איר און איז געווען גרייט אויף אַלץ.

איינמאָל אינדערפרי ביים קאַווע, איז העלענע געווען עפּעס פאַרלעגן אין איר באַנעמונג מער ווי אַלעמאָל, זי האָט געצופּט די סערוועטע און האָט זיך עטלעכע מאָל טרוקן אָפּגעהוסט. נאָר זי האָט זיך צום סוף געמאַכט אַ הארץ און איז אַרויס מיטן לשון.

— אַלבערט, — האָט זי אָנגעהויבן, — דו וועסט דאָך מיר האָפּנטלעך ניט אָפּזאָגן צו אונטערשטיצן אין מיין אידעע, צו וועלכער איך בין איבערגעגעבן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן ענין? — האָט ער געפרעגט קורץ און טרוקן, וואָרעם איצט האָט ער שוין געהאַט די אויבער־האַנט.

— דו וועסט דאָך מסתמא עפּעס טאָן פאַר דער אונטער־דריקטער פרוי? האַ?

— וואו איז זי, די אונטערדריקטע פרוי?

— וואָס, דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט פון אונזער גרויסער אידעע? דו לאָזט אונז אַליין?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ אידעע?

— די פרויענפראַגע!

— אַזאַ פראַגע קען איך ניט.

— דו קענסט זי ניט? אָ, דו איינער! געפינט זיך אפשר די פרוי פון פאָלק ניט אין אַ שרעקלעך באַדריקטער לאַגע?

— ניין, איך זע גאָרניט, אַז די פרוי זאָל זיך געפינען אין אַן ערגערער לאַגע ווי דער מאַן. באַפריי אים פון זיינע עקספּלואַטאַטאָרן, וועט ממילא אויך זיין ווייב מיט אים באַפרייט ווערן.

— אָבער יענע אומגליקלעכע, וואָס מוזן זיך פאַרקויפן... און די געמיינע מענער...

— וואָס זיינען אַזוי געמיין, אַז זיי באַצאָלן! האָסטו ווען געהערט, אַז אַ מאַן זאָל נעמען געצאָלט פאַר דער הנאה, וועלכע ביידע געניסן גלייך?

— עס רעדט זיך דאָ ניט וועגן דעם, עס האַנדלט זיך נאָר מכּוח דעם, צי איז עס ניט אַן אומרעכט פון געזעץ, וואָס ער באַשטראָפט די פרוי און דעם מאַן לאָזט ער צורו.

— דאָס איז גאָר קיין אומגערעכטיקייט ניט! די פרוי איז אַזוי געפאַלן, אַז זי האָט פון זיך געמאַכט אַ מקור פון קראַנקהייט און אָנשטעקונג, דערפאַר באַגייט זיך מיט איר די מלוכה ווי מיט אַ משוגענעם הונט. אויב דו געפינסט אַ מאַנסביל, וואָס איז אויך אַזוי טיף געפאַלן, איז גוט, זיי מוחל, קענסט אים אויך שטעלן אונטער אַ פּאָליציילעכער השגחה. אַך, איר ריינע מלאכים איינע, וואָס קוקן אויפן מאַן ווי אויף אַן אומריינער חיה! וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס זאָל איך דאָ מאַכן?

ער האָט באַמערקט, ווי זי האַלט גרייט עפּעס אַ מאַנוסקריפּט, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון בופעט. ניט אָפּוואַרטנדיק איר ענטפער, האָט ער אַרויסגענומען דעם מאַנוסקריפּט פון איר האַנט און האָט געלייענט.

— אַ פּראָיעקט פאַרן פּאַרלאַמענט! דו ווילסט, איך זאָל זיין דער שטרויענער מאַן, וואָס זאָל דעם פּראָיעקט אַריינטראָגן! איז דאָס אָרנטלעך, ווי מיינסטו?

העלענע האָט זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן זאָפע.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו איר. ער האָט גענומען איר האַנט ביים דופק און האָט אונטערזוכט, צי איז דער היסטערישער אָנפאַל ניט געפערלעך. זי האָט זיך קאָנוואולסיוו אָנגעכאַפּט פאַר זיין האַנט און האָט זי צוגעדריקט צום האַרצן.

— גיי פון מיר ניט אַוועק, האָט זי געכליפּעט; פאַרלאָז מיך ניט, בלייב מיט מיר און לאָז מיר גלויבן אין דיך.

צום ערשטן מאָל האָט ער דערזען דעם אויסברוך פון אירע געפילן. אָט דער שיינער קערפּער, וועלכן ער האָט אַזוי באַוואונ-

דערט און געליבט, פאַרמאָגט אַלזאָ אין זיך לעבן. אין אירע אָדערן פולסירט וואַרים בלוט! בלוט, וואָס צעגיסט זיך אין טרערן. ער האָט זי געגלעט איבערן שטערן.

— אָ, האָט זי אַרויסגערעדט, ווי גוט עס איז, בעת דו גלעטסט מיך אַזוי. אָ, אַלבערט שטענדיק זאָל אַזוי זיין!

— יאָ, האָט ער געענטפערט, פאַרוואָס איז דאָס ביז אַהער אַזוי ניט געווען? פאַרוואָס?

העלענע האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און האָט נאָר איבער־געחזרט:

— פאַרוואָס?

איר האַנט איז געבליבן ליגן אין זיינער, און ער האָט געפילט ווי אַ זיסע וואַרימקייט גייט אַרויס פון איר סאַמעטענער האַנט; אַלע געפילן זיינע צו איר האָבן ווידער אויפגעפלאַמט, און איצט שוין מיט אַ געוויסער האָפענונג.

זי האָט זיך לסוף אויפגעהויבן.

— פאַראַכט מיך ניט, האָט זי געזאָגט, דו הערסט, דו זאָלסט מיך ניט פאַראַכטן.

און זי איז אַוועק אין איר צימער.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? האָט זיך אַלבערט געפרעגט, אַוועקגייענדיק אין שטאָט. איז געקומען צו אַ קריזיס? הייבט זיך איצט ערשט אָן איר פרויען־לעבן?

אַ גאַנצן טאָג איז ער געבליבן אין שטאָט. אינאָוונט איז ער געגאַנגען אין טעאַטער. מ'האָט געשטעלט „דאָרט וואו מ'לאַנג־ווייליקט זיך". האָט עס אים ניט פאַרדראָסן, בשעת ער האָט געזען ווי מ'לאַכט אויס די פלאַטאָנישע ליבע און די פאַרבינדונג פון די נשמות? ניין, אַ האָר ניט. אים האָט זיך געדוכט, ווי עמיצער ציט אַראָפּ פון זיין קלאָרן שכל אַ דינעם פיינעם שלייער פון ליגן, ער האָט געלאַכט פון דער ליבער חיה, וואָס שטעקט אַרויס איר קאָפּ פון אונטער די פּאַפּ־פליגלען פון די בוטאַפאָ־רישע מלאכימלעך; ער האָט געשמייכלט כמעט מיט טרערן אי־בער זיין לאַנגער זעלבסט־נאַררײַ, איבער זיין טנפשות. וואָס פאַר אַ פוילעניש עס געפינט זיך הינטער אָט דער פאַלשער מאָראַל!

הינטער דעם שגעון, צו װעלן זיך באַפרייען פון דער געזונטער נאַטור! די אַסקעטישע טעאָריע פון דעם אידעאַליזם און קריסטנ־טום האָט עס איינגעפלאַנצט אין די מוחות פון דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט.

וואָס פאַר אַ חרפה דאָס איז פאַר אים! ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט אַזוי לאַנג לאָזן נאַרן!

קומענדיק אַהיים, האָט ער נאָך געזען פייער אין העלע־נעס צימער. ער איז שטילערהייט אַריבער פאַרביי איר צימער. אַ הוסט האָט זיך דערהערט פון דאָרט.

ער איז אַריין אין זיין צימער און האָט זיך געלייגט אין בעט. ער האָט געלייענט אַ צייטונג און גערויכערט. ער האָט זיך ערשט פאַרטיפט אין אַן אַרטיקל וועגן מיליטער־פליכט. פלוצ־לונג האָט ער דערהערט, ווי די טיר פון העלענעס צימער האָט זיך געעפנט און נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ געלאַף און אַ גע־שריי פון סאַלאָן. ער שפרינגט אַראָפּ אַ קוק טאָן וואָס דאָ איז אַזוינס געשען, גלויבנדיק, אַז אַ שריפה האָט אויסגעבראָכן.

העלענע שטייט אין סאַלאָן, אין איר נאַכטקלייד. דערזע־ענדיק איר מאַן, לאָזט זי אַרויס אַ געשריי און לויפט צוריק צו איר צימער; דאָרט בלייבט זי שטיין, דעם קאָפּ אַרויסגעשטרעקט.

— זיי מוחל, אַלבערט, דאָס ביסטו? איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביסט נאָך אויף, איך האָב געמיינט דאָס זיינען גנבים! זיי מוחל!

און די טיר פאַרשליסט זיך.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָט זי אים ליב?

ער איז אַריין אין זיין צימער און איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל. קען אים אַ פרוי ליב האָבן? ער איז דאָך מיאוס! אָבער די נשמות האָבן ליב איינע די אַנדערע, און אָפט באַקומט אַ מיאוסער מאַנסביל גאָר אַ שיינע פרוי. נאָר אין אַזאַ פאַל איז דער מאַן כמעט שטענדיק אָדער רייך אָדער ער שפּילט אַ גרויסע ראָלע.

אפשר האָט העלענע זיך אַרומגעזען, אַז זי שפּילט דאָ

אַ פֿאַלשע ראָלע? אָדער אפשר האָט זי באַמערקט, אַז ער וויל זי־
פֿאַרלאָזן און זי האָט בדעה צו געווינען אים ווידער פֿאַר זיך?

אויף מאָרגן, ווען זיי האָבן זיך געטראָפֿן, איז העלענע
געווען גאָר מילד. דער פּראָפֿעסאָר האָט באַמערקט, אַז זי האָט
געטראָגן אַ נייעם קאַפּאָט, באַפּוצט מיט קרייזלעך, וואָס פּאַסט
איר זייער.

נעמענדיק די צוקער, האָבן זיך זייערע ביידנס הענט
צופעליק געטראָפֿן.

— זיי מוחל, ליבער מאַן, האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ מינע,
וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ביי איר ניט געזען, וואָס האָט
אים דערמאָנט פֿון אַ יונגער מיידל.

זיי האָבן געשמועסט מכוח זייטיקע ענינים.

פֿאַר מיטאָג האָט זיך געעפֿנט דער פּאַרלאַמענט.

העלענע האָט זיך געהאַלטן ביי איר מילדקייט און גוטס־
קייט און וואָס אַ טאָג איז זי אַלץ ווייכער און צאַרטער געוואָרן.

די צייט, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר פּראָיעקטן אין
פּאַרלאַמענט, איז געגאַנגען צו ענדע.

איינמאָל אינאָוונט, נאָכדעם ווי ער איז געווען אין קלוב,
איז דער פּראָפֿעסאָר געקומען אַהיים שטאַרק אויפגעלייגט. ער
איז אַריין אין זיין צימער און האָט זיך ווי זיין שטייגער גע־
לייגט אין בעט מיט זיין צייטונג און זיין ציגאַר. אין אַ ווײַלע
אַרום האָט ער דערהערט, ווי די טיר פֿון העלענעס צימער עפֿנט
זיך. נאָכדעם איז געוואָרן אַ פּאָר מינוטן שטיל. מיטאַמאָל האָט
ער דערהערט, ווי מ׳קלאַפּט זיך ביי אים אין טיר.

— ווער איז דאָ? האָט ער געפֿרעגט.

— איך בין דאָס, אַלבערט! טו זיך אָן און קום אַרויס,
איך מוז מיט דיר עפּעס ריידן.

ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַריין אין סאַלאָן. העלענע
האָט געהאַט אָנגעצונדן אַ לייכטער און איז געזעסן אויף דער
סאָפֿע אין איר קאַפּאָט מיט די קרייזלעך.

— זיי מיר מוחל, האָט זי געזאָגט, עס שלאָפֿט זיך מיר

ניט. דער קאָפּ איז מיר עפּעס מאָדנע צעמישט. זעץ זיך דאָ און רייד מיט מיר.

— דו ביסט נערוועז, מיין קינד, האָט אַלבערט געזאָגט און האָט זי אָנגענומען פאַרן האַנט. דו מוזט טרינקען אַ גלאָז ווייַן.

ער איז אַריין אין עס־זאַל און האָט געבראַכט אַ פלאַש ווייַן מיט צוויי גלעזער.

— פאַר דיין געזונט, געליבטע, האָט ער געזאָגט.

העלענע האָט געטרונקען און אירע באַקן האָבן זיך צע־פלאַמט.

— וואָס איז דיר? האָט ער געזאָגט און האָט זי אַרומגענומען. פילסטו זיך עפּעס ניט ביי זיך?

— יאָ, איך בין ניט גליקלעך!

ער האָט הגם גוט געהערט, אַז די ווערטער גייען ביי איר אַרויס טרוקן און געקליבן, נאָר זיין תאווה האָט זיך דערווייל אויפגעכאַפּט, און ער האָט אַלץ אָנגענומען פאַר גוט.

— ווייסטו, פאַרוואָס דו ביסט אומגליקלעך? האָט ער געפרעגט.

— ניין, מיר אַליין איז דאָס ניט קלאָר. אָבער איך ווייס נאָר, אַז איך האָב דיך ליב.

אַלבערט האָט זי אַרומגענומען, האָט זי צוגעדריקט צו זיך און האָט געקושט איר געזיכט.

— ביסטו מיין ווייב אָדער ניט? האָט ער געמורמלט.

— איך בין דיינע, האָט העלענע אַרויסגעזייט דורך די ציינער, און האָט אויפגעציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

— אינגאַנצן? האָט ער געמורמלט, פּאַראַליזירנדיק זי מיט זיינע קושן.

— אינגאַנצן, האָט זי אַרויסגעקרעכצט. איר קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געצאַפּלט, ווי זי וואָלט זיך געווערט אין חלום קעגן עפּעס אַ סכנה.

---

ווען אַלבערט האָט זיך צומאָרגנס אויפגעכאַפּט, איז אים דער קאָפּ געווען קלאָר, אויסגעשלאָפן און העל. זיינע געדאַנקען זיינען געווען קלאָר און דייטלעך, ווי נאָך אַ טיפן רואיקן שלאָף. די געשעענישן פון נעכטיקן טאָג זיינען געשטאַנען לעבעדיק פאַר זיינע אויגן. דער נאַקעטער פאַקט איז אַרויסגעשוואומען, אמת, ניכטער און דייטלעך.

זי האָט זיך פאַרקויפט!

אַ זייגער דריי ביינאַכט, בשעת ער איז געווען פאַרשיכורט, פאַרבלענדט און משוגע, האָט ער איר צוגעזאָגט אַריינצוטראָגן דעם פּראָיעקט אין פּאַרלאַמענט.

און דער שכר! רואיק, קאַלט, אומבאַוועגלעך האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן.

ווער איז דאָס געווען די ערשטע פרוי, וואָס האָט אַנטדעקט, אַז זי קען אירע צערטלעכקייטן פאַרקויפן? און וועלכע פרוי האָט דאָס אַנטדעקט, אַז דער מאַן וויל קויפן? אָט יענע פרוי האָט עס געלייגט דעם יסוד צו דער חתונה און צו דער פּראָסטיטוציע. און דאָ זאָגט מען נאָך, אַז דער זיווג איז אַ באַשערטע זאַך פון גאָט!

ער האָט געזען פאַר זיינע אויגן זייער ביידנס שפּלות! זי האָט געוואָלט טרואומפירן איבער אירע פריינדינס, אַז זי איז די ערשטע פרוי, וואָס האָט אַ השפּעה אויף דער געזעצגעבונג. אָט צוליב דעם נצחון האָט זי זיך פאַרקויפט.

אָבער אים האָט זיך געוואָלט אויפדעקן איר פאַלשקייט, באַווייזן איר, ווער זי איז. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז כל זמן די פרוי וועט זיך פאַרקויפן צוליב איר אייגענער טובה וועגן, קען די פּראָסטיטוציע ניט אָפּגעשאַפט ווערן.

און מיט דעם אַנטשלוס האָט ער זיך גענומען אָנטאָן.

אַ־ריינקומענדיק אין עסזאַל, האָט ער געמוזט אַ ווײַלע וואַרטן. ער האָט זיך אויסגעמאָלט וואָס דאָ וועט באַלד זיין, און האָט זיך געגרייט איר מקבל פּנים צו זיין.

און זי איז געקומען! רואיק, שמייכלענדיק און מיט נצחון; און קיינמאָל איז זי אַזוי שיין ניט געווען ווי איצט! אַ טונקל פייערל האָט געברענט אין אירע אויגן, און ער, וואָס האָט דער־

וואַרט, אַז זי וועט קומען אַ צניעותדיקע, ווי אַ יונגע ווייבל נאָך דעם ערשטן טאָג פון דער חתונה, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און פאַררויטלט, איז געווען גאַנץ פאַרניכטעט. זי, זי האָט געשפּילט די ראָלע פון דער נצחונדיקער פאַרפירערין און ער איז געווען דער נעבעכדיקער פאַרפירטער.

און די ווערטער, וואָס ער האָט איר געוואָלט זאָגן, האָט ער ניט אַרויסגעבראַכט איבער די ליפּן. ער איז אויפגעשטאַנען, אַ באַזיגטער, איז איר אַנטקעגן געקומען און האָט איר געקושט אין האַנט.

זי האָט געשמועסט ווי געוויינלעך, נישט געבנדיק מיט קיין רמז צו פילן, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט אין איר לעבן.

טראָגנדיק דעם מאַנוסקריפּט פון פּראָיעקט אין פּאַרלאַמענט, האָט ביי אים אין הארצן געקאָכט פון כעס, נאָר דער געדאַנק פון קינפטיקן גן־עדן האָט אים ווידער באַרואיקט.

אינאָווענט, ווען ער האָט זיך דרייסט אָנגעקלאַפּט ביי העלענען, איז די טיר געווען פאַרשלאָסן.

דריי וואָכן איז די טיר געווען פאַרשלאָסן. ער איז געקראָכן פאַר איר ווי אַ הונט, האָט איטלעכן וואונק אירן געפאָלגט, דעם קלענסטן וואונטש אירן דערפילט, אומזיסט.

דאָ האָט שוין זיין געדולד געפּלאַצט; ער האָט מער ניט אויסגעהאַלטן און האָט איר אַלץ אַרויסגעזאָגט. זי האָט געענטפערט שאַרף. אָבער זעענדיק, אַז זי האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, אַז ער האַלט ביים צערייסן די קייט, האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן.

און ער האָט געטראָגן זיין קייט, געריסן, געביסן מיט די ציינער, אָבער זי איז געווען שטאַרק.

אינגיכן האָט זי זיך אויסגעלערנט צו קאָמבינירן, ווי ווייט זי קען גיין, און בעת זי פּלעגט זען, אַז זיין געדולד האַלט שוין ביים פּלאַצן, האָט זי אים נאָכגעגעבן.

אַ שטאַרקער פאַרלאַנג האָט אים באַהערשט צו זען זי אַ מוטער פון זיין קינד. אפשר וועט עס אויפוועקן אין איר די פרוי — האָט ער געטראַכט, אפשר וועט עס אַרויסרופן אין איר די געזונטע נאַטור.

נאָר קיין מוטער איז זי ניט געוואָרן.

צי האָט די תאווה נאָך כבוד, דער עגאָאיסטישער פלאַם פון אינדיווידיאום אויסגעשרפעט אין איר דעם קוואַל פון לעבן? ווער קען דאָס וויסן.

איינמאָל האָט זי אים מודיע געווען, אַז זי מוז אויף עס־לעכע טעג פאָרן צו אירע קרובים.

ווען ער האָט זיך אינאָוונט נאָך איר אָפּפאָר אומגעקערט אהיים אין דער ליידיקער שטוב, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ מוראדיק געפיל פון פוסטקייט און בענקעניש. איצט איז אים קלאָר געוואָרן, ווי זיין גאַנצער קיום איז דורכגענומען מיט ליבע צו איר. די צימערן האָבן אויסגעזען וויסט, ווי נאָך אַ לוויה.

איר פלאַץ ביים טיש איז געווען ליידיק, און ער האָט פון ערגערניש כמעט גאָרנישט געגעסן.

נאָך דעם אָוונט-ברויט האָט ער אָנגעצונדן די ליוסטרע אין סאַלאָן. ער האָט זיך געזעצט אויף זיין געוויינלעכן פלאַץ, אויף דער זאָפע. ער האָט גענומען אין האַנט איר געלאָזענע האַנט־אַרבעט — אַ קינדער־יאַקעלע, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אַן אומבאַקאַנטן קינד אין אַ נייעם קינדער־האָרט. די נאָדל האָט נאָך דערין געשטעקט. ער האָט זיך געפרוווט שטעכן אין די פינגער גלייך, ווי ער וואָלט געוואָלט דערפילן, ווי זיס דער ווייטאָג איז.

נאָכדעם האָט ער אָנגעצונדן אַ ליכט און איז אַריין אין איר שלאָפצימער. ער האָט פאַרשטעלט די ליכט מיטן האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט באַגיין אַ פאַרברעכן. דאָס צימער איז גאָרניט גע־ווען ענלעך צו אַ שלאָפצימער פון אַ פרוי. אַ שמאָל ניט פאַרהאַנ־גען בעט, אַ שרייב טיש, אַן עטאַזשער, אַ נאַכטישל, אַ זאָפע. פונקט ווי אין זיין צימער. אפילו קיין טואַלעט־טישל איז ניטאָ, נאָר אַ קליינער וואַנט־שפּיגל.

דאָרט הענגט איר קלייד. דער שטייפער שטאָף האָט אין זיך אָפּגעדריקט די גאַנצע פאָרם פון איר קערפּער. ער האָט גע־גלעט מיטן האַנט איבערן שטאָף און האָט צוגעלייגט זיין פּנים צו די האַלז־קרייזעלעך. נאָכדעם האָט ער געוואָלט אַרומנעמען די טאַליע, אָבער דאָס קלייד איז איינגעפאַלן ווי אַ שאָטן.

— לייט זאָגן, די נשמה איז אַ גייסט, האָט ער געדאַכט. נאָר אויב אַזוי, איז דער גייסט מסתמא אַ קערפּערלעכער.

ער איז צוגעגאַנגען צום בעט, גלייך ווי ער וואָלט דערוואַרט צו דערזען אַ רוח. ער האָט אַלץ אָנגערירט, אָנגעטאַפּט מיטן האַנט.

און צום סוף, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים אויפדעקן אַ רעטעניש, האָט ער אָנגעהויבן אַרויס־ציען די שופלאָדן פון שרייב־טיש; זיי זיינען אַלע געווען פאַר־שלאָסן. נאָכדעם האָט ער ווי אומגערן אַרויסגעצויגן דעם שופלאָד פון נאַכט־טישל, האָט אים אָבער אויף גיך צוריק אַריינגעשטופּט. ער האָט נאָך באַוויזן צו איבערלייענען דעם טיטל פון אַ בראָ־שורע און צוגלייך תיכּף משער געווען דעם צוועק פון אייניקע אומגעוויינלעכע אינסטרומענטן, וואָס ער האָט באַמערקט.

אָט וואָס דאָס איז אַלזאָ! „צו פאַרהיטן פון פרוכטבאַרקייט!"

דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפט זיין פאַר דעם אונטערשטן קלאַס, ביי וועלכן מ׳האָט אָפּגענומען אַלע קוועלן פון חיונה, אַ רעטונג פון אָרעמקייט, איז געוואָרן אַ געצייג פון עגאָאיזם, דער לעצטער אויספיר פון אידעאַליזם. איז דער אייבערשטער קלאַס אינגאַנצן דעגענערירט, וואָס ער וויל זיך ניט פאַרמערן ווייטער, אָדער ער איז מאָראַליש צעפוילט? אַפּנים ביידע זאַכן אינאיינעם, מחמת ער האָלט דאָך פאַר אוממאָראַליש צו האָבן ניט־כּשרע קינדער און פאַר בזוידיק צו געבוירן כּשרע.

אָבער ער האָט געוואָלט האָבן אַ קינד! אים פעלן ניט די געלט־מיטלען דערצו, און ער האַלט פאַר זיין חוב און פאַר אַ כּשר־פאַרדינטע הנאה צו פאַרלענגערן זיין קיום דורך אַ נייעם דור. דאָס איז דער אמתער, דער נאַטירלעכער וועג פון געזונטן עגאָאיזם צום אַלטרואיזם. זי האָט אָבער געהאַט פאַר זיך אַן אַנדער וועג: זי האָט געניית יאַקעלעך פאַר פרעמדע קינדער. איז דאָס שענער? דאָס איז נאָר געווען די פורכט צו נעמען אויף זיך די לאַסט פון אַ מאַמען, דערביי איז עס ביליגער. ווייניקער טירחה צו זיצן אויף דער זאָפע און נייען יאַקעלעך, ווי צו האָדעווען אייגענע קינדער און פירן אַ שטוב.

עס איז געוואָרן אַ חרפּה צו זיין אַ ווייב, צו געהערן צום אייגענעם מין, אַ מאַמע צו ווערן.

אָט וואָס. מ׳האָט עס אַ נאָמען געגעבן אַרבעטן לשם שמים, פאַר העכערע אינטערעסן, פאַר דער מענטשהייט. אָבער אין דער אמתן ווערט עס אַלץ געטאָן נאָר צוליב באַרימעריי, עגאָאיזם, אויספיינען זיך פאַר לייטן.

און ער האָט זי נאָך באַדויערט, ער האָט נאָך חרטה גע־האַט אויף זיין צאָרן קעגן איר אומפּרוכטבאַרקייט! די „פיינע און אָנשטענדיקע" לייט נעמען עס אים פאַר אומגוט, וואָס ער האָט זיך עפּעס איינמאָל אַרויסגעזאָגט ניט מיט דער געהעריקער אַכטונג קעגן די אומגליקלעכע עקרות. לויט זייער מיינונג, זיינען דאָס הייליקע, וואָרעם זיי טראָגן אויף זיך דעם גרעסטן אומגליק, וואָס דער פרוי קען נאָר געשען.

און צוליב וואָס אַרבעט אָט די פרוי? פאַר דעם פּראָגרעס? פאַר דער רעטונג פון דער מענטשהייט?

ניין, זי אַרבעט קעגן דעם פּראָגרעס, קעגן דער פרייהייט און קעגן דער אויפקלערונג פון מענטשן. האָט דען אָט די איי־גענע פרוי ניט אָנגעשריבן אַ נייעם פּראָיעקט צו באַגרעניצן די פרייהייט פון געוויסן? און צי האָט דען אָט די פרוי ניט פאַר־פאַסט אַ בראָשור קעגן דער אויסגעלאַסנקייט פון די דינסטמייד־לעך? צי אַגיטירט זי ניט פאַר דער פאַרשאַרפונג פון מיליטער געזעץ? צי פירט זי ניט. אָן מיט דער אַגיטאַציע, אַז די מייד־לעך זאָלן באַקומען דיזעלביקע פאַרדאָרבענע דערציאונג ווי די יינגלעך?

ער האָט געהאַסט איר נשמה, וואָרעם ער האָט פיינט געהאַט אירע געדאַנקען! און פונדעסטוועגן האָט ער זי ליב? וואָס אייגנט־לעך האָט ער אין איר ליב?

— מסתמא, האָט ער זיך געענטפערט, אַריינפאַלנדיק ווידער אין פילאָזאָפיע, מסתמא די פרוכט פון אַ נפש, וואָס זי טראָגט אונטער איר האַרצן און וועלכע זי וויל אויסראָטן!

וואָס האָט עס דען געקענט אַנדערש זיין?

און זי? וואָס האָט זי אין אים ליב? זיין טיטל, זיין הויכן מצב, זיין מאַכט!

און אָט מיט דעם אַלטן מענטשן זאָל מען גיין אויפבויען אַ נייע געזעלשאַפט!

ער וועט איר דאָס אַלץ אַרויסזאָגן, ווען זי וועט קומען אַהיים. נאָר ער האָט זייער גוט געוואוסט, אַז ער איז דאָס ניט בכּוח צו טאָן. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט פאַר איר קריכן אויף אַלע פיר און בעטלען ביי איר חסד; אַז ער וועט בלייבן איר שקלאַף און וועט ווייטער פאַרקויפן זיין נשמה, פּונקט ווי זי פאַרקויפט איר קערפּער. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט עס טאָן, מחמת ער האָט זי ליב געהאַט.

# מיט חופה און אָן חופה.

אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג האָט דער רעפערענדאַר זיך געלאָזט שפּאַצירן אין אַלטן שטאָקהאָלמער פּאַרק. פון זומערדיקן טעאַטער האָט זיך דערטראָגן צו אים געזאַנג און מוזיק און פון די גרויסע פענסטער האָט געשטראָמט אַ ליכטיקייט, וואָס האָט דערלאַנגט מיט איר שיין ביז צו די שאָטנס פון די ערשט־פונאַנדערגעלאָזענע ליפּעס.

ער איז אַריין, האָט זיך צוגעזעצט ביי אַ פרייען טישל נאָענט צו דער עסטראַדע און האָט באַשטעלט גראָג.

צוערשט האָט אַ קאָמיקער געזונגען אַ טרויעריק ליד פון דער „טויטער מויז", נאָכדעם איז אַרויס אַ יונגע מיידל אין אַ ראָזן־רויטן קלייד און האָט פאָרגעזונגען אַ דעניש ליד: „קיין זאַך איז אַזוי ניט זיס ווי צו שיפן זיך אין אַ לבנה־נאַכט". זי האָט אויסגעזען בערך גאַנץ תמימותדיק און האָט זיך געווענדט מיט איר ליד צו אונזער תמימותדיקן רעפערענדאַר. וואָס דווקא צו אים און ניט צו אַן אַנדערן, האָט אים שטאַרק הנאה געטאָן. ער האָט פאַרפירט מיט איר באַקאַנטשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פלאַש וויין און געענדיקט מיט צוויי מעבלירטע צימערן מיט אַ קיך און אַלע נייטיקע זאַכן דערצו.

אַריינלאָזן זיך אין די פּרטים פון דעם יונגן מאַנס געפילן געהערט ניט צום פלאַן פון דער דערציילונג. פונקט אַזוי איז אירבעריק צו באַשרייבן די מעבלירונג און די אַלע אַנדערע נייטיקע זאַכן. הקצור, זיי זיינען געווען גוטע פריינד.

אָבער אַזוי ווי דער יונגערמאַן איז געווען אַ ביסל געכאַפּט פון היינטיקע סאָציאַליסטישע אידעען, דערצו האָט ער געוואָלט

האָבן זיין גליק שטענדיק פאַר די אויגן, האָט ער באַשלאָסן אַריינצוקלייבן זיך אַליין אין דער דירה און זיין פריינדין זאָל ביי אים זיין די ווירטשאַפטערין. און זי האָט גערן מסכים געווען דערצו.

אָבער דער יונגערמאַן האָט געהאַט אַ משפחה, ד. ה. ער איז געווען אַ זון פון אַ משפחה. און היות ווי נאָך זייער מיי־נונג איז ער דערמיט באַגאַנגען אַ חטא קעגן דער מאָראַל פון דער חברה און האָט פאַרשוואַרצט דעם נאָמען פון דער פאַמי־ליע, האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע פון עלטערן, שוועסטער און ברידער אַ וואָרף געטאָן אויף אים מיט טענות און מוסר. ער אָבער האָט זיך געהאַלטן פאַר צו אַלט אויסצוהערן זייערע מוסר־רייד, האָט ער אינגאַנצן אָפּגעריסן יעדער מגע־ומשא מיט זיי.

זיין אייגענע היים איז אים דעריבער נאָך ליבער געוואָרן. און ער איז געוואָרן אַ שטובּיקער באַלעבעסל. זייט מוחל, ניט קיין חתונה־געהאַטער באַלעבעסל. זיי זיינען געווען גליקלעך, וואָרעם זיי האָבן זיך האַלט געהאַט, ניט זייענדיק געבונדן מיט קייטן. זיי האָבן געלעבט מיט אַ פריילעכן אומרואיקן געפיל, אַז איינער פון זיי קען, חלילה, דעם אַנדערן אָנווערן און דערפאַר האָבן זיי אַלץ אָנגעווענדט, כדי צו דערהאַלטן איינער דעם צווייטן. זיי זיינען ביידע געווען ווי איינער.

נאָר איין זאַך האָט זיי געפעלט: באַקאַנטשאַפט. די געזעל־שאַפט האָט פון זיי ניט געוואָלט וויסן, און מ׳האָט זיי קיינמאָל אין ערגעץ ניט פאַרבעטן צו זיך.

עס איז געווען ערב וויינאַכטן, אַ טרויעריקער טאָג פאַר יענע, וועלכע האָבן ערגעץ אַ פאַמיליע. זיצנדיק אינדערפרי ביים קאַווע, האָט ער באַקומען אַ בריוו פון אַ שוועסטער, וואָס האָט אים שטאַרק געבעטן, ער זאָל צום וויינאַכט־אָוונט קומען אַהיים. דער בריוו האָט אָנגערירט די אַלטע סטרונע פון זיין אַלטן היים־געפיל און האָט אים אַרויפגעבראַכט אויף אומעטיקע רעיונות. ניט שוין־זשע וועט ער אין אַזאַ אָוונט לאָזן זיין פריינדין אַליין? ניין! אָבער ווי לאָזט מען צום ערשטן מאָל אין אַזאַ אָוונט זיין

פלאַץ ליידיק אין דער פאַמיליע? המ! די פראַגע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. ער איז אַוועק אין געריכט.

ביי אַ קורצער הפסקה איז צו אים צוגעגאַנגען אַ קאָלעגע און האָט אים געפרעגט, פאָרזיכטיק און דעליקאַט.

— רעכנסטו דעם ווייַנאַכט-אָוונט פאַרברענגען ביי דיין פאַמיליע?

דער פּנים האָט זיך ביי אים אָנגעצונדן. ניט שוין-ושע איז אים באַוואוסט דער גאַנצער ענין? וואָס פאַר אַ מיין האָט ער דערביי?

יענער האָט תּיכּף באַמערקט, אַז ער האָט דאָ אָנגעטראָטן אויף אַ הינער-אויג. האָט ער, ניט דערוואַרטנדיק די תּשובה, ווייטער גערעדט.

— יאָ, זעסטו, איך האָב מיר געטראַכט, אויב דו בלייבסט אַליין אין דעם אָוונט, וואָלסטו אפשר געקענט מיט מיר, המ, מיט אונז צוזאַמען פאַרברענגען. אפשר איז דיר באַקאַנט, המ, איך האָב אַ פריינדין, המ, אַ טייערע מיידל, אַ וואוילע איז זי.

גאָר ווי געוואונטשן. אַוודאי איז ער מסכּים. צי זיי קענען קומען ביידע? געוויס, קענען זיי ביידע קומען. און דערמיט איז די פראַגע מכּוח דעם אָוונט און באַקאַנטשאַפט געלייזט געוואָרן.

זעקס אַ זייגער זיינען זיי געקומען צום פריינד. די "אַלטע" האָבן זיך געזעצט ביי אַ פלאַש פאָרטער און די ווייבער זיינען אַריין אין קיך.

נאָכדעם האָבן זיך אַלע פיר פאַרנומען מיט גרייטן צום טיש: די אַלטע האָבן זיך געשטעלט אויף די קני און מיט העל-צער און קלינעס ברייטער געמאַכט דעם טיש. די ווייבער זיינען שוין געוואָרן גאָר נאָענטע פריינדינס, וואָרעם זיי האָט פאַרקניפּט דער געמיינזאַמער גורל, וואָס טראָגט דעם גרויסן נאָמען: "דער אורטייל פון דער וועלט". זיי האָבן זיך באַנומען איינע קעגן די אַנדערע מיט דרך-ארץ און דעליקאַט. אין ריידן האָבן זיי אויס-געמיטן יענעם לשון מיט אָנצוהערענישן, וועלכע חתונה-געהאַטע האָבן אַזוי גערן, בשעת די קינדער הערן זיי ניט, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געזאָגט: איצט האָבן מיר אַ רעכט דערצו.

צום טאָרט האָט דער יוריסט געהאַלטן אַ טאָסט אויף דער אייגענער היימישקייט, וואָס איז אַ מקום מקלט פון דער וועלט און פון די מענטשן, און וואו מיר לעבן איבער אונזערע בעסטע מינוטן מיט אונזערע אמתע פריינד.

מיטאַמאָל האָט זיך מאַריע-לואיזע צעוויינט, און אויף זיין פראַגע, וואָס איז די סיבה פון איר קומער, האָט זי געענטפערט, אַז זי ווייס זייער גוט, אַז ער בענקט נאָך דער מוטער און שוועסטער.

ער האָט געענטפערט, אַז ער בענקט לחלוטין ניט; זי אַליין וואָלט זיך געוואונטשן, זיי זאָלן תיכּף אַוועקגיין, ווען זיי וואָלטן דאָ איצט געווען.

— אָבער פאַרוואָס זאָלן זיי ניט חתונה האָבן?

— זיינען זיי דען איצט ניט קיין חתונה-געהאַטע?

— יאָ, אָבער ניט ווי עס געהער צו זיין.

— אָן אַ פּאַסטאָר? ער האַלט, אַז פּאַסטאָרן זיינען ניט מער ווי עקזאַמינירטע סטודענטן, און די גאַנצע עבודה זייערע איז ניט מער ווי מיטאָלאָגיע.

— אַזוינע זאַכן פאַרשטייט זי ניט. זי ווייס נאָר, אַז די שכנים אין ווין טייטלען אויף איר מיט די פינגער.

— זאָלן זיי טייטלען!

סאָפיע איז זיי אַריינגעפאַלן אין די רייד. זי ווייס טאַקע, אַז זיי האָבן קיין פּנים ניט ביי די קרובים, אָבער איר אַרט עס גאַנץ ווייניק. זאָל איטלעכער זיין דאָרט, וואו זיין אָרט איז, און זאָל צופרידן זיין מיט זיין גורל.

אַלנפאַלס האָט מען געהאַט אַ באַקאַנט הויז, וואו אַריינצוגיין, און מ'האָט געלעבט צווישן זיך גוט, וואָס עס טרעפט זעלטן צווישן פאַמיליעס. דער באַנד, וואָס האָט זיי פאַרקניפּט, האָט ניט אויפגעהערט צו זיין; דערפאַר אָבער זיינען זיי געווען פריי פון אַנדערע שטריק. מאַן-און-ווייב זיינען שטענדיק געווען ווי פאַרליבטע, אָן די מיאוסע רגילותן פון חתונה-געהאַטע, ווי למשל, זיין אומהעפלעך איינער צום אַנדערן.

---

נאָך איניקע יאָרן איז זייער בונד געבענטשט געוואָרן מיט אַ זון. דערמיט האָט זיך די געליבטע דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ מאַמען, און אַלע אַנדערע זאַכן זיינען פאַרגעסן געוואָרן. די יסורים ביים געבוירן און די זאָרג פאַר דעם ניי־געבוירענעם האָבן ביי איר אָפּגענומען יענע עגאָאיסטישע פרע־טענזיע שטענדיק צו געפינען חן אין די אויגן און זיין די איין־איינציקע אויסדערוויילטע ביים מאַן.

אַנטקעגן דער פריינדין האָט זי אָנגעהויבן אַרויסצווייזן איר חשיבות פון אַ מוטער און אַנטקעגן מאַן די שטאַרקע זיכער־קייט פון איר מעמד.

איינמאָל קומט דער מאַן און האָט אָנגעזאָגט אַ גרויסע בשורה. ער האָט געטראָפן זיין עלטסטע שוועסטער אין גאַס און, פאַרשטייט זיך, אַז זי ווייס פון אַלץ. זי איז זייער נייגעריק צו זען איר פלימעניק און וועט סוף־כל־סוף קומען מיט אַ וויזיט צו זיי.

מאַריע־לואיזע איז געווען פאַרחידושט און אָנגעהויבן אויפצוראַמען און צו פוצן, און דער מאַן האָט איינמאָל שוין געמוזט קויפן אַ ניי קלייד. און נאָכדעם האָט זי אַכט טאָג לאַנג געוואַרט. אויסגעוואַשן די גאַרדינען, געפוצט די מעשענע טירלעך פון די קאַכל־אויוונס, אויסגעווישט די מעבל. זאָל די שוועסטער זען, אַז איר ברודער איז אַריינגעפאַלן אין גוטע הענט.

און נאָכדעם, אַ זייגער עלף פאַר מיטאָג, צו דער צייט ווען די שוועסטער האָט געזאָלט קומען, האָט מען געקאָכט קאַווע.

זי איז געקומען, גלייך ווי אַ שטעקן, און האָט דערלאַנגט דער שוועגערין אַ שטייפע און אַ קאַלטע האַנט. זי האָט באַקוקט דעם שלאָפצימער, האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו טרינקען קאַווע און האָט דער שוועגערין ניט געקוקט גלייך אין פנים. מיט דעם ניי־געבאָרענעם האָט זי זיך פונדעסטוועגן אַ ביסל אינטערעסירט. און נאָכדעם איז זי אַוועק.

אָבער מאַריע־לואיזע האָט באַוויזן אָפּצומעסטן איר מאַנטל מיט די אויגן, געשאַצט דעם שטאָף פון איר קלייד, און האָט געכאַפּט די נייע אידעע פון איר פריזור. אויף איבעריקע האַר־

ציקייט האָט זי ניט געוואָרט. פאַרן ערשטן מאָל איז דאָס געווען גאַנץ געגנוג, און אַלע שכנים אין הויז האָבן תּיכּף געוואוסט, אַז די שוועגערין איז דאָ היינט געווען.

דער יינגל איז אונטערגעוואַקסן און צו אים איז צוגעקומען אַ מיידעלע.

איצט איז מאַריע לואיזע געווען מוטערלעך פאַרזאָרגט וועגן דער צוקונפט פון אירע קינדער, און ביי יעדער געלעגנ־הייט האָט זי מיט אַלע מיטלען געזוכט צו איבערציייגן איר מאַן, אַז נאָר אַ פּאָרמעלע חתונה קען די קינדער ראַטעווען.

דערצו נאָך האָט געווירקט דער רמז פון דער שוועסטער, אַז נאָר ביי אַ פּאָרמעלע חתונה קען ער האָפן אויף דער מחילה מצד די עלטערן.

נאָך אַ צוויי־יאָריקער מלחמה האָט ער ענדלעך באַשלאָסן וועגן דער צוקונפט פון זיינע קינדער, צו אונטערגעבן זיך דער מיטאָלאָגישער צערעמאָניע פון פּאַסטאָר.

ווען זאָל ער אָבער פאַרבעטן אויף דער חתונה? מאַ־ריע־לואיזע האָט געוואָלט, די חופה זאָל זיין אין קלויסטער. קען אָבער דערביי סאָפיע ניט ביי זיין. עס האָט זיך ניט געלאָזן. פּונקט אַזאַ מיידל ווי זי! מאַריע־לואיזע האָט זיך שוין אויסגע־לערנט אַרויסצורײדן דאָס וואָרט „מיידל" מיט אַ מאָראַלישן אַק־צענט. דער מאַן אָבער האָט איר דערמאָנט, אַז סאָפיע איז גע־ווען אירע אַ גוטע פריינדין און מ׳טאָר ניט זיין אומדאַנקבאַר. מאַריע־לואיזע, פאַרקערט, האָט געפונען, אַז צוליב די קינדער דאַרף מען זיך מיט אייגענע סימפּאַטיעס ניט רעכענען. און זי האָט אויסגעפירט.

די חתונה איז פאָרגעקומען.

עס איז שוין נאָך דער חתונה, און פון די עלטערן איז נאָך קיין איינלאַדונג ניטאָ. פון סאָפיען האָט זיך דערהאַלטן אַ בייזער בריוו און דערמיט איז די פריינדשאַפט אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן.

און מאַריע־לואיזע איז געוואָרן אַ דאַמע. זי איז אָבער געווען איינזאַמער ווי פריער. פאַרביטערט צוליב די אומזיסטע

האָפּענונגען, און זייענדיק גאַנץ זיכער מיט איר געבונדענעם מאַן, האָט זי זיך איצטער גענומען אַלע זכיות, וועלכע געהערן דער חתונה־געהאַטער ווייב. דאָס, וואָס זי האָט פריער באַקומען מיטן גוטן ווילן, האָט זי זיך איצט גענומען ווי אַ חוב. זי האָט זיך באַפעסטיקט אונטער דעם חשובן טיטול פון אַ מאַמען פון זיינע קינדער און פון דאָרטן אַרויס האָט זי אויסגעפירט אירע אַטאַקעס.

זייענדיק אַ תמים, ווי אַלע פאַרנאַרטע מענער, האָט ער קיינמאָל ניט געקענט משיג זיין, וואָס פאַר אַ הייליקייט עס ליגט אין דעם, וואָס זי איז די מאַמע פון זיינע קינדער. מיט וואָס זיינען זיינע קינדער חשובער און וואונדערלעכער פאַר אַנדערע, און פאַר אים אַליין, האָט זיך אים ניט געלייגט אויפן שכל.

איצטער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַרואיקט, וואָס זיינע קינדער האָבן שוין אַ געזעצלעכע מוטער, האָט ער אָנגעהויבן ווידער אַרומצוקוקן זיך אין דער וועלט. מחמת אין דער צייט, בעת ער איז געווען פאַרשיכּורט פון ליבע, האָט ער די אַרומיקע וועלט פאַרגעסן, און שפּעטער האָט ער זיך ניט באַוויזן, ווייל ער האָט ניט געוואָלט די ווייב מיטן קינד לאָזן אַליין.

דידאָזיקע פרייהייט זיינע איז דער ווייב ניט געפעלן געוואָרן, און היות ווי איצטער האָט זי זיך ניט געדאַרפט שעמען און דערצו נאָך געהאַט אַן אָפענעם כאַראַקטער, האָט זי אַרויסגעזאָגט, וואָס זי האָט געטראַכט.

אָבער אַזוי ווי ער האָט געקענט אַלע יוריסטישע דריידלעך, האָט ער קיין ענטפער ניט געדאַרפט זוכן.

— ווי מיינסטו, איז דאָס פיין פון דיין זייט, האָט זי געפרעגט, צו לאָזן אַליין די מוטער פון דיינע קינדער אין שטוב זיצן, און אַליין גיין אין רעסטאָראַנען?

— איך גלויב ניט, אַז איך האָב דיר געפעלט, האָט ער געענטפערט.

— געפעלט? אַז דער מאַן פאַרשיכּורט דאָס געלט אין רעסטאָראַן, קען שוין יאָ עפּעס פעלן אין שטוב.

— ערשטנס, שיכור איך ניט, ווייל איך עס נאָר איין ביסן און פאַרטרינק מיט אַ גלאָז קאַווע; צווייטנס, פאַרטרינק איך קיין געלט ניט פון דער הוצאה, מחמת דאָס איז דאָך ביי דיר פאַרשלאָסן; און, צום „פאַרשיכורן”, האָב איך אַ גאַנץ אַנדערן מקור.

צום אומגליק האָבן די ווייבער פיינט איראָניע, און דעם שלייף פון דער המצאהלע האָט זי אים תיכף געוואָרפן אויפן האַלז.

— ביסטו, אַלזאָ, מודה, אַז דו שיכורסט?

— ניין, איך האָב נאָר אין שפּאַס גערעדט מיט דיין לשון.

— שפּאַס. מאַכסט חוזק פון דיין ווייב! פריער פלעגסטו אַזוינס ניט טאָן!

— דו האָסט דאָך אַליין פאַרלאַנגט די צערעמאָניע, פאַרוואָס איז דאָס איצטער שוין ניט אַזוי ווי פריער?

— מסתמא דעריבער, ווייל מ'האָט חתונה געהאַט.

— צום טייל דערפאַר, און צום טייל, ווייל שיכרות האָט אַ טבע זיך אויסצוניכטערן.

— הייסט עס, ביי דיר איז דאָס נאָר געווען אַ שיכרות?

— ניט נאָר ביי מיר; ביי דיר אויך, און אויך ביי אַלע אַנדערע. זי דויערט נאָר, ווי ביי וועמען, מער אָדער ווייניקער לאַנג!

— הייסט עס, די ליבע איז ביי די מענער נאָר אַ שיכרות.

— ניין, אויך ביי די פרויען!

— בכלל אָבער איז זי אַ שיכרות!

— יאָ, יאָ, יאָ! אָבער נאָכדעם קען מען נאָך גוטע פריינד בלייבן.

— אָבער דערצו דאַרף מען דאָך ניט פריער חתונה האָבן.

— ניין, איך האַלט אויך אַזוי.

— דו? האָסטו אַליין ניט געוואָלט, אַז מיר זאָלן חתונה האָבן?

— יאָ, ווייל דו האָסט מיך טאָג און נאַכט אין רו ניט געלאָזט; דריי יאָר נאָכאַנאַנד!

— אמת, אָבער דו האָסט עס דאָך געוואָלט!

— אַוודאי, ווייל דו האָסט עס געוואָלט; מעגסט מיר דער־פאַר דאַנקען.

— נאָך אַ דאַנק קומט דיר דערפאַר, וואָס דו לאָזט די־מאַמע פון דיינע קינדער אַליין אין שטוב און גייסט זיך אַוועק אין רעסטאָראַן?

— ניין, ניט דערפאַר, נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב מיט־דיר חתונה געהאַט.

— דאַנקבאַר, הייסט עס, מוז איך בכל אופן זיין?

— אַוודאי, ווי יעדער אָרנטלעכער מענטש, ווען עס ווערט דערפילט זיין פאַרלאַנג.

— נו, אויף אַזאַ אופן חתונה צו האָבן איז שוין גאָרניט אַזוי פריילעך! אַז דו האָסט ביי דיין מאַנס קרובים אַ פּנים ווי־עפּעס איך ווייס וואָס פאַר אַ מיידל.

— וואָס אַרן דיך מיינע קרובים? איך האָב אויך מיט־דיינע קרובים ניט חתונה געהאַט.

— אפשר, מחמת זיי זיינען ניט גענוג חשוב פאַר דיר!

— אָבער מיינע קרובים זיינען שוין פאַר דיר צו חשוב. וואָלטן זיי געווען שוסטער, וואָלסטו זיך נאָך זיי אַזוי ניט געיאָגט.

— שוסטער? וואָס טויגן אַזוי שוסטער ניט? זיינען שוס־טער קיין מענטשן ניט?

— אַוודאי און אַוודאי, אָבער איך גלויב ניט, אַז דו וואָלסט זיך נאָך זיי נאָכגעיאָגט.

— נו, אויב אַזוי, איז גוט!

נאָר גוט איז שוין מער ניט געווען, און ס׳איז אויך ניט געוואָרן גוט. צי איז די שולד אין דער חתונה געלעגן, אָדער אין עפּעס אַנדערש, בכל אופן האָט זיך מאַריע־לואיזע אַרומגעזען, אַז פריער איז געווען בעסער, עס איז עפּעס געווען „טרייער" ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט.

ער האָט ניט געהאַלטן, אַז דווקא די חתונה איז דאָ שול־דיק געווען, מחמת ער האָט אויך געזען בירגערלעכע חתונות,

גאָר ניט קיין גליקלעכע. אָבער ערגער פאַר אַלץ איז געווען אַזאַ פאַקט: איינמאָל, ווען ער האָט, ווי שטענדיק, אָן דער ווייבס וויסן געוואָלט באַזוכן זיין פריינד מיט סאָפּיען, האָט ער זיך דער־וואוסט, אַז זיי האָבן זיך צעשיידט. און זיי האָבן דאָך שוין ניט חתונה געהאַט!

די חתונה, הייסט עס, איז דערביי גאָרניט שולדיק!

---

# דועל.

זי איז געווען מיאוס און דעריבער איז זי ניט באַמערקט געוואָרן פון די אַלע גראָבע יונגע־לייט, וואָס פאַרשטייען ניט אָפּצושאַצן אַ שיינע נשמה אונטער אַ מיאוסן פנים. זי איז אָבער געווען רייך, און זי האָט געוואוסט, אַז די מאַנסבילן יאָגן זיך נאָכן געלט פון די פרויען; צי ווייל געלט בכלל ווערט פון די מענער פאַרדינט דערפאַר, האָבן זיי אַ טענה דער קאַפּיטאַל זאָל אַריבער דווקא צו זייער מין, אָדער וועגן אַנדערע סיבות, האָט זי זיך קיין קלאָרן חשבון ניט אָפּגעגעבן. און מחמת זי איז רייך געווען, האָט זי אַלץ געלערנט, און ווייל זי האָט דערצו נאָך באַוויזן אַ שטאַרקן אומצוטרוי און אַ טיפע פאַראַכטונג צו די מענער, האָט זי געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ פעאיקער פרוי.

זי איז ערשט אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר. איר מאַמע האָט נאָך געלעבט. און זי האָט קיין חשק ניט געהאַט צו וואַרטן גאַנצע פינף יאָר, ביז זי וועט ווערן פוליאָריק און באַקומען דעם זכות צו זיין אַ באַלעבאָסטע איבער איר פאַרמעגן. און אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז איינמאָל אין אַ טאָג איז פּלוצלונג דערגאַנגען צו אירע חברטעס די ידיעה פון אירע תנאים.

— זי האָט חתונה, כדי צו באַקומען אַ מאַן, האָט מען געזאָגט.

— זי האָט חתונה, כדי צו האָבן אַ משרת און דערביי פון דער פרייהייט צו געניסן, האָבן אַנדערע געזאָגט.

— ווי נאַריש דאָס איז פון איר חתונה צו האָבן, האָט געזאָגט די דריטע דעה, אַפּנים אַז זי ווייס ניט, אַז דווקא ערשט דעמאָלט וועט זי פאַרלירן דעם זכות פון אַ זעלבשטענדיקן מענטשן.

— האָט קיין מורא ניט, האָבן ווידער אַנדערע געזאָגט; זי ווערט פּוליאַריק, הגם זי האָט חתונה.

ווי האָט ער אויסגעזען? ווער איז ער געווען? וואו האָט זי אים געפונען?

ער איז געווען אַ יונגער אַדוואָקאַט, מיט אַ ווייבערישן פּנים, מיט הויכע היפטן און אַ ביישן פון דער נאַטור. ער איז געווען אַ בן־יחיד, וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן פון זיין מאַמען און פון זיינער אַ מומען. ער האָט שטענדיק געהאַט עפּעס אַ מאָד־נעם פּחד פאַר מיידלעך און האָט דעריבער געהאַסט די אָפּיצירן, וואָס טרעטן אַרויס מיט מאַנסבילשער זיכערקייט און ווערן תמיד פּריווילעגירט אויף די בעלער און פאַרווייליגנגען. אָט אַזאַ איז ער געווען.

זיי האָבן זיך געטראָפן אויף אַ באַל אין קור־הויז. ער איז צו שפּעט געקומען און עס זיינען שוין מער קיין דאַמען צום טאַנצן ניט געבליבן. די יונגע מיידלעך האָבן אים פריילעך און נצחונדיק געענטפערט מיט אַ ניין אויף זיין איינלאַדונג; זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיט אַ מאַך פון זייערע טאַנצקאַרטעס, ווי מ׳טרייבט פון זיך אָפּ אַ קלעפּיקע פליג.

געקריוודעט און צעטראָטן איז ער אַרויס און האָט זיך צוגעזעצט אויף דער וועראַנדע און האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. די לבנה איז געשטאַנען איבער די ליפּעס פון פּאַרק און פון די בייטן האָט געשמעקט מיט רעזעדע. דורך די פענסטער האָט ער געזען, ווי די פּאָרלעך דרייען זיך אין טאַנץ און דער תאווה־דיקער ריטם פון דעם וואַלס האָט אים אונטערגעהויבן: דאָס איז געווען יענער אָנמעכטיקער חשק פון אַ בעל־מום.

— איר זוכט דאָ יחוד פאַר אייערע רעיונות? האָט ער דערהערט אַ שטים, וואָס רעדט צו אים. און איר טאַנצט גאָרניט?

— אַלמאַי טאַנצט איר ניט, פריילין? — האָט ער געזאָגט און האָט צו איר אַרויפגעקוקט.

— ווייל איך בין מיאוס און קיינער וויל מיך ניט, האָט זי געענטפערט.

ער האָט זי באַקוקט. זיי זיינען געווען אַלטע באַקאַנטע, אָבער נאָך קיינמאָל האָט ער זיך געגנבֿט איר פּנים ניט אָנגעקוקט. זי איז געווען אָנגעטאָן עלעגאַנט און אין דער מינוט האָט איר בליק אויסגעדריקט אַזאַ צער, אַ צער פֿון יאוש און אָנמעכטיקער אויפֿגעבראַכטקייט קעגן דער אומיושרדיקער נאַטור, אַז ער האָט דערפֿילט צו איר אַ סימפּאַטיע.

— מיך וויל אויך קיינער ניט, — האָט ער געזאָגט. אָבער די אָפּיצירן האָבן פֿאָרט רעכט. אין דעם נאַטירלעכן אָפּקלייב איז דאָס רעכט אויף דער זייט פֿון די שטאַרקערע און די שענערע· קוקט זיך נאָר צו צו זייערע פּלייצעס און עפּאָלעטן!

— פֿע, ווי איר רעדט!

— זייט מוחל! אָבער מען ווערט פֿאַרביטערט, ווען מ׳קען זיך ניט פֿאַרמעסטן מיט די כּוחות! ווילט איר אפֿשר מיט מיר טאַנצן?

— פֿון רחמנות וועגן?

— יאָ, צו מיר!

ער האָט אַוואָרף געטאָן זיין ציגאַר.

— האָט איר ווען געפֿילט, וואָס דאָס איז אַזוינס, טראָגן אויף זיך דעם צייכן פֿון אַ האַרטן גורל און זיין פֿאַרשטויסן פֿון לעבן? האָט איר ווען געפֿילט וואָס דאָס איז אַזוינס, אומעטום צו זיין דער לעצטער? האָט ער גערעדט פֿון האַרצן.

— צי איך האָב דאָס געפֿילט? נאָר די לעצטע בלייבן ניט תּמיד די לעצטע, האָט זי מוסיף געווען מיטן טראָפּ אויף די ווערטער. נאָך אַנדערע מענטשלעכע מעלות, אַחוץ שיינקייט, האָבן אַ ווערדע אין לעבן.

— וועלכע מעלה שאַצט איר ביים מאַנסביל פֿאַר די העכסטע.

— גוטסקייט, האָט זי לחלוטין געענטפֿערט. וואָרים אָט די מידה איז אַזאַ זעלטענע ביים מאַן.

— מ׳זאָגט, אַז גוטסקייט און שוואַכקייט האָבן אַ שייכות צווישן זיך, און די פֿרוי האָט דאָך ליב ביים מאַן גראָד זיין שטאַרקייט.

— וועלכע פרויען? דער גראָבער כוח האָט שוין זיין צייט אָפּגעלעבט. אַצינד זיינען מיר שוין גענוג קולטיווירט, לפּחות אויף אַזויפיל, כדי צו פאַרשטיין, אַז די מוסקול-קראַפט און דער גראָבער כאַראַקטער טאָר ניט שטיין העכער פאַר דער גוטסקייט פון האַרצן.

— טאָרן—טאָר טאַקע ניט און פונדעסטוועגן, קוקט זיך צו נאָר צום טאַנץ!

— די אמתע מאַנסבילשקייט זע איך נאָר אין דער פיינקייט פון געפיל און אין דער איידלקייט פון האַרצן.

— איר קענט אַלזאָ ליב קריגן אַ מאַן, וואָס די גאַנצע וועלט האַלט אים פאַר שוואַך און פּחדניש...

— וואָס אַרט מיך די וועלט? און וואָס גייט מיך אָן איר מיינונג!

— ווייסט איר, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַן אומגעוויינלעכע מיידל, האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט און האָט זיך אַלץ מער פאַראינטערעסירט מיט איר.

— איך בין לחלוטין ניט אומגעוויינלעך! נאָר איר, מענער, זיינט געוואוינט צו האַלטן די פרויען פאַר עפּעס אַ מין שפּיל-צייג...

— וועלכע מענער? איך, מיין פריילין, האָב פון קינדהייט אָן געקוקט אויף דער פרוי ווי אויף אַ העכערער בריאה פון דעם מין מענטש, און פון יענעם טאָג אָן, ווען אַ פרוי וועט מיך און איך זי ליב קריגן—בין איך איר שקלאַף.

אַדעלע האָט אים טיף און לאַנג אָנגעקוקט. נאָכדעם האָט זי געזאָגט:

— איר זענט אַן אויסערגעוויינלעכער מאַן!

נאָכדעם ווי זיי האָבן איינער דעם צווייטן דערקלערט פאַר אומגעוויינלעכע פּירות פון דעם נידעריקן מין מענטש און האָבן זיך אַרויסגעזאָגט איבער דעם הבל-הבלים פון טאַנצן, איז דער שמועס אַריבער אויף דער מעלאַנכאָליע פון דער לבנה. נאָכדעם זיינען זיי אַריין אין טאַנצזאַל צו באַטייליקן זיך אין קאַדריל.

אַדעלע האָט אויסגעצייכנט געטאַנצט, און דער אַדוואָקאַט האָט אינגאַנצן געוואונען איר האַרץ, ווייל ער טאַנצט ווי „אַן אומשולדיקע מיידל״.

נאָך דעם קאַדריל האָבן זיי זיך ווידער געזעצט אויף דער וועראַנדע.

— וואָס איז אַזוינס די ליבע? האָט אַדעלע געפרעגט און האָט אַרויפגעקוקט צו דער לבנה, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער פון הימל.

— די סימפּאַטיע פון די נשמות, האָט ער געשעפּטשעט מיט אַזאַ שטים, אַזוי ווי דער ווינט וואָלט עס צוגעטראָגן אויף זיינע פליגלען.

— אָבער די סימפּאַטיע קען לייכט אַריבער אין אַנטיפּאַ־טיע, ווי עס האָט שוין פּאַסירט, האָט אַדעלע ווייטער געזאָגט.

— אויב אַזוי, איז דאָס ניט די אמתע סימפּאַטיע! עס זיינען דאָ מאַטעריאַליסטן, וואָס זאָגן, אַז ווען ניט די צוויי געשלעכטן, וואָלט בכלל קיין ליבע ניט געווען; און זיי האָבן די העזה צו זאָגן, אַז די תאווהדיקע ליבע געוועדט לענגער ווי די אַנדערע. איז דאָס ניט אַ שפּלות, מעשה־חיה, צו זען אין דער געליבטער נאָר איר מין?

— רעדט ניט מכוח די מאַטעריאַליסטן.

— איך מוז אָבער פּאָרט ריידן וועגן זיי. כדי איר זאָלט פאַרשטיין, ווי הויך איך שטעל מיין ליבע צו אַ פרוי, ווען עס וועט מיר באַשערט זיין זי צו ליבן. זי דאַרף גאָרניט שיין זיין; שיינקייט פאַרגייט. זי וועט פאַר מיר זיין אַ גוטער חבר, אַ פריינד. איך וועל מיך קיינמאָל פאַר איר ניט פילן שעמעוודיק ווי פאַר אַ מיידל. איך וועל פשוט צו איר צוגיין ווי איך גיי צו אייך צו און זאָגן: ווילט איר ווערן מיין פריינדין פאַרן גאַנצן לעבן? און זאָגן וועל איך דאָס, ניט פילנדיק דערביי קיין שום פאַרלעגנ־הייט, וואָס אַ געוויינלעכער מענטש מוז דערביי פילן, ווען ער דערקלערט זיך אין ליבע פאַר זיין געליבטער, מחמת זיינע מחשבות זיינען ניט ריין.

אַדעלע האָט אָנגעקוקט דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זי אָנ־גענומען פאַרן האַנט, מיט גרויס התפּעלות.

— איר זייט אַן אידעאַלער מענטש, האָט זי געזאָגט, און איר האָט מיר אַלץ ווי פון האַרצן אַרויסגערעדט. אויב איך פאַרשטיי אייך גוט, בעט איר ביי מיר מיין פריינדשאַפט. איר וועט זי באַקומען. פריער אָבער מוזט איר ביישטיין ביי אַ נסיון. איר זאָלט מיר באַווייזן, אַז איר קענט דערטראָגן אַ דערנידערונג, פאַר יענער, וועלכער איר האָט ליב.

— צי איך וויל? זאָגט נאָר אַ וואָרט, און איך בין אַלץ מקיים!

אַדעלע האָט אַראָפּגענומען פון זיך איר גינגאָלדענעם האַלזבאַנד, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעהאַנגען אַ מעדאַליאָן.

— טראָגט דאָס אויף זיך ווי אַ צייכן פון אונזער פריינד־שאַפט.

— איך וועל דאָס טראָגן, האָט ער געזאָגט אַ ביסל אומ־זיכער; אָבער מ'וועט אפשר מיינען, אַז מיר זיינען חתן־כּלה.

— און דערפאַר האָט איר מורא?

— אַוודאי ניט, אויב דו ווילסט? ווילסטו?

— יאָ, אַקסעל! איך וויל דאָס; ווייל די וועלט דערלויבט קיין פריינדשאַפט ניט צווישן מאַן און ווייב. די וועלט איז אַזוי נעבעכדיק, אַז זי גלויבט ניט, אַז עס קען געמאָלט זיין אַ ריינע פאַרהעלטעניש צווישן צוויי געשלעכטן.

און ער האָט געטראָגן זיין קייט.

די וועלט, וואָס איז אונטער פיר אויגן זייער מאַטעריאַליס־טיש, האָט געזאָגט ווי די פריינדינס האָבן געזאָגט:

— זי האָט חתונה, כּדי חתונה צו האָבן, און ער, כּדי ער זאָל האָבן אַ ווייב.

די וועלט האָט אויך געמאַכט מיאוסע אָנצוהערענישן, אַז ער נעמט זי צוליב געלט, מחמת, ווי ער אַליין האָט דערקלערט, עקסיסטירט גאָרניט צווישן זיי אַזאַ שפּלדיקע זאַך ווי ליבע. פריינדשאַפט צווינגט נאָך קיינעם ניט זיך צו באַנוצן מיט אַ־ין שלאָפצימער, ווי חתונה־געהאַטע זיינען זיך נוהג.

זיי האָבן חתונה געהאַט. די וועלט האָט עפּעס פאַרנומען אַ רמז, אַז זיי וועלן לעבן ווי שוועסטער און ברודער, און די וועלט האָט געוואַרט מיט אַ בייזער איראָניע אויף די רעזולטאַטן פון דער גרויסער רעפאָרמע, וואָס האָט בדעה איבערצואַנדערשן דעם מענטשנס זיווג.

דאָס יונגע פּאָרל האָט געמאַכט אַ נסיעה קיין אויסלאַנד.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען, איז די ווייבל געווען בלייך און קאַפּריזנע. זי האָט תיכּף אָנגעהויבן צו נעמען רייט־לעק־ציעס. די וועלט האָט עפּעס געשפּירט אין דער לופט און האָט געוואַרט. דער מאַן האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעטאָן אַ מיאוסע זאַך און קען די אויגן ניט אויפהויבן פאַר בושה. לסוף איז די זאַך קלאָר געוואָרן.

— זיי זיינען אין „שוועסטער־ברודער־בעט" געשלאָפן, האָט די וועלט געזאָגט.

— עס וועט מסתמא אַ שוועסטער־קינד זיין, — האָבן גע־זאָגט די פריינדינס.

— און אָן ליבע? נאָר דאָס איז דאָך — יאָ, וואָס איז עס אַזוינס?

— פאַרבאָטענע קרובהשאַפט! — האָבן געזאָגט די מאַ־טעריאַליסטן.

— דאָס איז אַ גייסטיקער זיווג.

— אָדער אַבלוטשאַנד, — האָט געזאָגט אַן אַנאַרכיסט.

דער פאַקט איז געבליבן אַ פאַקט, אָבער די סימפּאַטיע צווישן די נשמות האָט אָנגעהויבן אָפּצושוואַכן. די פאַרהאַסטע ממשות האָט זיך אַריינגעמישט און געדראָט מיט נקמה.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך פאַרנומען מיט זיין פּראָפּעסיע, און די ווייב האָט איבערגעגעבן איר פּראָפעסיע אין די הענט פון אַן אַם און אַ דינסט. דעריבער האָט זי ניט געהאַט קיין באַשעפטיקונג. די ליידיקע צייט האָט געוועקט אין איר די גע־דאַנקען און זי האָט זיך פאַרטראַכט איבער איר מצב. ער איז איר ניט געווען צום האַרצן. איז דען אַן אַרבעט פאַר אַ פּעאַי־קער פרוי אַרומצוגיין פוסט און פּאַס?

דער מאַן האָט זיך איינמאָל דערוועגט צו מאַכן אַ באַמער־קונג, אַז קיינער צווינגט זי חלילה ניט גאָרנישט צו טאָן! אָבער נאָכאַמאָל האָט ער דאָס שוין קיינמאָל מער ניט איבערגעחזרט.

— זי האָט ניט וואָס צו טאָן.

— אַוודאי, אַרומגיין פּוסט און פּאַס איז קיין אַרבעט ניט, אַלמאַי זויגט זי דאָס קינד ניט אַליין?

— דאָס קינד זויגן? זי וויל האָבן אַן אַרבעט, פון וואָס זי זאָל אַליין פאַרדינען.

— איז זי דען גייציק? זי פאַרמאָגט דאָך אַ סך מער ווי זי פאַרלעבט; צו וואָס דאַרף זי געלט פאַרדינען?

— כדי זי זאָל זיין גלייך מיט אים.

— גלייך וועלן זיי קיינמאָל ניט ווערן, מחמת זי וועט שטענדיק פאַרנעמען אַן אָרט, וועלכן ער וועט קיינמאָל ניט דער־גרייכן. די נאַטור האָט שוין דאָס אַזוי פאַרזאָרגט, אַז די ווייב זאָל אַ מאַמע ווערן און דער מאַן ניט.

— דאָס איז נאַריש!

— אמת, ס'האָט געקענט אויך פאַרקערט זיין, אָבער דאָס וואָלט פונקט אַזוי שלעכט געווען.

— יאָ, אָבער אַזאַ לעבן איז איבער אירע כוחות. זי קען ניט לעבן דורכאויס פאַר דער פאַמיליע, זי וויל אויך פאַר אַנ־דערע לעבן.

— זאָל זי נאָר צוערשט אָקאָרשט אָנהייבן פון דער פאַ־מיליע; נאָכדעם וועט מען שוין קענען אויך וועגן אַנדערע אַ טראַכט טאָן.

דער וויכוח האָט געקענט אייביק דויערן, נאָר אַ שטאַרקע שעה האָט ער אוודאי געדויערט.

דער אַדוואָקאַט איז נאַטירלעך דעם גאַנצן טאָג ניט געווען אינדערהיים, און צוריקקומענדיק האָט ער געהאַט זיין שפּרעך־שעה פאַר די קליענטן און אַדעלע איז באַלד אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט מיט אַנדערע פּרויען אין זיין ביוראָ, און זיי האָבן אים זייערע סודות פאַרטרויט, וועלכע ער האָט איר ניט געטאָרט דערציילן. אָט די סודות זיינען געשטאַנען

צווישן זיי ווי אַ מחיצה און זי האָט געפילט, אַז ער איז שטאַר־קער פאַר איר.

אַ דומפּער האַס האָט זיך אין איר דערוועקט, אַ האַס קעגן דער אומיוֹשרדיקער פאַרהעלטעניש; זי האָט געזוכט עפּעס אַ מיטל, וואָס זאָל אים אַראָפּוואַרפן פון זיין הייך. ער האָט גע־מוזט אַרונטער, כדי זיי זאָלן ביידע גלייך אויף איין פוס שטיין.

איינמאָל האָט זי אים געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אַ סאַנאַטאָריום. ער האָט איר אָפּגערעדט דערפון, ווייל זיין פּראַק־טיק אַלס אַדוואָקאַט גיט אים גענוג צו טאָן. ער האָט אָבער נאָכדעם אַ קלער געטאָן, אַז עס וואָלט געווען גאַנץ גוט, ווען זי באַקומט עפּעס אַ באַשעפטיקונג; זי וואָלט זיך אפשר באַרואיקט.

זי האָט געגרינדעט איר סאַנאַטאָריום און ער איז מיט איר צוזאַמען אַריין אין דער דירעקציע.

און פון איצטער אָן איז זי געזעסן אין איר סאַנאַטאָריום און האָט געבאַלעבאַטעוועט. נאָכדעם, ווי זי האָט אַ גאַנצן האַלב יאָר געפירט איר מלוכה, האָט זי זיך דערפילט אַזוי באַהאַוונט אין דער מעדיצינישער קונסט, אַז זי האָט זיך דערלויבט אויף אירע אַחריות צו געבן עצות און ידיעות פאַר קראַנקע.

— דאָס איז גאָר קיין קונסט ניט, — האָט זי זיך אַרויס־געזאָגט.

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער דאָקטאָר פון סאַנאַטאָריום האָט עפּעס אַ טעות געהאַט, און פון דאַמאָלסט אָן האָט זי מער צו אים קיין צוטרוי ניט געהאַט. דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז איינמאָל, ווען ער איז ניט געווען אין סאַנאַטאָריום, האָט זי זיך דערלויבט מיטן זכות און געפיל פון איר תּקיפות אַליין אָנצו־שרייבן אַ רעצעפּט. דאָס רעצעפּט איז געמאַכט געוואָרן, דער פּאַציענט האָט עס איינגענומען און איז געשטאָרבן.

מ׳האָט זיך געמוזט תּיכּף אַריבערפּעקלען אין אַן אַנדער שטאָט. דורכדעם איז אָבער דאָס גלייכגעוויכט אין זייער לעבן געשטערט געוואָרן. און אָט די שטערונג האָט זיך נאָך פאַרגרע־סערט דורך דעם יורש, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט.

דערצו נאָך האָט זיך די ידיעה פון יענער פאַטאַלער געשעעניש פאַרשפרייט.

טרויעריק און גאָר מיאוס איז געוואָרן די פאַרהעלטעניש צווישן מאַן און ווייב. קיין ליבע איז דאָך צווישן זיי ניט געווען. דער געזונטער שטאַרקער אינסטינקט, וואָס האַלט ניט פון ישוב־הדעת, האָט געפעלט; אויף אַזאַ אופן איז ביי זיי נאָר איבער־געבליבן דער בונר, וואָס האַלט זיך אויף די גאַנץ שוואַכע חשבונות פון עגאָאיסטיש־נוצלעכער פריינדשאַפט.

דאָס, וואָס איז איצטער פאָרגעגאַנגען אין איר צעהיצטן קאָפּ, נאָכדעם ווי זי האָט אַנטדעקט, ס'איז אַ טעות זי האָט געמאַכט, דערמיט וואָס זי האָט זיך געיאָגט כלומרשט נאָך עפּעס העכערס, דערפון האָט זי קיין וואָרט ניט גערעדט, אָבער דער מאַן האָט עס געמוזט פילן.

זי האָט אָנגעהויבן שוואַכער צו ווערן. זי האָט פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט און האָט קיין פאַרלאַנג ניט געהאַט אַרויסצוגיין פון שטוב. זי איז מאָגער געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו הוסטן. דער מאַן האָט אַ סך מאָל דעם דאָקטאָר פאַרבעטן, יענער האָט אָבער ניט אויסגעפונען די סיבה פון איר קראַנקהייט. סוף־כל־סוף האָט ער זיך אַזוי צוגעוויינט צו דער אייביקער קלאָגעניש, אַז עס האָט אים גאָרניט געאַרט.

— ס'איז ניט גוט צו האָבן אַ קראַנקע ווייב, — האָט זי געזאָגט.

אין האַרצן ביי זיך האָט ער מסכים געווען, אַז עס איז אַ קנאַפּער תענוג; ווען ער וואָלט זי אָבער ליב געהאַט, וואָלט ער דאָס בשום אופן ניט געפילט און וואָלט ניט מסכים געווען דערמיט.

זי האָט אַזוי אָפּגענומען, אַז עס איז שטאַרק קענטיק גע־וואָרן אויף איר, און ער איז לסוף געבייטיקט געווען אָנצונעמען איר אַנטשלוס צו באַזוכן דעם באַרימטן פּראָפעסאָר.

— אַדעלע איז אָפּגעפאָרן צום פּראָפעסאָר.

— ווי לאַנג זענט איר שוין קראַנק? — האָט ער גע־פרעגט.

— גאַנץ געזונט בין איך קיינמאָל ניט געווען, דערהויפּט זינט איך האָב פאַרלאָזן דעם ישוב, ווייל איך בין אויפן ישוב אויסגעהאָדעוועט געוואָרן.

— איר פילט זיך אַלזאָ אין שטאָט ניט גאַנץ גוט?

— גוט? ווער קימערט זיך וועגן דעם, צי איך פיל זיך גוט, צי ניט, האָט זי געענטפערט און האָט אָנגעשטעלט אַ פּנים פון אַ מאַרטירערין.

— מיינט איר, אַז די דאָרף־לופט וועט אייך וואויל באַקומען? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— דעם אמת זאָגנדיק, זע איך דערין די איינציקע רפואה, וואָס קען מיך ראַטעווען.

— נעמט מען און מ'קלייבט זיך אַריבער אין דאָרף!

— אָבער מיין מאַן קען זיך דאָך ניט אָפּזאָגן צוליב מיר פון זיין פּראַקטיק.

— ער האָט דאָך געטאָן אַ רייכן שידוך, און קיין אַדוואָקאַטן פעלן ביי אונז, ברוך השם, ניט.

— אייער דעה איז, אַלזאָ, הער פּראָפעסאָר, אַז מיר מוזן זיך איבערקלייבן אויפן דאָרף?

— אַוודאי, אויב איר אַליין גלויבט, אַז דאָס קען אייך נוצלעך זיין. איך געפין ביי אייך קיין אַנדער קראַנקהייט ניט אַחוץ די אַזוי־גערופענע נערוואָזיטעט און גלויב דעריבער, אַז די פרישע לופט וועט אייך געוויס וואויל־באַקומען.

אַדעלע האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ דערשלאָגענע.

— נו?

— דער פּראָפעסאָר האָט זי פאַרמשפּט צום טויט, אויב זי בלייבט ווייטער לעבן אין שטאָט.

דער אַדוואָקאַט איז אַרויס פון די כלים. אַזוי אָבער ווי ער האָט ניט געקענט באַהאַלטן, אַז דער עיקר סיבה פון זיין אויפגעבראַכטקייט איז דאָס, וואָס ער מוז זיך אָפּזאָגן פון זיין פּראַקטיק, האָט זי באַקומען אַ קלאָרן באַווייז, אַז אים אַרט אַ האָר ניט פאַר איר לעבן.

— האַ, ער גלויבט ניט, אַז איר לעבן שטייט אויף אַ האָר? ווער פאַרשטייט בעסער, דער פּראָפעסאָר, צי ער? וויל ער, אַז זי זאָל שטאַרבן?

ער האָט עס באמת ניט געוואָלט. און דעריבער האָט מען געקויפט אַ גוט אויפן ישוב, און מ'האָט געזאָלט באַשטעלן אַ פאַר־וואַלטער.

נאָר אינאיינעם מיט אַ פאַרוואַלטער און מיט אַ פאָרשטייער, האָט דער אַדוואָקאַט קיין אַרבעט ניט געהאַט. די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנגע אָן אַ סוף, ס'איז אים גאָרניט געווען וואָס צו מקנא זיין. און היות ווי צוגלייך מיט דער פּראַקטיק האָט אויך אויפגעהערט זיין הכנסה, האָט ער געמוזט ציען זיין חיונה פון דער ווייבס רענטע. דעם ערשטן האַלבן יאָר האָט ער געלייענט, געשפּילט אין גליק־שפּיל. דעם צווייטן האַלבן יאָר האָט ער אויפגעהערט צו לייענען, ווייל ער האָט דערין קיין תּכלית ניט געזען פאַר זיך. אויפן דריטן האָט ער אָנגעהייבן אויסנייען.

זיין ווייב אָבער האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן דער לאַנד־ווירטשאַפט, איז אַליין אַרומגעקראָכן אין שטאַל מיט פּאַרקאַט־שעטע קליידער ביז צו די קני, האָט זיך אומגעקערט אַ שמו־ציקע אין שטוב און ס'האָט פון איר געשמעקט מיט שטאַל. זי האָט זיך זייער גוט געפילט און האָט געקאָמאַנדעוועט מיט די מענטשן, אַז עס איז געווען פשוט אַ נחת אָנצוקוקן, ווייל זי האָט זיך אויפן ישוב אויסגעהאָדעוועט און האָט געהאַט אַ היפּשע ידיעה אין דער אַרבעט.

אַז דער מאַן האָט זיך פאַר איר באַקלאָגט, וואָס ער זיצט אָן אַ שום באַשעפטיקונג, האָט זי געענטפערט:

— זוך דיר עפּעס אויס אַן אַרבעט, אין אַ שטוב קען מען זיך אויסזוכן עפּעס אַן אַרבעט.

ער האָט געהאַט חשק דורך עפּעס אַן אַרבעט אַרויסצו־דרייען זיך פון שטוב, אָבער ער האָט זיך געהיט פאַר איר.

ער האָט געגעסן, געשלאָפן און שפּאַצירט. פלעגט ער אַמאָל אַריין אין שטאַל אָדער אין שייער, איז ער שטענדיק גע־שטאַנען אין וועג, און האָט באַקומען אַ פאָרציע פון זיין ווייב־

איינמאָל, ווען ער האָט זיך שוין צופיל באַקלאָגט, און אין דער זעלביקער צייט האָט געטראָפן, אַז די קינדער זיינען געבליבן אַליין מיט זיך אָן דער מיידל, האָט זיין ווייב צו אים געזאָגט:

— אָט האָסטו אַן אַרבעט, גיב אַכטונג אויף די קינדער.

ער האָט זי אָנגעקוקט, צי זי מיינט עס ערנסט.

יאָ, פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט השגחה געבן אויף זיינע אייגענע קינדער. וואָס איז דאָ אַזוי משונהדיק?

ער האָט זיך גוט מיישב געווען וועגן דעם ענין און האָט אויסגעפונען, אַז עס איז באמת גאָר ניט אַזוי משונהדיק.

האָט ער אָנגעהויבן טעגלעך צו גיין מיט די קינדער שפּאַצירן.

איינמאָל אינדערפרי, ווען זיי האָבן בדעה געהאַט אַרויס־צוגיין שפּאַצירן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קינדער זיינען נאָך ניט אָנגעטאָן. דער אַדוואָקאַט איז אַריין אין כעס און איז אַוועק צו זיין ווייב, ווייל פאַר די דינסטמיידלעך האָט ער מורא געהאַט.

— פאַרוואָס זיינען די קינדער ניט אָנגעטאָן? — האָט ער געפרעגט.

— ווייל מאַריע האָט עפּעס אַנדערש וואָס צו טאָן! טו זיי דו אָן, דו האָסט גאָרנישט וואָס צו טאָן! ס'איז דאָך קיין חרפה ניט, די אייגענע קינדער אָנצוטאָן?

ער האָט זיך אַ ווײַלע מיישב געווען, האָט אָבער בשום אופן ניט געקענט אַרויסדרינגען, אַז עס איז באמת אַ חרפה. און האָט זיי אָנגעטאָן.

איינמאָל אינדערפרי, האָט ער פון שפּאַס וועגן גענומען אַ ביקס און איז אַוועק אַליין, הגם ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געשאָסן.

קומענדיק אַהיים האָט אים זיין ווייב געמאַכט אַ קבלת־פּנים:

— וואָס איז דער מער מיט דיר, וואָס דו ביזט היינט מיט די קינדער ניט געגאַנגען שפּאַצירן, — האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט אַ בייזער.

— ווייל איך בין היינט ניט געווען אויפגעלייגט פאַר קאַ־טאָוועס!

— קאַטאָוועס? איז דאָס ביי מיר אַ קאַטאָוועס דעם גאַנצן טאָג אין שטאַל און אין שייער צו אַרבעטן? אַ מענטש קען ע פּ ע ס נוצלעכס פאַר זיך טאָן, ניט אויף קאַטאָוועס.

— פאַר זיך? פאַר זיין עסן, מיינסטו אפשר?

— פאַרוואָס עס איז, מיין איך. און איך געפין באמת, אַז אַן אַלטער מאַן ווי דו מעג זיך שעמען צו ליגן אַ גאַנצן טאָג אויפן סאָפע און אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער ניט אַריינלייגן.

ער האָט זיך באמת געשעמט, און פון איצט אָן אָנגענומען די שטעלע פון אַ קינדער־מיידל. ער האָט פינקטלעך דערפילט זיין חוב. ער האָט דערין קיין שלעכטס ניט געזען, אָבער ער האָט געליטן. עפּעס איז דאָ פאַרקערט, האָט ער געטראַכט, נאָר זיין ווייב האָט געגוג שכל געהאַט די זאַך שטענדיק אויף דער רעכטער זייט צו איבערדרייען.

די ווייב איז געזעסן אין קאַנטאָר און האָט אויפגענומען דעם פאַרוואַלטער און דעם עלטסטן פאַרובאָק; זי איז געשטאַנען אין שפייכלער און האָט פונאַנדערגעוואויגן פאַר די קונים. יעדער, וואָס האָט עפּעס צו טאָן אין הויף, האָט שטענדיק געפרעגט אויף דער פרוי, אָבער קיינער האָט ניט געפרעגט אויפן באַלעבאָס.

גייענדיק איינמאָל שפּאַצירן, איז ער אַרויסגעקומען אויף אַ לאָנקע, וואו בהמות האָבן זיך געפּאַשעט. ער האָט געוואָלט באַווייזן די בהמות פאַר די קינדער, און אָפּגעהיט צוגעפירט זיי צו דער סטאַדע. פלוצלונג האָט אַ שוואַרצער קאָפּ אַרויסגעקוקט איבער די רוקנס פון די איבעריקע בהמות און האָט זיך מיט אַ שוואַכן ברום צוגעקוקט צו די געסט.

דער אַדוואָקאַט האָט געכאַפּט די קינדער אויפן אָרעם און איז מיט אַלע כוחות אַנטלאָפן צוריק צום צאַם. קומענדיק צום צאַם, האָט ער אַריבערגעוואָרפן די קינדער איבערן צאַם און האָט געוואָלט אַליין איבערשפרינגען, איז אָבער געבליבן הענגען — דערזעענדיק פונוייטן עטלעכע ווייבער, האָט ער מיט אַלע כוחות אָנגעהויבן שרייען צו זיי:

— דער בוהיי! דער בוהיי!

די ווייבער האָבן אָבער געלאַכט און האָבן נאָר אויפגע־הויבן די קינדער פון ראָוו, וואָס זיינען שטאַרק צעמזיקט געווען.

— זעט איר ניט דעם בוהיי! — האָט ער געשריען.

— ניין, דאָס איז ניט קיין בוהיי, — האָט די עלטסטע פרוי נעזאָגט. יענעם האָט מען מיט פערצן טעג צוריק געקוילעט.

ער איז געקומען אַהיים בייז און פאַרשעמט. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר זיין ווייב אויף די היגע לייט, און זי האָט נאָר געלאַכט.

ווען מאַן און ווייב זיינען נאָכמיטאָג געזעסן אַליין אין זאַל, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— אַריין! — האָט זי אויסגערופן.

איינע אַ פרוי, וואָס איז ביי־געווען ביי דער געשעעניש מיטן בוהיי, איז אַריין און האָט געהאַלטן אין האַנט דעם אַדוואָקאַטס האַלזבאַנד.

— דאָס געהערט מסתמא דער גנעדיקער פרוי, — האָט זי געזאָגט איינגעהאַלטן.

אַדעלע האָט לכתחילה אָנגעקוקט דער פרוי, נאָכדעם דעם מאַן, וואָס האָט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן באַטראַכט זיין קייט.

— ניין, דאָס געהערט דעם הערן, — האָט זי געזאָגט און צוגענומען דעם האַלזבאַנד ביי דער פרוי. — אַדאַנק! דער הער וועט דיר מסתמא באַלוינען פאַר דיין געפינס.

יענער איז געזעסן בלייך, ניט רירנדיק מיט אַן אבר.

— איך האָב קיין געלט ניט, ווענד זיך צו מיין ווייב, האָט ער געזאָגט און צוגענומען דעם האַלזבאַנד.

זיין ווייב האָט אַרויסגענומען פון איר גרויסן טייסטער אַ קראָנע און האָט עס דערלאַנגט דער פרוי, וואָס איז אַרויס פון שטוב, אַפּנים, גאָר ניט פאַרשטייענדיק וואָס דאָ טוט זיך.

— דאָס האָסטו מיר לפּחות געקענט פאַרשפּאָרן, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט ווייטאָג.

— ביסטו גאָר קיין מאַנסביל ניט, וואָס קען באַשטיין אויף־

זיין וואָרט און אויף זיינע מעשים? דו שעמסט זיך צו טראָגן מיין מתנה, בשעת איך שעם זיך ניט צו טראָגן דיינע? דו ביסט אַ למך און ניט קיין מאַן!

זינט יענעם טאָג איז מיט זיין רו אינגאַנצן פאַרביי געווען. אויף יעדער טריט און שריט האָט מען הינטער אים געלאַכט אין די הויפנס און דינסטמיידלעך און פאַרובקעס פלעגן פון די ווינקלען אַרויס אים נאָכשרייען: „דער בוהיי! דער בוהיי!"

---

די ווייב האָט געוואָלט פאָרן אויף אַכטאָג אין שטאָט אויף אַ ליציטאַציע. און ער האָט געמוזט אין משך פון דער צייט איבערנעמען די השגחה אויף די מענטשן.

דעם ערשטן טאָג איז געקומען די קעכין און האָט געבעטן געלט אויף צוקער און קאַווע. האָט ער איר געגעבן. אין דריי טעג אַרום איז זי ווידער געקומען און האָט ווידער פאַרלאַנגט אויף צוקער און קאַווע. ער האָט זיך געחידושט, וואָס די ערשטע סומע איז אַזוי גיך אַוועק.

— איך עס ניט אויף אַליין,—האָט די קעכין געזאָגט און די מאַדאַם האָט קיינמאָל גאָרנישט געזאָגט.

ער האָט איר דאָס געלט געגעבן. אָבער זייענדיק נייגעריק, צי איז ער באמת ניט אומגערעכט געווען, האָט ער אויפגעעפנט דאָס קאַסע־בוך פון שטוב און האָט אָנגעהויבן רעכענען.

עס האָט זיך באַקומען אַ ניט־געהערטע סומע: 20 פונט אַ חודש!

ער האָט זיינע פאָרשונגען ווייטער געפירט און איז אומעטום געקומען צו דיזעלביקע רעזולטאַטן. ער איז אַריבער צום הויפט־בוך און האָט דאָרט געפונען, אחוץ הויכע ציפערן, אויך נאַרישע טעותים אין חיבור. ס'איז געווען קלאָר, אַז זיין ווייב איז ניט באַהאַוונט ניט אין נאָמען־צאָלן און ניט אין צענטלדיקע ברוכצאָלן. אָט דידאָזיקע אומדערהערטע רמאות פון די דינסטמיידלעך האָט געמוזט בכל אופן ברענגען צום חורבן פון הויז.

זיין ווייב האָט זיך אומגעקערט אַהיים. ער האָט געמוזט אויסהערן דעם גאַנצן ראַפּאָרט איבער דער ליציטאַציע. גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעפּויזט און האָט געוואָלט אָנהייבן, נאָר זיין ווייב האָט פאַרכאַפּט פריער:

— נו, ווי ביסטו אויסגעקומען מיט די דינסטן?

— איך בין מיט זיי זייער גוט אויסגעקומען, אָבער ס׳איז קלאָר, אַז זיי זיינען ניט אָרנטלעך.

— זיי זיינען ניט אָרנטלעך?

— ניין. למשל, די הוצאות אויף צוקער און קאַווע זיינען צו גרויס.

— ווי אַזוי ווייסטו דאָס?

— איך האָב עס געזען אין קאַסע־בוך.

— האַ, דו נישטערסט אין מיינע ביכער?

— נישטער? ניין, איך האָב אַזוי פון קאַטאָוועס וועגן נאָכגעקוקט.

— וואָס איז דאָס דיין זאַך?

— און האָב אַרויסגעגומען, אַז דו פירסט דיינע ביכער, ניט האָבנדיק קיין שום ידיעה ניט אין נאָמען־צאָלן און ניט אין געצענטלטע ברוך־צאָלן.

— האַ, וואָס, איך קען דאָס ניט?

— ניין, דו קענסט עס ניט! און דעריבער שטייט די גאַנ־צע הויז אונזערע אויף פּולווער. דיין בוכהאַלטעריע, מיין אַלטע, איז הומבוג, ניט מער!

— וואָס אַרט עס וועמען, ווי מיינע ביכער זעען אויס?

— דער געזעץ באַשטראָפט די פאַלשע בוכפירונג; אויב ניט דיך, איז מיך.

— דער געזעץ? איך האָב אים אין דר׳ערד!

— יאָ, איך גלויב דיר, אָבער כאַפּן וועט ער אונז פּאָרט, כ׳מיין מיך, און דעריבער מוז איך ווייטער די ביכער אַליין פירן.

— מיר קענען אַ בוכהאַלטער נעמען!

— ניין, דאָס איז גאָר ניט נייטיק! איך האָב סיי־ווי־סיי ניט וואָס צו טאָן.

און דערביי איז דאָס געבליבן.

---

זינט אָבער דער מאַן האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ ביים פּולט, און די לייט האָבן זיך אויסשליסלעך צו אים געווענדט, האָט די פרוי דעם אינטערעס צו לאַנדווירטשאַפט און פּיצוכט אינגאַנצן פאַרלאָרן.

אַ קריזיס איז אָנגעשטאַנען; זי האָט אויפגעהערט אַכט צו געבן אויף די בהמות און קעלבער און איז אַ גאַנצן טאָג געבליבן אין שטוב. זי איז געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט און אין איר מוח האָבן אָנגעהויבן צו יערן נייע געדאַנקען.

דער מאַן, פאַרקערט, האָט גאָר אָפּגעלעבט. ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער לאַנדווירטשאַפט און האָט אויפגעמונטערט די מענטשן. איצט איז ער געווען אויפן פערד. ער האָט געבאַלעבאַסטעוועט, באַשטעלט און באַצאָלט.

איינמאָל איז זיין ווייב געקומען צו אים אין קאָנטאָר און האָט פאַרלאַנגט פון אים טויזנט קראָנען צו קויפן אַ נייעם קלאַוויר.

— וואָס קלערסטו זיך? — האָט דער מאַן געזאָגט. איצטער, ווען מ׳דאַרף איבערבויען דעם שטאַל! מיר האָבן פאַר דעם קיין געלט ניט.

— וואָס הייסט דאָס, וואָס, האָט זי געענטפערט, מיר האָבן קיין געלט ניט? איז מיין געלט צו קנאַפּ?

— דיין געלט?

— יאָ, מיין געלט וואָס איך האָב אין נדן געבראַכט.

— די חתונה האָט עס געמאַכט פאַרן פאַרמעגן פון דער פאַמיליע.

— דאָס הייסט, דיר געהערט עס.

— ניין, דער פאַמיליע. די פאַמיליע איז אַ קליינע קהילה, די איינציקע, וואָס האָט אַ בשותפותן פאַרמעגן, און דער מאַן איז, ווי דער שטייגער, פאַרוואַלטער פון דער קהילה.

— פאַרוואָס עפּעס זאָל ער דער פאַרוואַלטער זיין, ניט די פרוי?

— ווייל ער האָט מער צייט, מחמת ער דאַרף קיין קינ־דער ניט האָבן.

— פאַרוואָס זאָלן ביידע ניט זיין די פאַרוואַלטער?

— צוליב דיזעלביקע טעמים, צוליב וועלכע אַ געזעל־שאַפט אויף אַקציעס קלייבט נאָר איין דירעקטאָר אויס. אויב די ווייב וועט פאַרלאַנגען צו באַטייליקן זיך אין דער פאַרוואַלטונג, וועלן די קינדער אויך פאַרלאַנגען, מחמת דאָס פאַרמעגן געהערט אויך צו זיי.

— דאָס איז נאָר אַ פּשטל. עס איז ניט על־פּי יושר. איך זאָל נאָך דאַרפן אַ דערלויבעניש צו קויפן פאַר מיין געלט אַ קלאַוויר.

— דאָס געלט געהערט שוין ניט דיר.

— איז עס דיין געלט?

— ניין, ס'איז אויך ניט מיין געלט, נאָר דער פאַמיליעס. און דו, זיי מוחל, שטעל ניט אָן קיין פאַלשע מינע, אַזוי ווי דו דאַרפסט ביי מיר „בעטן אַן ערלויבעניש"; דער שכל איז נאָר מחייב, אַז דו האָסט געדאַרפט פרעגן דעם פאַרוואַלטער, צי דער־לויבט דער מצב פון קאַפּיטאַל ביי היינטיקן טאָג אַ גרעסערע לוקסוס־הוצאה.

— איז אַ קלאַוויר אַ לוקסוס זאַך?

— אַז מ'האָט אַן אַלטן און מ'וויל אַ נייעם קויפן, קען דאָס שוין זיין בגדר לוקסוס. נו, איז דער מצב פון אונזער פאַר־מעגן אַ שלעכטער, און אָט דערדאָזיקער מצב דערלויבט ניט איצטער צו קויפן אַ נייעם קלאַוויר, הגם איך פערזענלעך ניט איך וויל און ניט איך קען עפּעס האָבן דאַקעגן.

— מיט אַ הוצאה פון טויזנט קראָנען רואינירט מען זיך נאָך ניט.

— אָבער אַ התחלה צו אַ רואין קען דאָס שוין יאָ זיין. ווען מען מאַכט אָן חובות אויף טויזנט קראָנען ניט צו דער רעכטער צייט.

— דאָס הייסט, דו זאָגסט זיך בכן אָפּ צו קויפן פאַר מיר אַ נייעם קלאַוויר?

— ניין, איך זאָג דאָס ניט. נאָר דער אומזיכערער מצב פון אונזער פאַרמעגן...

— ווען, ווען וועט שוין דער טאָג קומען, ווען די פרוי וועט אַליין זיין אַ באַלעבאָסטע אויף איר פאַרמעגן און וועט ניט דאַרפן ווי אַ בעטלערין אָנקומען צו איר מאַן!

— ווען זי וועט אַליין אַרבעטן. אַ מאַן, דיין טאַטע, האָט דיין פאַרמעגן מיט זיין אַרבעט געמאַכט. יעדער פאַרמעגן ווערט געמאַכט דורך מענערשער אַרבעט. און דעריבער, זעסטו, איז דער געזעץ, וואָס די שוועסטער ירשנט ווייניקער פאַרן ברודער, ווייער אַ גערעכטער, מחמת דער ברודער ווערט געבוירן מיט אַ חוב אויף זיך צו דערנערן אַ ווייב מיט קינדער, בשעת די שוועסטער האָט קיין שום חוב אויף זיך ניט צו דערנערן אַ מאַן מיט קינדער. פאַרשטייסטו?

— אָט דאָס איז אַ יושר: ניט קיין גלייכע צעטיילונג. איז דאָס אָרנטלעך? קענסטו דאָס מיט דיין שכל הישר זאָגן? צו וואָלט ניט געווען אַ יושר די צעטיילונג זאָל זיין אַ גלייכע?

— ניין, ניט אַלע מאָל. צעטיילן מוז מען פּראָפּאָרציאָנעל אָדער לויט יעדערנס פאַרדינסט. דער פוילער, וואָס ליגט אויס־געצויגען אין גראָז און קוקט זיך צו ווי דער פֿוליער מויערט, דאַרף ווייניקער באַקומען פאַרן מוליער.

— אַזוי, דו זאָגסט, אַז איך בין פויל!

— המ! די בעסטע זאַך איז גאָרנישט צו זאָגן. יעמאָלט אָבער ווען איך בין אויף דער סאָפע געלעגן און געלייענט, האָסטו מיך געהאַלטן פאַר זייער אַ פוילן. און אויף וויפל איך דערמאָן זיך, האָסטו אויך עפּעס ענלעך דערצו געזאָגט און טאַקע מיט אַ פולן מויל.

— וואָס זאָל איך דען טאָן?

— גיי מיט די קינדער שפּאַצירן!

— איך טויג ניט צו קינדער.

— אָבער איך האָב יאָ געטויגט. הער נאָר: אַ פרוי, וואָס זאָגט, אַז זי טויג ניט צו קינדער, איז קיין פרוי ניט. קיין מאַנסביל איז זי אָבער אויך ניט! איז וואָס איז זי?

— טפו, טפו, אַזוי רעדסטו וועגן דער מאַמען פון דיינע קינדער.

— וואָס זאָגט מען פון אַ מאַנסביל, וואָס ווייכט פון פרויען? רעדט מען ניט אונטער עפּעס מיאוס וועגן אים?

— איך וויל מער גאָרנישט הערן פון דיר.

און זי איז אַרויס פון צימער און האָט זיך פאַרשלאָסן ביי זיך.

זי איז קראַנק געוואָרן. דער אַלמעכטיקער דאָקטאָר, וואָס האָט באַקומען ממשלה אויפן קערפּער נאָכדעם ווי דער גלח האָט פאַרלאָרן די נשמות, האָט דערקלערט די דאָרף־לופט און די איינזאַמקייט פאַר אומגעזונט.

בכן האָט מען זיך געמוזט ווידער אַריבערפּעקלען אין שטאָט, כדי צו דערמעגלעכן דער ווייב די נייטיקע מעדיצינישע באַהאַנדלונג.

די שטאָט האָט געהאַט זייער אַ גוטע השפּעה אויף איר געזונט, און די רינשטאָק־לופט האָט איר צוגעגעבן פאַרב אין די באַקן.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך געזוכט פּראַקטיק, און מאַן און ווייב האָבן געפונען בליץ־אָפּפירער פאַר זייערע כאַראַקטערן, וואָס האָבן ניט געקענט שלום מאַכן צווישן זיך.

---

# אַ דינסט
## אָדער
## דעבעט און קרעדיט.

מיסטער בלאַקוואָאָד • איז געווען אַ דירעקטאָר פון אַ ווערף אין ברוקלין און האָט חתונה געהאַט מיט מיס דאַנקוואַרד, וואָס האָט אים אין נדן מיטגעבראַכט אַ סך מאָדערנע אָנשויאונגען כדי זיין ווייב זאָל חלילה ביי אים אין די אויגן ניט זיין ווי אַ דינסט, האָט זיך מיסטער בלאַקוואָאָד באַזעצט מיט איר אין אַ באָרדינגהויז אין אַ פענסיאָן.

די ווייב, וואָס האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט פאַרבראַכט דעם טאָג אין מוזיק און ביליאַרדשפיל און ביז האַלבע נאַכט אין געשפרעכן איבער דער פרויען־פראַגע און אין גראָג טרינקען.

דער מאַן האָט געהאַט 5000 דאָלאַר געהאַלט; דאָס גאַנצע געלט האָט ער רעגולער אָפּגעגעבן זיין ווייב, זי זאָל דערמיט פאַרוואַלטן. פאַר אירע קליינע הוצאות האָט זי באַקומען 500 דאָלער, אויף וועלכע זי אַליין האָט געהאַט די שליטה.

איז געבוירן געוואָרן אַ קינד. אַ קינדער־מיידל פאַר 100 דאָלער האָט איבערגענומען די הויך־געשאַצטע שטעלע פון דער מאַמען.

און נאָכדעם זיינען צוגעקומען נאָך צוויי קינדער.

און די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, דיביידע עלטערע זיינען אַוועק אין דער שול. אָבער די ווייב האָט זיך געלאַנגוויילט און האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן.

איינמאָל איז זי געקומען צום אָנבייסן אַ ביסעלע אונטערגעשוועכט.

דער מאַן האָט זיך דערלויבט זי צו דערמאָנען, אַז אַזאַ פּאָרגאַנג פּאַסט ניט פאַר איר.

זי איז געוואָרן היסטעריש און האָט זיך געלייגט אין בעט, די פריינדינס פון הויז האָבן איר אָפּגעוואַרט מיט בלומען.

— פּאַרוואָס טרינקסטו, האָט דער מאַן זי צערטלעך ווי באָר מעגלעך געפרעגט,—האָסט עפּעס אַן עגמת־נפש?

— ווי זאָל איך קיין עגמת־נפש ניט האָבן, אַז מיין גאַנץ לעבן איז איין טעות!

— ווי אַזוי אַ טעות? דו האָסט געבוירן דריי קינדער און קענסט דיין טאָג פאַרווענדן אויף זייער דערציאונג.

— איך טויג ניט צו קינדער.

— אויב דו טויגסט ניט, מוזטו זיך לערנען, ווי אַזוי מיט קינדער אַרומצוגיין. דאָס איז אַן אַרבעט לטובת דער געזעל־שאַפט און אַן ערנפולע אַרבעט, אפשר ערנפולער ווי צו זיין אַ דירעקטאָר פון אַ ווערף.

— יאָ, ווען איך וואָלט פריי געווען.

— דו ביסט פרייער פאַר מיר. איך שטיי אונטער דיין פאַרוואַלטונג. דו אַליין ביסט די באַלעבאָסטע אויף מיין גאַנצער הכנסה און דו פירסט די הוצאה. דו האָסט 500 דאָלער אויף קליינע הוצאות, מיט וועלכע דו קענסט מאַכן וואָס דו ווילסט, אָבער איך האָב קיין טאַשן־געלט ניט. דאַרף איך אויף טאַבאַק, מוז איך ביי דיר בעטלען. ביסטו דען ניט פרייער פאַר מיר.

געענטפערט האָט זי ניט, האָט אָבער געפּרווט נאָכדענקען.

דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז זי איז געקומען צום באַ־שלוס, אַז זיי מוזן האָבן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט. און זיי האָבן זיך איינגעשאַפט אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט.

— טייערע פריינדין, — האָט מרס. בלאַקוואָאָד אַ קורצע צייט נאָכדעם געשריבן צו אירע אַ פריינדין,—איך לייד און בין אויסגעמאַטערט. אָבער איך וויל ביז צום סוף ליידן, ווארעם דאָס לעבן קען מיר, אַן אומגליקלעכע, וואָס האָט פאַר זיך קיין ציל ניט, שוין מער גאָרנישט געבן. איך וויל דער וועלט באַווייזן, אַז איך

געהער צו יענע, וואָס לעבן ניט פון זייער מאַנס חסדים, און איך וויל דעריבער אַרבעטן, טויט־שווער אַרבעטן.

דעם ערשטן טאָג איז זי אויפגעשטאַנען ניין אַ זייגער און האָט אויפגעראַמט דעם מאַנס צימער. נאָכדעם האָט זי אָפּגעזאָגט די קעכין און איז עלף אַ זייגער אַוועק אין מאַרק איינקויפן.

אַז דער מאַן איז איינס אַ זייגער געקומען צו מיטאָג אַהיים — איז דער מיטאָג נאָך ניט געווען פאַרטיק. שולדיק דערין איז נאַטירלעך געווען די דינסטמיידל.

די ווייב איז געווען מוראדיק מיד און האָט געוויינט. דער מאַן האָט קיין האַרץ ניט געהאַט צו באַקלאָגן זיך. ער האָט אויפגעגעסן אַ צוגעברענטן קאָטלעט און איז ווידער אַוועק. אָבער ער האָט נאָך צוגעגעבן:

— זע, אַרבעט ניט איבער די כּוחות, מיין קינד!

אינאָוונט איז די ווייב געווען אַזוי מיד, אַז זי האָט גע־מוזט אַ טייל פון דער אַרבעט איבערלאָזן און צען אַ זייגער זיך לייגן אין בעט.

צומאָרגנס, ווען מר. בלאַקוואָאָד האָט איר אָפּגעגעבן דעם גוט־מאָרגן, איז ער געווען פאַרחידושט פון דער געזונטער פאַרב אין איר פּנים.

— ביסטו גוט געשלאָפן? — האָט ער געפרעגט.

— ווי אַזוי?

— איך געפין, אַז דו זעסט זייער גוט אויס.

— איך — זע — געזונט — אויס?

— יאָ, ווי עס שיינט, האָט דיר דאָס ביסל אַרבעט זייער וואויל באַקומען.

— אַ ביסל? דו רופסט עס אַ ביסל. אויב דאָס איז אַ ביסל, וואָלט איך גערן געוואוסט, וואָס איז ביי דיר אַ פולע?

— נו, מילא, איך האָב דערביי קיין שלעכטע כּוונה ניט געהאַט.

— ניין, דו מיינסט, אַז איך אַרבעט נאָך צו ווייניק. און איך האָב דאָך ווי אַ דינסטמיידל דיין צימער אויפגעראַמט און

בין ווי אַ קעכין ביי דער פּליטע געשטאַנען. אפשר קענסטו ליי־קענען, אַז איך בין דיין דינסטמיידל?

ווען דער מאַן איז אַוועק, האָט ער געזאָגט צו דער דינסט־מיידל:

— איר מוזט אויפשטיין 7 אַ זייגער און אויפראַמען מיין צימער. מיין ווייב זאָל ניט דאַרפן טאָן אייער אַרבעט.

אינאָוונט איז מר. בלאַקוואָאָד געקומען אויפגעלייגט אַהיים; אָבער די ווייב איז געווען ברוגז.

פאַרוואָס טאָר איך עפּעס דיין צימער ניט אויפראַמען? — האָט זי געפרעגט.

— ווייל איך וויל ניט, דו זאָלסט זיין מיין דינסטמיידל.

— פאַרוואָס ווילסטו דאָס עפּעס ניט?

— ווייל איך האָב דערפון יסורים!

— אָבער דו האָסט גאָר קיין יסורים ניט, ווען איך קאָך פאַר דיר עסן און מוז אַכטונג געבן אויף דיינע קינדער.

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרקלערט.

פאָרנדיק מיטן טראַמוויי קיין ברוקלין, איז דער קאָפּ ביי אים געווען פול מיט אַלערליי געדאַנקען און ספקות.

אינאָוונט, קומענדיק אַהיים, האָט ער זיך צו עפּעס דער־טראַכט.

— הער נאָר צו, מיין קינד, איך האָב פיל געטראַכט אי־בער דיין מצב אין שטוב, און וויל ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דו זאָלסט מיין דינסט זיין. איך האָב דעריבער אָט וואָס צוגעטראַכט

איך דינג ביי דיר פולע פּאַנסיאָן און באַצאָל פאַר זיך. וועסטו אַלזאָ זיין די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב און איך בין ביי דיר אויף קעסט פאַר אַ געוויסע סומע.

— וואָס מיינסטו דערמיט? — האָט זיין ווייב געפרעגט אַ ביסל אומרואיק.

— ווי איך האָב געזאָגט, שטעל דיך פאָר, אַז דו האַלסט אַ פּענסיאָן און איך דינג ביי דיר אַ צימער מיט קעסט. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַ משל.

— גוט! וואָס ביסטו גרייט צו צאָלן?

— איך וויל, פאַרשטייט זיך, באַצאָלן אַזויפיל, אַז דו זאָלסט בשום אופן צו מיר ניט צולייגן, דורכדעם וועט אויך מיין מצב אין שטוב אַ סך אָנגענעמער ווערן, איך וועל ניט מוזן אָנקומען צו דיין חסד.

— חסד?

— יאָ, אָפט דערלאַנגסטו אַ האַלב רויען מיטאָג צום טיש און דערביי הערסטו ניט אויף צו טענהן, אַז דו ביסט מיין דינסט, דאָס הייסט, דו פטרסט אויף מיר דיינע גאַנצע כוחות.

— וואוהין פאַרקריכסטו?

— דריי דאָלאַר טעגלעך וועלן גענוג זיין פאַר מיין פענ-סיאָן? אין אַ פענסיאָן צאָלט מען געוויינלעך נאָר צוויי דאָלאַר.

— דריי דאָלאַר וועלן מסתמא קלעקן.

— גוט, דאָס מאַכט אויס יערלעך אַ קיילעכדיקע סומע פון 1000 דאָלאַר. אָט האָסטו זיי פאָראויס!

און ער האָט אַוועקגעלייגט אַ רעכענונג אויפן טיש.

— אָט האָסטו דעם חשבון:

| | | |
|---|---|---|
| דירה-געלט . . . . . . . . . . | 500 | דאָלאַר |
| געהאַלט פאַר דער קינדער-מיידל . | 100 | " |
| געהאַלט פאַר דער קעכין . . . . | 150 | " |
| חיונה פאַר דער ווייב . . . . . . . | 500 | " |
| קליידונג פאַר דער ווייב . . . . . | 500 | " |
| חיונה פאַר דער קינדער-מיידל . | 300 | " |
| חיונה פאַר דער קעכין . . . . . . | 300 | " |
| חיונה פאַר די קינדער . . . . . . | 700 | " |
| קליידונג פאַר די קינדער . . . . | 500 | " |
| האָלץ, ליכט, הילף . . . . . . . . | 500 | " |
| | 4050 | דאָלאַר. |

— צעטייל דידאָזיקע סומע אויף צוויי, ווייל מיר זיינען צוויי גלייכע טיילן, בלייבט אַ סומע פון 2025 דאָלאַר. נעם אַראָפּ מיינע 1000 דאָלאַר און גיב מיר רעשט 1025 דאָלאַר. האָסטו ביי זיך, איז אַוודאי גוט.

— מיר זיינען צוויי גלייכע טיילן! דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס די ווייב האָט געקענט אַרויסריידן. זאָל איך דיר נאָך אויסצאָלן?

— יאָ, אַוודאי, אויב דו ווילסט גלייכהייט. איך באַצאָל די העלפּט הוצאות פאַר מיר און פאַר די קינדער. אָבער דו ווילסט, אַז איך זאָל פאַר אַלץ באַצאָלן? גוט. איך באַצאָל אַלזאָ 4050 דאָלאַר פּלוס 1000 דאָלאַר פאַר מיין פּענסיאָן. אָבער איך באַצאָל אַחוצדעם באַזונדער פאַר דירה, עסן, באַלייכטונג, האָלץ, באַדינונג. און וואָס באַקום איך פאַר מיין פּענסיאָן? דאָס עסן צוגעריכט? דאָס עסן צוריכטן פאַר 4050 דאָלאַר? נעם איך טאַקע אַראָפּ די העלפּט, ד. ה. די סומע, וואָס איך בין באמת שולדיק, 2025 דאָלאַר, בלייבט אַ סומע פון 2025 פאַר דער צוריכטונג פון עסן, אָבער אַזוי ווי איך באַצאָל דאָך דער קעכין באַזונדער פאַרן קאָכן, ווי אַזוי זאָל איך נאָך באַצאָלן 2025 פאַר דער צוריכטונג פון עסן, און דערצו נאָך 1000 דאָלאַר איבעריקע?

— איך פאַרשטיי דאָס ניט!

— אמת, איך אויך ניט. אָבער איך ווייס נאָר, אַז איך בין דיר גאָרניט שולדיק, אויב איך האַלט אויס דיך מיט דיינע קינדער מיט דיינע דינסטן אינגאַנצן אויף מיין חשבון. איך האַלט אויס דיינע דינסטן, וואָס מאַכן די אַרבעט פאַר דיר, וואָס שטייט, לויט דיין מיינונג, אויף איין מדרגה מיט מיין אַרבעט אָדער שטייגט זי נאָך אַריבער. און ווען אַפילו דיין אַרבעט וואָלט אַ גרעסערן ווערט געהאַט, האָסטו דאָך נאָך דערצו באַזונדער 500 דאָלאַר, וואָס גייט ניט אַריין אין חשבון פון די שטוב-הוצאות, בעת איך האָב גאָרניט, וואָס גייט ניט אין חשבון פון דער באַלעבאַטישקייט.

— איך חזר איבער נאָכאַמאָל, אַז איך פאַרשטיי ניט דיין רעכענונג.

— איך פאַרשטיי זי אויך ניט! דעריבער וואָלט אפשר בעסער געווען, ווען מיר לאָזן דערוויייל דעם ענין פּענסיאָן. דאָס איז אפשר גלייכער. מיר שטעלן פּשוט צונויף די הכנסה און

הוצאה פון דער באַלעבאַטישקייט. ווילסטו זיך באַקענען מיט דיין קאָנטאָ, אָט האָסטו עס:

מרס. בלאַקוואָאָד פאַר הויז־אַרבעט.

מרס. בלאַקוואָאָדס קעכין און קינדער־מיידל באַצאָלט:

| | | |
|---|---|---|
| חיונה מיט דירה . . . . . . . . . | 1000 | דאָלאַר |
| קליידער . . . . . . . . . . . . . | 500 | " |
| פאַרגעניגונגען . . . . . . . . . . | 100 | " |
| קליינע הוצאות מזומן . . . . . . . | 500 | " |
| חיונה פאַר אירע קינדער . . . . . . | 1200 | " |
| און דערציאונג . . . . . . . . . . | 600 | " |
| פאַר די דינסטמיידלעך, וואָס מאַכן פאַר איר די אַרבעט . . . . . | 850 | " |
| | 4750 | דאָלאַר. |

באַצאָלט: מר. בלאַקוואָאָד. ווערף־דירעקטאָר.

— אַך, עס איז אַ חרפה צו קומען צו דער ווייב מיט חשבונות.

— מיט קעגן־חשבונות! און דו דאַרפסט אויך די חשבונות ניט באַצאָלן, ווייל איך באַצאָל אַלע רעכענונגען.

די ווייב האָט געכאַפּט דעם חשבון און האָט צעקנייטשט אין האַנט.

— זאָל איך אויך באַצאָלן פאַר דער דערציאונג פון דיינע קינדער?

— ניין, איך וועל באַצאָלן און איך צאָל, און איך באַצאָל פאַר דער דערציאונג פון דיינע קינדער אויך. אָבער דו באַצאָלסט אַפילו קיין סענט ניט פאַר מיינע קינדער. איז דאָס גלייכהייט! אָבער איך נעם אַראָפּ די סומע פאַר חיונה פאַר דעם דינסט־פּערסאָנאַל און פאַר מיינע קינדער, קומט אויס אַז פאַר דער הילף, וואָס דו העלפסט אין שטוב מיין דינסט־פּערסאָנאַל, באַקומסטו 2100 דאָלאַר. ווילסטו אפשר נאָך באַרעכענונגען?

זי האָט מער קיין חשבונות ניט געוואָלט, מער קיינמאָל ניט!

---

# דער ברויט־געבער.

ער כאַפּט זיך אויף אינדערפרי פון בייזע חלומות וועגן פּראָטעסטירטע וועקסלען און ניט צוגעשטעלטע מאַנוסקריפּטן. אַ קאַלטער שווייס באַדעקט זיין שטערן, און ער ציטערט מיט אַלע אברים, ביז ער טוט זיך אָן. פון צווייטן צימער דערהערט ער די קולות פון די קינדער און ער וואַשט זיין הייסן קאָפּ אין קאַלטן וואַסער. ער טרינקט קאַווע, וואָס ער אַליין קאָכט אויף, כדי ער זאָל חלילה ניט אויפוועקן אַזוי פרי, אַכט אַ זייגער, די דינסט־מיידל נעבעך. נאָכדעם פאַרבעט ער זיין בעט, פּוצט אָפּ די קליידער און זעצט זיך אַוועק שרייבן.

עס כאַפּט אים אָן אַ קדחת, אַ מין קדחת, וואָס דאַרף אַרויס־רופן אַ פאָרשטעלונג פון צימערן, וואָס ער האָט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, פון פּייזאַזשן, וואָס זיינען אויף דער וועלט ניטאָ, פון מענטשן, וואָס מ׳געפינט זייערע נעמען ניט אין אַדרעסן־בוך. ער זיצטביים שרייב־טיש אין הוילע טויט שרעק. די געדאַנקען מוזן קלאָר זיין, דייטלעך און מאָלעריש, די האַנט־שריפט לייכט צום לייענען, די האַנדלונג מוז זיך גלאַט קייטלען, דער אינטערעס טאָר ניט אָפּשוואַכן, די בילדער מוזן זיין קלאָרע און בולטע, די דיאַלאָגן קורץ און שאַרף. אָט זעט ער שוין דעם שמייכל אויפן פּנים פון עולם־גולם, וועלכן ער מוז אָנדרייען ווי מ׳דרייט אָן אַן אַוטאָמאַט. די קריטיקער מיט דער פאַרביסענער קנאה אין האַרצן, וועלכע ער מוז גובר זיין, דעם אָנגעדרולדטן פּנים פון פאַרלעגער, וועלכן ער מוז משמח זיין. אָט זעט ער די מיטגלידער פון געריכט, וואָס זיצן ביי אַ שוואַרצן טיש, אויף וועלכן עס ליגט די ביבל. ער הערט ווי עס עפענען זיך די טירן

פון דער תפיסה, וואו די פריידענקער מוזן אָפּקומען פאַר זייערע זינד. ער האָרכט די שטילע טריט פון האָטעל־ווירט, וואָס קומט מיט דער רעכענונג אין האַנט.

און די קדחת שטאַרקט זיך, די פּען לויפט, לויפט איר וועג, ניט אָפּהאַלטנדיק זיך ביים אָנבליק פון די פאַרלעגער און ריכטער און לאָזט נאָך זיך רויטע שטרייפן, ווי ריזעלעך בלוט, וואָס פאַרגליווערן נאָכדעם און ווערן שוואַרץ.

אויפהייבנדיק זיך נאָך צוויי שעה אַרבעט, בלייבט אים נאָך קוים כּוח אויף צוגיין צום בעט און לייגן זיך. נאָכדעם ליגט ער דאָ ווי אַ טויטער. דאָס איז ניט דער שלאָף, וואָס פרישט אָפּ, נאָר אַ מין הינער־פּלעט. דאָס איז אַ דווער־נדיקע אוממאַכט, אָבער ביים פולן זינען; ער ווייס מיט אַ שרעק אין האַרצן, אַז די כּוחות זיינען אויסגעשעפּט, די נערוון צעשרויפט, דער מוח אויסגעזויגט.

פלוצלונג קלינגט דאָס גלעקל. דער בריוו־טרעגער!

ער הויבט זיך אויף און גייט, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, צום טיר. ער באַקומט אַ סך פּאָסט; אַ קאָרעקטור, וואָס מ׳מוז תיכּף לייענען; אַ בוך פון אַ יונגן שרייבער, וואָס בעט אַ מיינונג אַרויסזאָגן; אַ צייטונג מיט אַ פּאָלעמישן אַרטיקל, אויף וועלכן מ׳דאַרף ענטפערן; אַ בריוו מיט אַ בקשה מיטצואַרבעטן אין אַן אַלמאַנאַך; צום סוף קומט אַ התראה פון פאַרלעגער. אָט דאָס אַלץ מוז אַ מענטש אָן כּוחות אָפּפּטרן.

דערווייל איז די דינסטמיידל אויפגעשטאַנען, האָט אָנגעטאָן די קינדער, געטרונקען קאַווע, וואָס דאָס האָטעל האָט פאַר איר געקאָכט, און געגעסן ברויט מיט האָניק, וואָס דאָס האָטעל האָט פאַר איר אָנגעשמירט. נאָכדעם גייט זי שפּאַצירן אין דער פרישער לופט.

איינס אַ זייגער קלינגט מען צו מיטאָג. אַלע געסט קומען זיך צונויף אַרום דעם טיש. ער אויך; אַליין.

— וואו איז אייער ווייב? פרעגט מען אים פון אַלע זייטן.

— כ׳ווייס אַליין ניט, ענטפערט ער.

— אַ פּאַרזעעניש אַ ביסל! סודען זיך די דאַמעס, וואָס האָבן זיך דאָ־ערשט אָנגעטאָן אין זייערע קאַפּאָטן.

עס קומט זיין ווייב. די סאַרווירונג ווערט צוליב איר אַ ביסל אָפּגעשטעלט, און די הונגעריקע, וואָס זיינען געקומען פּונקט צו דער צייט, מוזן וואַרטן אויפן צווייטן געריכט.

די דאַמעס פרעגן די ווייב, ווי עס גייט איר: צי האָט זי גוט געשלאָפן, ווי זי פילט זיך בכלל. קיינעם אָבער פאַלט ניט איין צו פרעגן ווי עס גייט דעם מאַן. אַפּנים, פאַר זיי איז דאָס קלאָר פון פריער.

— ער האָט אַ פּנים פון אַ פּגר, — זאָגט אַ דאַמע.

אַזאַ פּנים האָט ער טאַקע.

— קענטיק, אַ מענטש, וואָס האָט אַ סך געזינדיקט, זאָגט אַ צווייטע דאַמע.

און דאָס איז ער גראָד ניט.

ער רעדט ווייניק ביים טיש, וואָרעם ער האָט ניט וואָס צו ריידן מיט די דאַמעס. זיין ווייב רעדט שוין פאַר אים אויך.

ער שטיקט זיך מיט יעדן ביסן, און האָט דערביי נאָך די הנאה צו הערן ווי אַלץ, וואָס נישטיק און נאַריש, ווערט געריימט און אַלץ, וואָס פיין און גוט, ווערט געמאַכט צו בלאָטע.

אויפשטייענדיק פון טיש, בעט ער די ווייב אויף אַ פּאָר ווערטער.

— קענסט אפשר אַזוי גוט זיין און שיקן לואיזען מיט מיין ראָק צום שניידער; אַ נאָט האָט זיך אויפגעטרענט, און איך האָב קיין צייט ניט צו גיין אַליין.

זי ענטפערט גאָרנישט; אָבער אָנשטאָט צו שיקן לואיזען, נעמט זי אַליין דעם ראָק אויפן אָרעם און גייט אַראָפּ אין דאָרף, וואו דער שניידער וואוינט.

אין גאָרטן טרעפט זי אָן עטלעכע עמאַנציפּירטע דאַמעס, וואָס פרעגן זי וואוהין זי גייט.

זי זאָגט אויף וויפל עס לאָזט זיך גאַנץ אָפן אַרויס, אַז זי גייט פאַר איר מאַן צום שניידער.

— צום שניידער שיקט ער זי! ער באַגייט זיך מיט איר ווי מיט אַ דינסט־מיידל.

— און ער ליגט זיך דאָרט איצטער אין בעט און כאַפּט אַ דרעמל נאָכמיטאָג. אַ רעכטער מאַן!

ער שלאָפט באמת נאָך מיטאָג, מחמת ער איז זייער בלוט־אָרעם.

דריי אַ זייגער קלינגט ווידער דער פּאָסטאַליאָן. איצטער האָט ער צו ענטפערן דריי בריוו: איינעם קיין בערלין אויף דייטש, איינעם קיין פּאַריז אויף פראַנצויזיש און איינעם קיין לאָנדאָן אויף ענגליש.

נאָכדעם פרעגט די ווייב, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון שניידער און האָט שוין אויסגעטרונקען אַ גלעזל קאָניאַק, צי וויל ער ניט מאַכן אַ שפּאַציר מיט די קינדער. ניין, ער מוז בריוו שרייבן.

נאָכדעם ווי ער ענדיקט די בריוו שרייבן שטייט ער אויף און לאָזט זיך אויפן שפּאַציר פאַרן עסן. ער וואָלט זיך איצט גערן מיט עמיצן דורכגעשמועסט אַ ביסל. אָבער ער איז אַליין. ער גייט אַראָפּ צו די קינדער.

די דיקע קינדערמיידל זיצט אויף אַ גאָרטן־שטול און לייענט די „אמתע פרויען" פון מאַדאַם לעפלער, וואָס זיין ווייב האָט איר געגעבן. די קינדער לאַנגווייליקן זיך און ווילן גיין ווייטער, אַ ביסל זיך באַוועגן.

— פאַרוואָס גייט איר ניט שפּאַצירן מיט די קינדער, לואיזע? — פרעגט ער.

— די מאַדאַם האָט געזאָגט, אַז עס איז צו הייס.

די מאַדאַם האָט געזאָגט!

ער נעמט די קינדער און גייט מיט זיי צום טראַקט. ער זעט זיך אָבער אַרום, אַז זיי זיינען ניט געוואַשענע און גייען אין צעריסענע שיך. ער קערט זיך אום.

— פאַרוואָס טראָגן די קינדער צעריסענע שיך, פרעגט ער לואיזען.

— די מאַדאַם האָט געזאָגט...

די מאַדאַם האָט געזאָגט!

ער גייט אַליין שפּאַצירן.

זיבן אַ זייגער איז מען גרייט צום עסן. די יונגע דאַמעס זיינען נאָך ניט געקומען אַהיים, נאָכדעם ווי מ׳האָט שוין סער־ווירט די ערשטע צוויי געריכטן קומען זיי אָן; מיט ליאַרעם און געלעכטער און רויטע פּנימער.

זיין ווייב מיט אירע פריינדינס זיינען באַזונדערס אויפ־געלייגט און עס גיט פון זיי אָפּ מיט קאָניאַק.

— וואָס האָסטו געמאַכט ביז אַצונד,—פרעגט זי איר מאַן.

— איך בין געגאַנגען מיט די קינדער שפּאַצירן, — זאָגט ער.

— איז דען לואיזע ניט געווען אינדערהיים?

— יאָ, אָבער זי האָט קיין צייט ניט געהאַט.

— ווער זאָל זיך מיט די קינדער פאַרנעמען, אויב ניט דער אייגענער טאַטע?—זאָגט אַ פריינדין.

— אַוודאַי זאָרג איך פאַר מיינע קינדער, דערפאַר טאַקע האָט לואיזע ביי מיר געקראָגן אַ פּאָרציע, וואָס זי לאָזט די קינ־דער ניט געוואַשענע און אָפּגעריסענע אַרומגיין.

— קומסט אַהיים — איז אייביק מיט די אויסריידן. קענסט קיינמאָל אַ ברעקל פאַרגעניגן ניט האָבן זאָלסט נאָכדעם ניט אויסקרענקען!

און אַ קליין פּערלדיק טרערעלע רינט שטילערהייט אַרויס פון אויג.

די פריינדין און די אַנדערע דאַמעס וואַרפן אויפן מאַן אַ בייזן בליק.

מ׳גרייט זיך מאַכן אַן אָנפאַל אויף אים; די פריינדין שאַרפט שוין די ציינדלעך.

— האָט ווער פון אייך געלייענט לוטערס מיינונג מכוח דאָס רעכט פון דער פרוי? — הויבט זי אָן.

— וואָס פאַר אַ רעכט? — פרעגט זיין ווייב.

— אויסצוזוכן זיך אַן אַנדער מאַן, אויב איר מאַן געפעלט איר ניט.

אַ שווייגעניש.

— אַ געפערלעכע טעאָריע פאַר די ווייבער, זאָגט דער מאַן. דערפון איז דאָך געדרונגען, אַז אויך דער מאַן קען זיך זוכן אַן אַנדער ווייב, אויב זיין ווייב געפעלט אים ניט. דער לעצטער פאַל קען אָפטער פאָרקומען.

— איך פאַרשטיי דאָס ניט, זאָגט זיין ווייב.

— ניט איך. ניט לוטער זיינען דערין שולדיק,—ענטפערט דער מאַן. — פונקט אַזוי ווי דער מאַן איז עפּעס שולדיק, אויב ער געפעלט ניט זיין ווייב. גראָד אַן אַנדערע קען ער יאָ געפעלן.

ביי אַ טויטע שטילקייט שטעלן זיך אַלע אויף פון טיש.

דער מאַן גייט אַריין אין זיין צימער. זיין ווייב און די פריינדין זעצן זיך אין פאַוויליאָן.

— אַ גראָבקייט אַ ביסל! — באַמערקט די פריינדין, — און דו, אַזאַ איידעלע, אינטעלעגענטע פרוי, ווילסט זיין אַ דינסטמויד ביי דעם עגאָאיסטישן גראָבן־יונג!

— ער האָט מיך קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען, — זיפצט די ווייב.

איר הנאה פון זיך אַליין, וואָס זי קען מיט אַזאַ ביטול ריידן פון איר מאַן, איז אַזוי גרויס, אַז זי פאַרגעסט דערביי דעם ענטפער, וואָס זי הערט אַזוי אָפט פון איר מאַן אויף דער אייגענער טענה:

— ניט שוין־זשע ביסטו טאַקע אַזוי טיף, אַז איך, אַ מענטש מיט אַ גוטן קאָפּ, קען דיר ניט פאַרשטיין? האָסטו כאָטש אַמאָל אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז דיין פלאַכקייט שולדיק דערין, וואָס דו פאַרשטייסט מיך ניט!

ער זיצט ביי זיך אין צימער, אַליין. ער פייניקט זיך, וואָס ער האָט איר פוגע בכבוד געווען, אַזוי ווי ער וואָלט אויף זיי מאַמען אַ האַנט אויפגעהויבן. יאָרן־לאַנג האָט זי אים באַליידיקט און קיינמאָל פון אים קיין ענטפער ניט באַקומען.

אָט די גראָבע, ציניש פרוי אָן אַ האַרץ, וועלכער ער האָט זיך געוואָלט איבערענטפערן מיט זיין גאַנצער נשמה, מיט

אַלע געדאַנקען, מיט די איידלסטע געפילן, זי האָט דערפילט זיין גרעסערע ווערדע און האָט אים דערפאַר דערנידעריקט, אַריינגעשלעפּט אין בלאָטע, געשענדט און מבזה געווען. איז דאָס אַ חטא פון זיין זייט, וואָס ער האָט איר כאָטש איינמאָל געענט־פערט בשעת זי האָט פון אים בפרהסיא חווק געמאַכט? נאָר ער האָט זיך געפילט אַזוי שולדיק אַזוי ווי ער וואָלט דערהרגעט זיין בעסטן פריינד.

דער וואַרימער זומער־פאַרנאַכט ווערט טונקעלער און די לבנה גייט אויף.

פון סאַלאָן דערטראָגט זיך אַ געזאַנג. ער גייט אַרונטער אין גאָרטן און זעצט זיך אויף אַ באַנק. אַליין! ער הערט זיך צו צום געזאַנג אונטער אַקאָמפּאַנימענט פון קלאַוויר.

ער איז דורכגעגאַנגען דעם גאָרטן און האָט אַריינגעקוקט אין די פענסטער. אָט זיצט זי זיין חלום, זיין פאַנטאַזיע. זינגט מיט טרערן אין שטים. די דאַמעס אויף די זאָפעס קוקן זיך דער־ביי איבער מיט אַ באַדייטונגספולער מינע.

אָבער הינטער די לאָרבער־קוסטעס זיצן צוויי הערן און ריידן שטילערהייט צווישן זיך. ער האָט זיך צוגעהערט:

— דער קאָניאַק זינגט אין איר.

— יאָ, מ׳זאָגט, אַז זי טרינקט.

— און מ׳זאָגט, אַז דער מאַן איז שולדיק.

— דאָס איז אַ חרפה. די תורה פון טרינקען האָט זי שוין געלערנט ביי יוליאַנען אין אַטעליע. דו ווייסט, זי האָט געוואָלט ווערן אַ מאַלערין, האָט אָבער ניט געיכולט, און נאָכדעם, ווי מ׳האָט איר אָפּגעזאָגט פון דער אויסשטעלונג, האָט זי אים אַריינ־געצויגן אין איר נעץ, אָט דעם שלימזל נעבעך, און האָט פאַר־באָרגן איר מפלה הינטער אַ חתונה.

— יאָ, כ׳האָב געהערט דערפון. און זי האָט אים אַזוי גע־פייניקט, אַז עס איז פון אים געבליבן ניט מער ווי אַ שאָטן. זיי האָבן גלייך איינגעפירט אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט, און הגם זי האָט אין פאַריז געהאַלטן צוויי דינסטמיידלעך, האָט זי פונ־דעסטוועגן אייביק געטענהט, אַז זי איז ביי אים אַ דינסט. הגם

זי אַליין איז געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב, האָט זי פאָרט געטענהט, אַז זי איז שקלאַפין. זי האָט פאַרוואָרלאָזט דאָס הויז, די דינסטן האָבן אַלץ צעטראָגן פון שטוב, און ער האָט פאַראויסגעזען זיין חורבן און האָט גאָרנישט געקענט מאַכן. האָט ער שוין יאָ עפּעס אויסגעפונען אַן עצה, האָט זי ניט דער־לאָזן. האָט ער געזאָגט שוואַרץ, האָט זי געוואָלט ווייס. דערמיט האָט זי אין אים דערשטיקט דעם ווילן און רואינירט זיין טאַלאַנט. און נאָכדעם זיינען זיי אַריבער אין אַ פּענסיאָן, כּדי זי זאָל ניט דאַרפן אויף זיך טראָגן די משא פון דער באַלעבאַטישקייט און זאָל זיך קענען אָפּגעבן אינגאַנצן איר קונסט. איצט אָבער, ניט האָבנדיק אויף זיך קיין זאָרג פון קאָכן אָדער עפּעס אַנדערש־וואָס, נעמט זי דעם פּענזל אין האַנט ניט אַריין, און טוט נאָר און אַמיזירט זיך מיט איר פריינדין. זי האָט געהאַט בדעה אים אויך אָפּצוציען פון זיין אַרבעט, צוגעוויינען אים צום שיכורן, כּדי אים צו דערנידעריקן דורכדעם; דאָס האָט זיך איר אָבער ניט איינגעגעבן; דערפאַר האָט זי אים פיינט, וואָרעם ער האָט זיך אַרויסגעוויזן מאָראַליש אַ סך העכער פאַר איר.

— אָבער ווי אַ מאַנסביל, מוז ער פאָרט ניט זיין קיין אי־בעריקער חכם, האָט דער צווייטער געענטפערט.

— יאָ, אפשר אין אָט דעם פונקט, אָבער דאָ זיינען מיר ליידער, אַלע מענער גלייך. ער איז נאָך עד־היום נאָך צוועלף לאַנגע יאָר, פאַרליבט אין איר. אָבער ערגער פאַר אַלץ איז, וואָס דער אייגענער מענטש, וואָס איז פריער אַזוי שטאַרק גע־ווען, פאַר וועמעס וואָרט מ׳האָט אין דער עפנטלעכקייט און אין פאַרלאַמענט מורא געהאַט, הייבט איצט אָן שוואַך צו ווערן. כ׳האָב גראָד היינט פאַר מיטאָג גערעדט מיט אים, און ער איז מיר עפּעס, לפּחות געזאָגט, ניט מיט אַלעמען.

— יאָ, מ׳זאָגט, אַז זיין ווייב האָט אים געוואָלט אַריינברענ־גען אין משוגעים־הויז, און איר פריינדין האָט איר דערביי גע־האָלפן.

— און ער זיצט און לאָזט זיינע כּוחות, כּדי זי זאָל קע־נען הוליען.

— ווייסטו פאַרוואָס זי האָט אים מער פאַר אַלץ פיינט? מחמת ער קאָן זי ניט אַזוי פאַרזאָרגן ווי איר ווילט זיך. אַ מאַן, וואָס קען ניט פאַרזאָרגן זיין ווייב, ce n'est pas grande chose, האָט זי אַנומלסט געזאָגט ביים מיטאָג. איך האָב אַ גרונד משער צו זיין, אַז זי האָט אויף אים אַמאָל שטאַרק געהאָפט, אַז ער וועט זי פאָפולער מאַכן אַלס מאָלערין. צום אומגליק האָבן אים די פאָליטישע אָנזיכטן ניט דערלאָזן קיין התקרבות מיט די טאָן־געבנדיקע צייטונגען; דערצו האָט ער אויך ווייניק פאַרקערט מיט די קינסטלער, ווייל זיינע אינטערעסן זיינען געווען גאַנץ אַנ־דערע.

— זי האָט אים פשוט געוואָלט אויסניצן, אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך ניט געלאָזן אויסניצן, האָט זי אויף אים אַן אומחן געוואָרפן. נאָר אַפנים, אַז פאַר אַ פאַמיליע־פאַרזאָרגער קען מען אים נאָך אַלץ ניצן.

„איצט אָבער מוז איך אויסוויינען
די טרערן פון בענקשאפט און קומער".

האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג פון סאַלאָן.

— פּאַף, האָט מיטאַמאָל אָפּגעהילכט הינטער אַ בוים, צווייגן האָבן געקנאַקט און דער זאַמד האָט געסקריפּעט.

די הערן זיינען אויפגעשפּרונגען.

אויפן וועג איז געלעגן אַ פיין־געקליידטער בר־מינן, אָנ־געשלאָגן מיטן קאָפּ אָן אַ פּוס פון אַ באַנק.

דער געזאַנג האָט אויפגעהערט און די דאַמעס זיינען אַרויסגעלאָפן.

די פריינדין האָט אָנגעהויבן שפּריצן מיט אָדעקאָלאָן אויפן טויטן.

— אוי, ער איז טויט, האָט זי געזאָגט, האָט זיך אָפּגע־רוקט און צוגעהאַלטן די נאָז מיטן האַנט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַרומגעזוען, אַז עס איז גאָר קיין חלשות ניט.

דער עלטערער פון די מענער, וואָס האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טויטן, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געזאָגט:

— שטיל זאָל זיין, ווייבער!

— אַ גראָבקייט אַ ביסל! האָט געזאָגט די פריינדין.

דעם נפטרס ווייב איז געפאַלן אין חלשות, איר פריינדין אָבער האָט איר אויפגענומען אין אירע אָרעמס און די ווייבער זיינען צערטלעך אַרום איר אַרומגעגאַנגען.

— דעם דאָקטאָר ברענגט! האָט געשריען דער עלטערער הער, לויפט גיכער!

קיינער האָט זיך ניט גערירט. אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט דער געחלשטער פרוי.

— אָט איז אַ מאַן, אָט איז אַ מאַן; מ׳זאָל דאָס פאַרשאַפן דער ווייב אַזאַ הארצווייטאָק! — האָט געיאָמערט די פריינדין.

— פון גוסס טראַכט דאָרט קיינער ניט, נאָר פון דער געחלשטער. גיסט איר דאָרט אַריין אין האַלז אַ ביסל קאָניאַק, וועט זי תיכף לעבעדיק ווערן!

— דער מענטש האָט זיין גורל פאַרדינט, האָט די פריינדין געזאָגט.

— ניין, ער האָט פאַרדינט אַ בעסערן גורל ווי אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט אין אַייערע הענט. פע, אַ חרפה, ווייבער. דרך־ארץ פאַר דעם ברויט־געבער.

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט אָפגעלאָזן דעם טויטנס האַנט.

— געעקט! האָט ער געזאָגט.

---

# אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| | זייט |
| אזרא | 3 |
| ליבע און ברויט | 49 |
| אַ מוז | 66 |
| ערזאַץ | 94 |
| סיכסוכים | 106 |
| דער אומנאַטירלעכער אפּקלייב | 125 |
| די רעפאָרם-פּראָבע | 132 |
| אַ נאַטור-מאַניעה | 137 |
| אַ פּופּנהיים | 149 |
| דער פעניקס-פויגל | 175 |
| ראָמעאָ און יוליא | 183 |
| האַרבסט | 188 |
| פרוכטבאַרקייט | 207 |
| אָן ליבע | 221 |
| די פאַרברעכערישע נאַטור | 240 |
| קאָרינאַ | 257 |
| מיט חופה און אָן חופה | 298 |
| דועל | 308 |
| אַ דינסט | 329 |
| דער ברויט-געבער | 336 |